הירשע־דוד קאַץ

# תקני תקנות

## פּראַגן פון יידישער סטיליסטיק



# תקני תקנות

## פראַגן פון יידישער סטיליסטיק


פון

**הירשע־דוד קאַץ**

אָקספאָרדער צענטער פאַר העכערע העברעאישע שטודיעס און

סט. אַנטאָני׳ס קאָלעדזש ביים אָקספאָרדער אוניווערסיטעט


געבויט אויף פרינציפּן וואָס זיינען אויפגעשטעלט

געוואָרן דורך דעם מחברס פאָטער, דעם יידישן פּאָעט

**מעינקע קאַץ**

ז״ל



# אינהאַלט





## וואָס איז אַזוינס סטיליסטיק?





## די ייִדישע סטיליסטיק



## אַרויסרייד





## אָרטאָגראַפֿיע





## צום אויסלייג גופֿא



## ווערטער

❖

## מאָרפאָלאָגיע און זאַץ־בוי





## כלל־שפּראַך און דיאַלעקט אינעם יידיש שבכתב





## פּרינציפּן פון דער יידישער סטיליסטיק



❖



❖





# Amended Amendments
## ISSUES IN YIDDISH STYLISTICS

## Tikney Takones
### FRAGN FUN YIDISHER STILISTIK

by

DOVID KATZ

Woolf Corob Fellow at the
Oxford Centre for Postgraduate Hebrew Studies
and St Antony's College, University of Oxford

based upon principles established by the author's father,
the Yiddish poet

MENKE KATZ
(1906-1991)



OKSFORDER YIDISH PRESS
in cooperation with the
OXFORD CENTRE FOR POSTGRADUATE HEBREW STUDIES

This volume was published through the generosity of
David and Beth Tabatznik
in memory of Yiddish poet and novelist
Mendel Tabatznik
(1894-1975)

OKSFORDER YIDISH PRESS
P.O. Box 567
Oxford OX1 3LL
England

in cooperation with the

OXFORD CENTRE FOR POSTGRADUATE HEBREW STUDIES
45 St Giles
Oxford OX1 3LW
England

ISBN No. 1 897744 00 5



# Contents





## Defining stylistics





## Yiddish stylistics





## Pronunciation



## Orthography





## Orthographic details





## Words





## Morphology and syntax





## Standard and dialect in the written language





## Principles of Yiddish stylistics
















# הקדמה

פראַגן פון ייִדישער סטיליסטיק האָב איך אין די זיבעציקער יאָרן דורכגעשמועסט מיט מײַנע פֿרײַנט, די שרײַבער וואָלף יוניך, י. א. ליסקי און איציק קאָזלאָווסקי; מיט מײַנע לערער שלמה נאָבל און ח. ש. קאַזשדאַן. זיי זײַנען שוין אַלע אויפֿן עולם האמת.

אין משך פון די אַכציקער יאָרן האָב איך אַ סך פון די־אָ ענינים אַדורכגערעדט מיט מײַן קאָלעגע דוב־בער קערלער. אין צוגאָב צו די אוניווערסיטעטישע לימודים האָבן מיר זיבן יאָר צוזאַמענגעאַרבעט אַלס לערער אויף דער אינטענסיווער אָקספֿאָרדער זומער פּראָגראַם, וואו סטיליסטישע פראַגן שטייען כסדר אויפֿן סדר היום.

שוין צוואַנציק יאָר וואָס איך גענים פון אַרומריידן סטיליסטישע ענינים מיט מײַן חבר, קלמן קאַזול. סיי פֿאַר מיר סיי פֿאַר „דורות" ניו־יאָרקער און אָקספֿאָרדער סטודענטן האָבן זײַנע מיינונגען, וואָס ווערן תמיד אויסגעדריקט מיט הומאָר און מיט גוטן מוט, געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע. ס'קען זײַן אַז דאָס איצטיקע בוך איז געבאָרן געוואָרן זומער 1973 ווען מיר האָבן ביידע אָנטיילגענומען אין אַן אַוואַנסירטן סעמינאַר פון ייִדיש אין קאָלאָמביע אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק. נאָך אַ לעקציע וועגן דער „סכנה פון דייטשמעריזמען", האָט קלמן אַ הייב געטאָן די האַנט און ביים לעקטאָר אַ פרעג געטאָן: „און ניִדערטרעכטיקער יונג מעג מען זאָגן?" דאָס וואָרט איז אַזוי געפעלן געוואָרן דעם קלאַס, אַז די בייזע פּראָטעסטן פון לעקטאָר האָבן נאָר פֿאַרשטאַרקט דעם נייגער צום פּרדס פון די „ווערטער אין חרם". דער אינצידענט איז געבליבן אין זכרון ווי אַ מין באַוואָרעניש קעגן אַבסאָלוטיזם אין דער ייִדישער סטיליסטיק.



אַ האַרציקן דאַנק, פֿאַרן קומען צו הילף בײַם אויפֿזאַמלען די מאַטעריאַלן: דער ביבליאָטעק פֿון דער ייִוואָ, און בפֿרט: דינה אַבראַמאָוויטש און משה־זכריה בעקער; דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן ביכער צענטער אין אַמהערסט, און בפֿרט: אהרן לאַנסקי, דזשעפֿרי אַראַנאָווסקי און ניל זאַגאָרין; דער באָדלעיאַנער ביבליאָטעק אין אָקספֿאָרד און דעם אָנפֿירער פֿון איר ייִדאַיִסטישער אָפּטײלונג, ריטשאַרד דזשאָד; דער בריטישער ביבליאָטעק אין לאָנדאָן און דעם ממונה איבער ייִדאַיִסטיק, ברוך־סיני הילל.

בײַם צוגרייטן דאָס בוך האָבן אויף פֿאַרשידענערליי אופֿנים צוגעהאָלפֿן: מאיר באָגדאַנסקי (לאָנדאָן); יאָהאַנעס בראָזי (אָקספֿאָרד); יוסף בר־אל (הוד השרון); איטשע גאָלדבערג (ניו־יאָרק); שמואל היילע (לאָנדאָן); גרשון ווײַנער (ירושלים); הערמאַן זים (פֿירסטענפֿעלדברוק, דײַטשלאַנד); בלומע כ״ץ (סווינציאַן); אברהם ליס (תּל אביב); גענאַדי עסטרייך (אָקספֿאָרד); מאַקס פֿערלאָוו ז״ל (ניו־יאָרק); קלמן קאַהאַן (ניו־יאָרק); רבֿקה קאַין (ניו־יאָרק); מאַרי ראַיט (אָקספֿאָרד); זיסקע שאַפּיראָ (פּאָדבראָדזש); מאיר שוב (ווילנע).

דובֿ־בער קערלער האָט פֿרײַנטלעך איבערגעלייענט דעם מאַנוסקריפּט און געמאַכט וויכטיקע באַמערקונגען. ער האָט אויך צוגעשטעלט זעלטענע מאַטעריאַלן פֿון זײַן רײַכער ביבליאָטעק.

אַ גאָר באַזונדערן דאַנק בין איך שולדיק יצחק לודען, רעדאַקטאָר פֿון די תּל־אָבֿיבֿער לעבנס־פֿראַגן און מחבר פֿונעם מייסטערישן פּערל פֿון גן־עדן. פֿרײַנט לודען האָט איבערגע־לייענט דעם גאַנצן כּתבֿ־יד און פֿאָרגעשלאָגן וויכטיקע אויס־בעסערונגען, סײַ פּראַקטישע, סײַ פּרינציפּיעלע.



קלאָר פֿון זיך אַליין, נאָר בפֿירוש איז בעסער אײדער ברמיזא, בפֿרט בײַ ענינים וואָס זײַנען נוטה למחלוקת: וועלכער ניט איז קרעדיט דאַרף געטיילט ווערן מיט זיי אַלעמען, אָבער — קיין איינער פֿון זיי טראָגט ניט קיין אחריות, ניט פֿאַר דער שיטה, ניט פֿאַר די מיינונגען, און אַוודאי ניט פֿאַר שוואַכקייטן און טעותן.



תּמיד איז טרויעריק, אַז צוויי קלײַבן זיך אָנשרײַבן אַ בוך צוזאַמען, יאָרן לאַנג רעדט מען וועגן תּוכן, מ׳אַמפּערט זיך איבער פּרטים, דאָ גיט מען נאָך און דאָ שפּאַרט מען זיך אײַן, און אַז עס קומט צום סאַמע שרײַבן, דערלעבט ניט איינער. נאָך גרעסער איז מײַן טרויער. מײַן שותּף איז געווען מײַן פֿרײַנט, מײַן טאַטע, דער ייִדישער פּאָעט מאָרדכי קאַין. דער פּלאַן איז געווען מ׳זאָל פֿאַרברענגען צוזאַמען אַ יאָר, בײַ מאָרדכין אין זײַן וואַלד הויז, אין די בערג אַן ערך הונדערט מייל פֿון ניו־יאָרק, אויף צו שרײַבן סײַ אונדזערע באַזונדערע זאַכן, סײַ געוויסע זאַכן אינאיינעם. אָט דאָס בוך האָט מען געוואָלט שרײַבן בשותּפֿות: אַ בוך איבער ייִדישער סטיליסטיק. ווען איך האָב סוף כּל סוף באַקומען אַ יאָר פֿרײַ פֿון לערנען אין אָקספֿאָרד, אין 1991-1992, בין איך באַלד אָנגעקומען צו די עלטערן, ערבֿ פּסח 1991. מײַן ערשטער פּראָיעקט איז דעמאָלט געווען אויסצוזעצן דעם צווייטן באַנד אָקספֿאָרדער ייִדיש. אַ קאָרגן חודש, זיבן און צוואַנציק טעג, זײַנען מיר און אין צימער געזעסן, אָפּטמאָל ביז צוויי אָדער דרײַ פֿאַרטאָג, מאָרדכי אַרבעטנדיק אויף נײַע ייִדישע לידער, איך אויף אָקספֿאָרדער ייִדיש. דעם 24טן אַפּריל 1991 איז מאָרדכי קאַין פּלוצלונג געשטאָרבן, צוועלף טעג נאָך זײַן פֿינף און אַכציקסטן געבוירנטאָג, ניט זײַענדיק קראַנק קיין טאָג אין זײַן לעבן, אַרבעטנדיק איבער זײַן נײַנצנטן בוך, שרײַבנדיק נײַע

לידער ביז צו דער לעצטער רגע. די לעצטע אויסגעענדיקטע לידער זיינען אַריין אין זיינע מעינקעס סאָנעטן, וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק אין 1993.

אין אַ שותּפות וואָס ווערט מקוים, זעען דאָך די שותּפים פֿאַר די אויגן אַ מאַנוסקריפּט, דאַרף קיין רייד ניט גיין וועגן דעם, ווער עס טראָגט די אחריות פֿאַר וואָס, מחמת ביידע פֿאַר אַלין זיינען פֿאַראַנטוואָרטלעך. איך נאַר זיך ניט, אַז אין איצטיקן פֿאַל קען מען אומעטום פֿעסטשטעלן וואו עס ענדיקט זיך מעינקעס און וואו עס הייבט זיך אָן הירשע־דוד. איינס איז אָבער זיכער: די שיטה איז אונדזער ביידנס, ווי זי איז בעל־פּה אויסגעאַרבעט און איבערגעאַקערט געוואָרן אין אונדזערע שמועסן און דעבאַטעס אין משך פֿון צוואַנציק יאָר. די מערסטע שמועסן האָט מען אָפּגעהאַלטן אין אַן אָטאָמאָביל, אַרומפֿאָרנדיק ביינאַכט איבער די וועגעלעך וואָס פֿירן דורך די וועלדער אַרום מעינקעס וואַלד הויז.

אינגאַנצן פֿאַרפֿאַלן געוואָרן זיינען די פֿאָראויסגעזעענע קאַפּיטלעך מעינקעס איבער יידישער פּאָעטיק; איבער דער שפּראַכיקער גאונות פֿון די ניו־יאָרקער יידישע פּאָעטן אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן; איבערן ריטעם פֿון דער יידישער פּראָזע. חבל על דאבדין.



די פֿילאָזאָפֿיע פֿון יידישער סטיליסטיק וואָס קומט אין בוך צום אויסדרוק גיבן מיר איבער אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך. די פֿילאָזאָפֿיע איבערן מהות פֿון בוך גופא, באַשטייט פֿון צוויי יסודות.

ערשטנס: די סטיליסטיק פֿון אַ שפּראַך טאָר ניט בלייבן קיין רשות היחיד, ניט פֿון אַ מענטש, ניט פֿון אַ גרופּע, ניט פֿון אַן



אינסטיטוציע. ס׳דאַרפֿן זיין פֿרייע דיסקוסיעס. ס׳דאַרפֿן אַריים אַרטיקלען און ביכער וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר ניט איין מיינונג, נאָר פֿאַרשידענע מיינונגען. קריטיק און חילוקי דעות דאַרף מען אויסדריקן און בשעת מעשה ניט פֿאַרלירן צום בר פּלוגתא דעם דרך ארץ. יידיש געהערט דאָך ניט קיין איינעם פֿון אונדז, זי געהערט אונדז אַלעמען, מיר געהערן איר. דאָס איז דער זין פֿונעם נאָמען תקני תקנות. דער עצם באַגריף, אַז די יידישע סטיליסטיק האָט שוין אירע פֿעסטע, פֿון משה רבינו אַראָפּגעטראָגענע „תקנות" און געגעבענע אמתן וואָס מ׳טאָר ניט דיסקוטירן, שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ יסודותדיקן טעות, אַ טעות וואָס נייטיקט זיך אין אַ תיקון טעות.

והשנית, סטיליסטיק דאַרף זיין אַ שותּפות געביט צווישן שרייבער, לערער און פֿאָרשער. דערפֿאַר האָט זיך אונדז געדאַכט אַז אַ שותּפות צווישן אַ יידישן פּאָעט מיט אַ יידישן לינגוויסט, ביידע לאַנגיאָריקע לערער פֿון יידיש, זאָל זיין טאַטע און זון, קען מיט זיך פֿאָרשטעלן אַ מוסטער פֿון אָט אַזאַ מין צוזאַמענאַרבעט, צי מ׳איז מסכים צי ניט מסכים מיט דער פֿאָרגעשלאָגענער שיטה. פּאָעטן זיינען די קעניגן פֿון דער שפּראַך, לינגוויסטן — אירע באַשרייבער.

לינגוויסטן האָבן ניט קיין רעכט צו פּרעטענדירן אויף סטיליסטיק אָן דער שותּפות פֿון שרייבער. די־אָ ווערטער פֿון יעקב שטערנבערג, געשריבן וועגן אַ ספּעציפֿישן פֿאַל, קענען אויך דינען פֿאַר אַ פּרינציפּיעלער באַוואָרעניש:

> אין דער דאָזיקער פֿראַגע דאַרף האָבן אַ וואָרט ניט בלויז דער לינגוויסט, נאָר אויך דער שרייבער, ניט וויל מיר, שרייבער, שאַצן ניט, טרויען ניט, חלילה, אייך, לינגוויסטן, אין אייער ביז גאָר וויכטיקן געביט פֿון שפּראַך פֿאָרשונג, נאָר ווייל ווען עס גייט אַ רייד ש פּ ר אַ ך און ל י ט ע ר אַ ט ו ר, פּאַסירט אָפֿט אַז איר.

לינגוויסטן, רעדט וועגן ו ו ע ר ט ע ר, און מיר, שרייבער, וועגן שפּראַך, אָדער נאָך ריכטיקער: איר רעדט וועגן ש פּ ר אַ ך, און מיר — וועגן ס ט י ל [...].

(שטערנבערג 1987: 268)



בשעת ס׳ווערן אין אָטאָ דעם בוך געבראַכט מאַטעריאַלן פֿון סאָוועטישן יידיש פֿון דער תקופֿה צווישן די ביידע וועלט מלחמות, דער עיקר דאָרטן וואו זיי האָבן אַ שייכות מיט פֿראַגן פֿון יידיש בכלל, ווערן כמעט אינגאַנצן אויסגעלאָזן די היינטיקע פּראָבלעמען פֿון יידישער סטיליסטיק אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. דאָס איז בעצם אַ בוך איבער סטיליסטישע פֿראַגן אין די מערבדיקע לענדער, כאָטש פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט ווייניק ענינים זיינען נוגע אויך דעם באַנוץ אין מזרח אייראָפּע. צו אָפֿט איז מען באַגאַנגען אַ טעות דערמיט וואָס מ׳האָט געהאַלטן דעם סאָוועטישן יידיש פֿאַר אַ שטיפֿקינד וואָס דאַרף קומען לערנען „ביי אונדז״. ס׳פֿרייט אונדז געוואָר ווערן אַז אונדזער פֿריינט און קאָלעגע, דער יידישער פּראָזאַאיקער און געלערנטער גענאַדי עסטרייך, האָט גענומען באַאַרבעטן דעם סאָוועטישן יידיש אין זיין אָקספֿאָרדער דאָקטאָר דיסערטאַציע.



און לסוף אַ וואָרט וועגן דער גרונט־הנחה פֿון אַזאַ מין אַרבעט. אַ בוך איבער יידישער סטיליסטיק שטעלט מיט זיך פֿאָר ניט קיין „גלייבן״ וואָס שייך דער צוקונפֿט פֿון יידיש, נאָר אַ: ז י כ ע ר ק י י ט.

ה.־ד. ק.

# וואָס איז אַזוינס סטיליסטיק?

## לינגוויסטיק און סטיליסטיק

לינגוויסטיק איז אַ וויסנשאַפֿט, סטיליסטיק — אַ קונסט.

די לינגוויסטיק סטאַרעט זיך זיין אָביעקטיוו, אויסזוכן דעם „אמת", צי עס גייט אין דער היינטיקער שפּראַך, צי אין דער שפּראַך פֿון אַמאָל; צי אין ברייטע ליניעס, צי אין פּרטי פּרטים. היינט ווייס מען אָבער אַז אין אַלץ איז דאָ סוביעקטיווקייט, אַפילו אין דער כלומרשט פֿאַרוועגנער פֿראַגע: „וואָס וועל איך איצטער גיין אויספֿאָרשן?" (זע פֿעלץ 1990).

סטיליסטיק איז אָבער אָפֿענערהייט סוביעקטיוו, זי אָפּערירט מיט השגות פֿון גוט און שלעכט, שיין און מיאוס, בכבודיק און ניט בכבודיק, ריכטיק און פֿאַלש — עס פּאַסט אָדער עס פּאַסט ניט. סטיליסטיק קומט פֿאָרשלאָגן, איבערצייגן, אַריינפֿירן שינויים אין דעם ווי אַזוי מענטשן ריידן און שרייבן, אין דעם ווי אַזוי זיי באַטראַכטן זייער שפּראַך. די סטיליסטיק קען אויך פּרובירן איבערצייגן מענטשן נ י ט אַריינצופֿירן אַזעלכע און אַזעלכע פֿאָרגעשלאָגענע שינויים. אַזוי צי אַזוי וויל מען א י ב ע ר צ י י ג ן. דער סטיליסט איז אָבער חלילה קיין שאַרלאַטאַן ניט, ער ווענדט אויך אָן אַ קאָנסעקווענטן מעטאָד, מערניט זיין רוּוואַרג איז אַ קולטורעל באַשטימטער. אַז ער קומט מיט

עצות, זאָגט ער באַלד אויף אַן אָרט, אַז דאָס זיינען ע צ ו ת, ער פּרעטענדירט ניט אויפֿן א מ ת.

די סטיליסטיק נעמט אָן פֿאַר אַ יסוד אַז די פּרינצן פֿון סטיל זיינען די גרויסע שרייבער, מחמת ס'איז ניט שייך אָפּצוטיילן דעם שרייבער פֿון זיין שפּראַך. די מאָס איז די עסטעטיק, ניט דער פֿאַקט. פֿאַרוואָס איז שאַגאַל אַ גרויסער קינסטלער בשעת אַזאַ און אַזאַ אַמאַטאָר איז גלאַט אַ פֿאַרב גיסער? צוליב באַגריפֿן פֿון עסטעטיק וואָס עקזיסטירן אין אַ געזעלשאַפֿט, באַגריפֿן וואָס מומחים באַמיען זיך זיי צו באַשרייבן (זע וועגן דעם לודען 1988: 11-37). דאָס זיינען באַגריפֿן וואָס מ'קען אָבער ניט „באַווייזן מיט ראיות" אַז זיי זיינען אמת. ניט אַלץ וואָס איז ניט „באַוויזן אַז ס'איז אמת" איז פֿאַלש. מ'דאַרף נאָר האַלטן פֿאַרן אויג, אַז דאָ האַנדלט זיך אין די סוביעקטיווע מאָסן פֿון „קולטור", ניט די ר ע ל אַ ט י ו ו אָביעקטיווע מאָסן פֿון „וויסנשאַפֿט".

דער סטיליסט שטודירט ווי איז דער דין ביי שרייבער, לערער, געלערנטע און אַנדערע „קענער" און פּרובירט אויסזוכן אַ דעת הכלל דאָרטן וואו ס'איז דאָ צום געפֿינען. ס'קומט אויס אין אַ סך געזעלשאַפֿטן, אַז די סטיליסטן פֿאַרנעמען זיך על פּי פּאַך מיט איינעם פֿון די באַרופֿן וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער שפּראַך: מחברים פֿון לערנביכער און ווערטערביכער, לערער, רעדאַקטאָרן און אַמאָל אויך — לינגוויסטן. יאָ, מ'קען זיין סיי אַ לינגוויסט סיי אַ סטיליסט. ביי אַזאַ צונויפֿפֿאָרונג פֿון צוויי שליחותן ביי איין מענטש שטעקט אָבער אַ האַרבע סכנה: דהיינו, אַז „דער לינגוויסטישער צד" איז עלול קאַליע צו ווערן, צו פֿאַרלירן דעם קריטישן חוש און נעמען דערלאַנגען „דעם סטיליסטישן צד" נאָר און בלויז דאָס וואָס „יענער" וויל הערן. נאָך



ערגער, ער קען איינריידן זיך און אַנדערע, אַז זיינע מסקנות שטיצן זיך אויף „לינגוויסטיק", ס'הייסט אויפֿן הדיוטס קדשי קדשים: „וויסנשאַפֿט". טאָ לאָמיר מגלה זיין דאָ ביים אָנהייב, אַז אין אָטאָ דעם בוך איז ניטאָ קיין וויסנשאַפֿט, ווייל סטיליסטיק האָט ניט צו טאָן מיט וויסנשאַפֿט. אונדזערע אַרגומענטן און מסקנות מעגן אויסנעמען אָדער ניט אויסנעמען. אין די ביידע פֿאַלן איז עס אָבער ניט צוליב „וויסנשאַפֿטלעכקייט".

## סטיליסטיק אין אַ תקופֿה פֿון לינגוויסטישע איבערקערענישן

בעת גרויסע פּלוצימדיקע איבערקערענישן אין דער געשיכטע פֿון שפּראַכן, פֿאַלט אויף די סטיליסטן אַ סך אַ גרעסערער עול איידער אין שטילע, איינגעסדרטע תקופֿות. דער אָפּטסטער ביישפּיל איז זיכער דער פֿאַל פֿון שפּראַכן, וואָס זיינען לכתחילה פֿאַררעכנט געוואָרן פֿאַר „פֿאָלקס־שפּראַכן" און זיינען אין אַ מזלדיקער שעה געוואָרן מלוכהשע שפּראַכן, אָדער שפּראַכן פֿון גרופּעס וואָס באַמיען זיך אויפֿצובויען די ציגל פֿון דעם וואָס איז דאָ ביי מלוכהשע שפּראַכן — אַן אַלגעמיין אָנערקענטע ליטעראַטור (אַ „קאַנאָן"), סטאַנדאַרדיזירטע געשריבענע שפּראַכן, סטאַנדאַרדיזירטע אַרויסריידן, סיסטעמען קינדער שולן און נאָך; אָט די „סטאַנדאַרדן" זיינען געוואָרן דער באַגער פֿון פֿעלקער וואָס האָבן זייער שפּראַך געוואָלט „שטעלן אויף די פֿיס". סטיליסטן האַלטן — ווער מער, ווער ווייניקער —

פון מאָסן אויסגעהאַלטנקייט אינעם שפּראַך באַנוץ, בפּרט אין ליטעראַריש. זיי באַקעמפן אַ תהו ובהו און פּרובירן פעסטשטעלן וואו וואַריאַציעס גיבן צו כּח, בילדערישקייט, אויסדריקלעכקייט, פּינקטלעכקייט, און וואו זיי ברענגען נאָר מישמאַש און כאַאָס.

בימי האיבערקערעניש, דעמאָלט שטייען אויף פון זייערע האַלב־איינגעשלעפערטע לעבנס די סטיליסטן און שפּילן אַ היסטאָרישע ראָלע: זיי ווערן ציגורות צווישן די גרויסע שרייבער (ד.ה. די שרייבער וואָס ווערן געהאַלטן פאַר גרויסע שרייבער) און דעם ציבור. באַוואוסטזיניק און מעטאָדיש אַבסטראַהירן זיי דאָס וואָס דער שרייבער טוט אויף מיט גאָט געבענטשטן טאַלאַנט, שטעלן עס איין אין לערנביכער, ווערטערביכער און גראַמאַטיקעס בכתב, און אין לעקציעס און קורסן בעל־פּה. דער פּועל יוצא: די אונטערוואַקסנדיקע דורות האָבן פאַר זיך שוין אַ פּאַרטיקן יש, „אַ סאָציאַלן פאַקט", אַ דבר שבא לעולם, וואָס באַקומט זיך פאַר שפּעטערדיקע דורות אַזוי „נאַטירלעך" ווי די זון, די לבנה און די שטערן.

ווערן די סטאַנדאַרדן פאַקטן, האָבן די סטיליסטן ווייניק וואָס צו טאָן, קערט זיך איטלעכער אום צו זיין פאַך — דער לערער צו לערעריי, דער לעקסיקאָגראַף צו זיינע ווערטערביכער, דער לינגוויסט צו זיינע פאָרשונגען. דער „פּראָפעסיאָנעלער סטיליסט" איז דעמאָלט אויס בעל השפּעה: מ'דאַרף שוין ניט קיין „פּראָפעסיאָנעלע" סטיליסטן. נייטיקט מען זיך אין נייער טערמינאָלאָגיע אויף אַ געוויסן געביט, קומען די טערמינען פון די מומחים אויף יענעם געביט. נייע שרייבער אין יעדן דור און נייע בעלי השפּעה אויף אַלערלייאיקע געביטן פירן אַריין ווייטערדיקע שינויים.



די סטאַנדאַרדע שפּראַך נעמט זיך בייטן בהדרגהדיק — כמעט אומבאַמערקט ביי יעדן דור גופא — ווי אַ טייל פונעם נאַטירלעכן בייט וואָס קומט פאָר כּסדר ביי אַלע לעבעדיקע לשונות. די שרייבערישע השפּעה גייט שוין במילא אַריין אינעם פּראָצעס. אויך אין רויִקע צייטן זיינען פאַראַן אַמאָל יחידים און קליינע רעפאָרמאַטאָרישע באַוועגונגען וואָס אַשטייגער די גרופּעס וואָס ווילן דעם ענגלישן אויסלייג היינט רעפאָרמירן. געווענדט אין זייער אַרבעט און זייער צוגאַנג, ווערן זיי אויפגענומען ווי גוטמוטיקע עקסצענטריקער אָדער גאָר ווי שפּראַך פאַנאַטיקער.

## דעסקריפּטיווע און נאָרמאַטיווע סטיליסטיק

די סטיליסטיק — פּונקט ווי די לינגוויסטיק — קען מען איינטיילן אויף דעסקריפּטיווער און נאָרמאַטיווער סטיליסטיק. די דעסקריפּטיווע סטיליסטיק פאַלט צונויף אין אַ סך פּרטים מיט דער סאָציאָלינגוויסטיק. אַ דעסקריפּטיווער סטיליסט קען פּרובירן דערגיין וואָסערע פאָרמען אַשטייגער זיינען באַליבט ביי פאַרשידענע מיני שרייבער אין אַזאַ און אַזאַ תקופה צי אין זיין אייגענער צייט. ער פאָרשט עפּעס אויס אויף צו דערגיין די זאַך, אויף צו באַנעמען די שייכותן צווישן שפּראַך און געזעלשאַפט. אים אינטערעסירט אויסגעפינען זאַכן, ווי ס'איז דער שטייגער ביי געלערנטע.

די נאָרמאַטיווע סטיליסטיק, וואָס קומט אויף בדרך כּלל בעת לינגוויסטישע איבערקערענישן, איז באַוואוסטזיניק

אויסן צו בייטן די שפּראַך. זי פּרובירט איבערצייגן מענטשן
זיי זאָלן בייטן זייערע רגילותן, צי ביים ריידן צי ביים שרייבן
צי ביי דיביידע זאַכן. אויך דאָ קענען צוניין קומען
אָביעקטיווע פֿאַקטן צו דער סוביעקטיווער אַרבעט: למשל,
ביי אַזאַ און אַזאַ וואַקלעניש, וועלכע פֿון די קאָנקורירנדיקע
פֿאָרמען איז מער בהסכם מיט אַלגעמיינע פּראָצעסן וואָס
קומען פֿאָר סיי ווי סיי אינעם שפּראַך באַנוץ? וועלכע
טרעפֿט מען ביים רוב? וועלכע טרעפֿט מען אַמערסטנס ביי
די גיגאַנטן פֿון דער ליטעראַטור?

דער נאָרמאַטיווער סטיליסט ווערט אַליין אַ טייל פֿון
דער סאָציאָלאָגיע פֿון דער שפּראַך און זיין מזל קען זיין גאָר
פֿאַרשידן. יעדער סטיליסט גיט זיך במילא אָפּ מיט שטודירן
דאָס וואָס אַנדערע סטיליסטן שרייבן, הייסט דאָס אַז
ס'וואַקסט אויס אַ פֿאַך ליטעראַטור און ברוך השם, ס'איז
שוין דאָ אויף גאָטס וועלט נאָך אַ געביט אויף וועלכן
מ'גריבלט זיך.

# די יידישע סטיליסטיק

## די גרויסע שרייבער האָבן געשאַפֿן דעם ליטעראַרישן יידיש

אונדזער מאָדערנער יידיש איז אַ גראַנדיעזער ביישפּיל פֿון אַ קאָלעקטיוון ווילן וואָס פֿירט אין אַ קורצער צייט צום אויפֿבוי פֿון אַ סטאַנדאַרדער שפּראַך וואָס איז פֿעאיק צו די העכסטע מענטשלעכע שאַפֿונגען. דאָ גייען צום אַלעמערשטן אַריין די שרייבערישע תּחומען: פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע; זשורנאַליסטיק, עסייאיסטיק, די סאָציאַלע וויסנשאַפֿטן (און בפֿרט: לינגוויסטיק, פֿאָלקלאָר, ליטעראַטור פֿאָרשונג). אַחוץ דעם איז יידיש אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געוואָרן די שפּראַך פֿון שול סיסטעמען, פֿון קינדערגאָרטן אַזש ביז די העכסטע אוניווערסיטעטישע קורסן, און פֿון פּאָליטישע באַוועגונגען און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר די פֿאַרשידנאַרטיקסטע איבערצייגונגען. און דאָס אַלץ אין צונאָבפֿאַרשטייט זיך צו אַלצדינג וואָס גייט אַריין אין תּחום פֿון טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן, די ציוויליזאַציע פֿון וואַנעט ס'שטאַמט יידיש און וואו יידיש שפּרודלט שוין טויזנט יאָר.

די הויפּט־ראָלע אינעם אויפֿקום פֿון אַ ליטעראַרישן יידיש וואָס זאָל זיין מסוגל צו ווערן אַ וועלט שפּראַך, האָבן געשפּילט די גרויסע שרייבער פֿון סוף נייַנצנטן און אָנהייב

צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, גענומען אײנאײנעם. די גראַמאַטישע נאָרמעס וואָס זיי האָבן אַוועקגעשטעלט, און די פּרינציפּן פֿון לעקסישן אָפּקלײַב וואָס זיי האָבן אָנגעווענדט, האָט מען שוין אָנגענומען. ס׳איז ניט קיין „צופֿאַל" וואָס מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ זײַנען אַלע געגאַנגען אויף איין וועג, דיק און שמ״ר אויף אַן אַנדערן. ווער עמעצער קומען טענהן: וואָס וואָלטסטו זאָגן ווען שמ״ר שעפּט דער עיקר פֿון פֿאָלקס־יידיש און מענדעלע דער עיקר פֿון דײַטש — איז עס די מעשה מיט דער באָבעס רעדלעך, מיט וועלכע זי וואָלט געווען אַ טראַמוויי. געדענקען דאַרף מען אַז ס׳איז אַלץ פֿאַרהעלטענישמעסיק. האָט דאָך מענדעלע אָנגענומען דאָס וואָרט שפּראַך. שלום עליכם האָט געשריבן וועגן ליטעראַטור. פּרץ האָט גענוצט פֿאָלקסטימלעך. אויך אַ מאַסע אַנדערע ווערטער פֿונעם מאָדערנעם דײַטש האָבן אונדזערע קלאַסיקער אָנגענומען. איז וואָס איז, זיי מעגן און שמ״ר און דיק ניט? אַ ראיה איז עס אַז גרויסע שרײַבער צוזאַמען גענומען — אין אַ תקופֿה ווען אַ פֿאָלקס־שפּראַך ווערט מגולגל אין אַ „מאָדערנער שפּראַך" — שאַפֿן שוין בדיעבד די יסודות פֿון אַן אַלגעמײנעם סטיל, אַ דעת הכּלל, וואָס קיין שום יחיד האָט ניט קיין שליטה דעריבער, אַפֿילו ניט קיין אײנציקער יחיד צווישן די ליטעראַרישע גיגאַנטן גופֿא. דאָ גייט ניט אין לאָגיק, ניט אין וויסנשאַפֿט: שפּראַך, ליטעראַטור, פֿאָלקסטימלעך שטאַמען פֿונעם מאָדערנעם דײַטש, ניט פֿון אַלט יידיש, פּונקט ווי עס שטאַמען פֿון מאָדערנעם דײַטש דיזער, געסטערן, מונד. די געשיכטע פֿון אונדזער ליטעראַרישער שפּראַך איז אַ געשיכטע וואָס די הויפּט מאָטיווירער אירע זײַנען די גרויסע שרײַבער, וואָס אַליין האָבן זיי געשעפּט פֿון פֿאָלקס־מויל. לאָמיר האַלטן



פֿאַרן אויג דעם באַדײַט פֿון „געשיכטע": זי בויט זיך ניט אויף לאָגיק, נאָר וואָדען: אויף דעם וואָס איז געווען. שוין אין די צוואַנציקער יאָרן האָט מאַקס ווײַנרײַך אויפֿגעוויזן וואָסער מערכטיקע ראָלע עס האָבן געשפּילט מענדעלעס סטיליסטישע איבעראַרבעטונגען פֿון די אײגענע ווערק, בײַם קאַנאָניזירן אונדזער ליטעראַרישע שפּראַך לדורות (זע מ. ווײַנרײַך 1928: 330-351).

## די סטיליסטן האָבן די נאָרמעס באַשריבן און קאַנאָניזירט

דער צווייטער שותּף איז געווען די סטיליסטיק גופֿא. דער גרינדער פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע, בער באָראָכאָוו, האָט אין זײַן גאונותדיקער עסיי „די אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע", טאַקע דעפֿינירט דאָס וואָרט פֿילאָלאָגיע אויף צו באַצייכענען „נאַציאָנאַלע לינגוויסטיק", ד.ה. לינגוויסטיק פּלוס סטיליסטיק. זײַנע אייביקע ווערטער:

לינגוויסטיק איז אַן אַלגעמײנע וויסנשאַפֿט, פֿילאָלאָגיע אַ נאַציאָנאַלע. לינגוויסטיק קאָן זיך באַשעפֿטיקן אויך מיט לחלוטין טויטע אָדער לחלוטין ווילדע שפּראַכן; די פֿילאָלאָגיע זעצט אָבער פֿאָראויס, אַז [אַ] שפּראַך, מיט וועלכער זי גיט זיך אָפּ, פֿאַרמאָגט אַ קולטור־היסטאָרישן ווערט לפּחות פֿאַר דעם עבֿר. געוויינטלעך אָבער גייט די פֿילאָלאָגיע נאָך ווייטער און שטיצט זיך אויף דער איבערצייגונג, אַז איר שפּראַך האָט אַ נאַציאָנאַלן ווערט אויך אין דער צוקונפֿט. ווער ס׳גלייבט ניט

אינעם קיום פֿון דער ייִדישער שפּראַך, קאָן אפֿשר נאָך זײַן אַ ייִדישער לינגוויסט, אָבער ניט קיין ייִדישער פֿילאָלאָג.

(באָראָכאָװ 1913א: 2)

אין זײַנע „אויפֿגאַבן‟ האָט באָראָכאָװ אויך פּראָקלאַמירט אַז:

די ערשטע זאַך פֿאַר יעדן אויפֿוואַכנדיקן פֿאָלק איז: ווערן אַ האַר איבער זײַן אייגענער שפּראַך, כּדי וואָס בעסער, וואָס ברייטער, וואָס פּראָדוקטיווער זי אויסצונוצן אינעם נאַציאָנאַלן שאַפֿן. כּל זמן דער פֿאָלק בלײַבט „אַנאַלפֿאַ־בעטיש‟ אין זײַן אייגענער שפּראַך, קאָן מען נאָך ניט רעדן וועגן אַ נאַציאָנאַלער קולטור. נאַציאָנאַלע קולטור באַשטייט ניט נאָר אין פּאָעטישע ווערק פֿון גרויסע דיכטער, נאָר קודם כּל אין דער פֿעאיקייט ריכטיק צו רעדן, ריכטיק צו שרײַבן אין דער מוטערשפּראַך.

(באָראָכאָװ 1913א: 1)

באָראָכאָװס צוויי יסודותדיקע ווערק, וואָס זײַנען בײדע דערשינען אין ש. ניגערס ווילנער פּנקס (ניגער 1913 אין אונדזער ביבליאָגראַפֿיע) — זײַנע „אויפֿגאַבן‟ (באָראָכאָװ 1913א) און „די ביבליאָטעק פֿונעם ייִדישן פֿילאָלאָג‟ (באָראָכאָװ 1913ב) — שטעלן מיט זיך פֿאָר דאָס געבאָרן ווערן פֿון דער מאָדערנער ייִדישער סטיליסטיק (אויך די נײַע ייִדישע לינגוויסטיק) ווי אַ געביט ממש, להיפּוך צו די צעוואָרפֿענע אַרטיקלען איבער דעם אָדער יענעם פּרט וואָס זײַנען פֿריער דערשינען. די וויכטיקסטע פֿאָרגייער זײַנען געווען מתתיהו מיזעס, וועמענס רעפֿעראַט אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפֿערענץ (מיזעס 1908) האָט געמאַכט אַ רושם, און נח פּרילוצקי, וועלכער האָט אײַנגעזען, אין דער



בער באָראָכאָװ

(1881—1917)

דעמאָלטיקער סיטואַציע, אַז: „ר ע ג ו ל י ר ן דאַרף מען דאָס לעבן פון יידיש" (פרילוצקי 1909: 63). נאָך באַראָכאָוון האָבן זיך גענומען צו יידישער סטיליסטיק אַ ריי גרויסע געלערנטע, בתוכם: שלמה בירנבוים, מאַקס ווײַנרײַך, יודל מאַרק, נח פרילוצקי, זלמן רייזען און נחום שטיף. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט שוין אַלכּסנדר האַרקאַווי געקענט שרייבן אַ ווערטערבוך ניט פון אַן איינאיינציקן יידישן דיאַלעקט, ווי עס האָט אַזוי מייסטערהאַפט געטאָן ליפשיין אין נײַנצנטן יאָרהונדערט איבערן אוקראַינישן יידיש, נאָר אַ ווערטערבוך פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור שפראַך (זע האַרקאַווי 1928; ליפשיין 1869, 1876).

## יידיש איז געוואָרן אַ סטיליסטיש איינגעסדרטע שפראַך

אַז מ'לייענט די יידישע ליטעראַטור פון צווישן די ביידע וועלט מלחמות (אויף ביידע זייטן ים), אַז מ'לייענט די צייטונגען, זשורנאַלן, וויסנשאַפטלעכע ווערק, און אַז מ'טוט אַ קוק אויף דער שפראַך פון יידישע שול סיסטעמען סיי אין מזרח אייראָפּע סיי איבער דער וועלט, ווערט קלאָר איין זאַך: יידיש איז שוין דעמאָלט אַרויס פון דער גרופּע „שפראַכן וואָס מאַכן דורך אַן איבערקערעניש" און אַריין — סטיליסטיש גערעדט — אין דער בחינה פון „איינגעסדרטע שפראַכן", מיט אַ מאָס וואַריאַציע וואָס איז נאָכאַלעמען אַ נאָרמאַלער (און פערמאַנענטער) פועל יוצא פון דער פאַרשפרייטקייט פון יידיש איבער אַזויפל לענדער און אַזויפל



פאַרשידנאַרטיקע גרופּעס. דאָס פעלן (אויסערן ראַטנ־פאַרבאַנד) פון מלוכהשע אינסטיטוציעס, וואָס צווינגען אַרויף אַ סטאַנדאַרדע שפראַך, האָט גאָרניט געשאַט צום ענין. אַ סברא אַז מלוכהשן צוואַנג שאַצט מען גאָר איבער אין דער סאָציאָלינגוויסטיק. מלוכהשער צוואַנג איז אַוודאי אויסערגעוויינלעך וויכטיק ביי דער פראַגע צי מ'זאָל נוצן די אָדער יענע שפראַך. אַז מ'נוצט שוין אָבער אַ געוויסע שפראַך, גייט דאָך די מאַכט אויך נאָך די שרייבער, די סטיליסטן, די רגילותן פון אָט דער שפראַך וואָס מ'האָט אָנגענומען.

נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה איז שוין געווען, הייסט עס, אַ דעת הכלל, סיי אין פוילן און ליטע און די אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער אויסערן ראַטנפאַר־באַנד, סיי אין אַמעריקע און די אַנדערע אימיגראַציע צענטערס, אַז יידיש כמות שהיא איז אַ וואונדערלעכע כלי פעאיק צו גרויסע אייביקע שאַפונגען.

## דער פאַרמלחמהדיקער סאָוועטישער דראַנג נאָך שטענדיקער רעפאָרם

אַנדערש איז אָבער געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד וואו מ'האָט געהאַלטן אַז די שפראַך איז להלוטין ניט אין אָרדענונג, אַז מ'דאַרף זי רעפאָרמירן פון קאָפּ ביז די פיס עס זאָל פון איר ווערן אַ לייט: אָרטאָגראַפיש, לעקסיש, סינטאַקטיש. די סאָוועטישע יידישע לינגוויסטן האָבן פאַרשטאַנען אי דעם פאָטענציעלן אידעאָלאָגישן אינהאַלט

פֿון דער סטיליסטיק, אי איר סאָציאָלאָגישע ראָס (זע למשל גיטליץ 1934; די אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין אַגורסקי און אָשעראָוויטש 1934). ביי זאַרעצקין האָט נאָרמאַטיווע סטיליסטיק געהייסן „לינגוואָטעכניק":

צו דער שפּראַך קען מען צוגיין אָביעקטיוו און נאָרמאַטיוו. אָביעקטיוו — באַשרייבן און דערקלערן די פֿאַקטן פֿון דער שפּראַך, ניט שאַצנדיק זיי. נאָרמאַטיוו — אונטערשיידן „גוט" און „שלעכט", „ריכטיק" און „ניט־ריכטיק". און אַז מיר ווילן ניט נאָר שאַצן, נאָר אויך ווירקן, ענדערן די שפּראַך — איז עס אַ לינגוואָטעכנישער צוגאַנג.

(זאַרעצקי 1927: 9-11).

צו דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער סטיליסטיק איז זאַרעצקיס ווערק וויכטיק סיי היסטאָריש סיי טעאָרעטיש. היסטאָריש שטעלט עס מיט זיך פֿאָר, אינאיינעם גענומען מיט אַ ריי אַנדערע סאָוועטיש־ייִדישע ווערק פֿון יענער עפּאָכע, דעם צוגאַנג, אַז די שפּראַך דאַרף מען בייטן. טעאָרעטיש איז אויסערגעוויינלעך וויכטיק זאַרעצקיס אָרנטלעכקייט: ער קומט ניט פֿאַרשטעלן זיין „לינגוואָטעכניק" פֿאַר אָביעקטיווער וויסנשאַפֿט. ער ווייזט אָן באַלד ביים אָנהייב אין וואָס דאָ גייט די רייד.

אָט ווי ס'האָט דאָס אויסגעדריקט שטיף אין זיין סאָוועטישער תקופֿה:

די שפּראַך פֿירט אויס זייער אַ וויכטיקע סאָציאַלע פֿונקציע, — זי איז אַ מיטל, אַ געצייג פֿון פֿאַרקער אין דער געזעלשאַפֿט. די אַנטוויקלונג פֿון דער שפּראַך איז אַ *סאָציאַלער פּראָצעס*, וואָס איז געווענדט אָן דער אַנטוויקלונג פֿון די געזעלשאַפֿטלעך־ווירטשאַפֿטלעכע באַציאונגען, און, אַזוי ווי אַלע אַזעלכע פּראָצעסן, קען מען און



מע דאַרף דאָס געזעלשאַפֿטלעך *באַווירקן, רעגו־לירן*, — גערעכנט זיך מיט די רעאַלע אינטערעסן פֿון די מאַסן.

(שטיף 1930: 5)

ווי מיר האָבן שוין געזען, האָט דאָס וואָרט רעגולירן, אין דעם צוזאַמענהאַנג, אַריינגעפֿירט נח פּרילוצקי נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט מלחמה (זע פּרילוצקי 1909: 63).

אין דער סאָוועטישער לינגוויסטישער ליטעראַטור איז דאָ אַ סך וועגן סטיליסטיק (זע למשל ספּיוואַק 1931; 1939). גאָר אינטערעסאַנט, הגם אַ ביסל פֿאַרפּלאָנטערט, איז דער ענין סטיליסטיק כּלפּי גראַמאַטיק אין דעם „רעוויזיע נומער" פֿון אפֿן שפּראַכפֿראָנט אין 1932, וואו די פּאָלעמיק צווישן זאַרעצקי און שטיף דרייט זיך צום טייל אַרום אָט דער פֿראַגע. אין זיין ענטפֿער איז דאָ ביי שטיפֿן אַן אָפּטיילונג „גראַמאַטיק און סטיליסטיק", וואו ס'באַקומט זיך אַז ער, שטיף, איז דער פּאַטריאָט פֿון סטיליסטיק כּנגד די בעלי גראַמאַטיק זאַרעצקי און מיידאַנסקי:

ביידע, סיי חבר זאַרעצקי, סיי חבר מיידאַנסקי, זיינען גראַמאַטיקער; ביידע האַלטן זיי, אַז אין דער שפּראַך־לער, אין שפּראַך אויספֿורעמונג איז גראַמאַטיק אַלץ, — יעדנפֿאַלס, דאָס וויכטיקסטע. זיינען זיי זייער פֿילעוודיק צו יעדן קריטישן וואָרט אויף גראַמאַטיק און זייער אייפֿערזיכטיק צו דער נייער דיסציפּלין, — צו סטיליסטיק פֿון דער קולטור שפּראַך, — טאָמער וועט זי אָנרירן די אייבערהערשאַפֿט פֿון גראַמאַטיק. חבר זאַרעצקי וואַרפֿט מיר אויס, אַז סטיליסטיק איז ביי מיר נישט בלויז אַ „פּראָטעסט קעגן פֿאָרמעלער גראַמאַטיק"; — „דאָס איז אַ פּראָטעסט קעגן גראַמאַטיק בכלל" [...]

(שטיף 1932: 57)

אינסטיטוט פאַר
ייִדישער פּראָלעטאר.
קולטור בא דער
אלוקרייִנ. וויסנשאפט־
לעכער אקאדעמיע.

אוקרנאצמינדפארלאג
קיִעוו.

# אויפן שפּראכפּראָנט

זשורנאל פאַר ייִדיש שפּראַכוויסנ

גייט ארויס אלע צוויי כאדאָשים.

אבאָנעמענט־פּרייז:
1 יאר — 2 רובל, א האלב
יאר — 1 רובל, כוידעש —
יערנ נומער — 35 קאָפּ.

אדרעס פונ רעדאקציע:
קיִעוו, ליבקנעכט־גאס, 10.

אדרעס פונ פארלאג:
קיִעוו, רוטאוויקער, 43.

יול — אווגוסט 1932 | נומער 4 (31) | זעקסטער יאָרגאנג

## דער רעוויזיע-פּלענום פונ דער פילאָלאָגישער סעקציע פונעם אינסטיטוט פאַר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור

כ׳ סטאלינס באַרימטער בריוו אינ דער רעדאקציע „פּראָלע־טארסקאיאַ רעוואָליוציאַ״ האָט אופגעוועקט צו פּרוכטבארער זעלבסט־קריטיק דעמ גאָרנ אידעאָלאָגישנ פראָנט אינ גאנצנ לאנד. דאָס איז, נאטירלעכ, געווענ וועגווייזנדיק פאַר דעמ אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור אויכ. שוינ אינ אָנהויב פונעמ אקאדעמישנ יאָר (1931־1932) האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אָנגעשטרענגטע פּערל־הורוויצ, מ. לערנער, מ. מײַדאנסקי, ע. ספּיוואק) אונ דאָס פּירצובערעגנע פארנ פּלענום. אינעמ פּלענום גופע האָבנ זיכ אקטיוו באטייליקט כ׳ י. ליבערבערג (א ברייטער אריינפיר־וואָרט), כ׳ א. זארעצקי, יא. רעזניק א. אנד. (אינ דער דיסקוסיע). אווי ארומ קענ מענ האלטנ, אז די ארבעט פונ דער סעקציע פאר איבער 5 יאָר איז דאָ בעעמעס קריטיש דורכגעלייטערט געוואָרנ

פראַגמענט פונעם רעוויזיע נומער אפן שפּראַכפראָנט (1932)



דער גאַנצער ענין איז אינעם „רעוויזיע נומער״ מטושטש וויל יעדער איינער, אויף סטאַלינס איניציאַטיוו, גייט זיך אַליין און די אַנדערע קריטיקירן. און אין דעם גאַנצן מבול זעלבסט־קריטיק וויל זיך אָבער יעדער איינער בשעת מעשה פאָרט פאַרטיידיקן פאַר יענעמס קריטיק...

די סאָוועטישע ייִדישע „לינגוואָטעכניקער״ האָבן געאַרבעט פאַר רעפאָרמען, וואָס זאָלן אין זייערע אויגן מאַכן פון ייִדיש אַ „פּראָלעטאַרישע שפּראַך״. זיי האָבן געהאַלטן אַז ז י י ג ו פ א, די לינגוויסטן, גראַמאַטיקער, סטיליסטן, אַכלל די שפּראַך ספּעציאַליסטן — דאַרפן באַוואוסטזיניקער־הייט די שפּראַך נעמען בייטן מחמת ווי זי שטייט און גייט טויג זי ניט.

אין דער ניט־סאָוועטישער מזרח אייראָפּע איז אויך געווען אַ „נאָרמאַטיווע טענדענץ״, דער עיקר אין די קרייזן אַרום דער ווילנער ייִוואָ, נאָר דאָרטן איז עס געווען אָן אַ שיעור מער געמאָסטן. ס׳איז געגאַנגען די רייד וועגן „אַן אינסטאַנץ, וואָס זאָל קענען (פּאָראויסגעזען דעם נייטיקן טאַקט) פּסקענען שאלות פון גראַמאַטיק, ווערטער־אָפּקלייב און סטיל״ (ייִוואָ 1929ב: 25; 1930א: 57). למעשה האָט עס דער ייִוואָ אין ווילנע ניט געשאַט וואָס איר נאָרמאַטיווע השפּעה האָט זיך באַגרענעצט אין אַ גרויסער מאָס אויף קלענערע קרייזן אין דער פּוילישער רעפּובליק גופא. די גרויסע, אייביקע אויפטוען פון דער ווילנער ייִוואָ זיינען געראָדע אויפן געביט פון דער פאָרשונג פון דער ייִדישער שפּראַך, ליטעראַטור און פאָלקלאָר; אויפן שטח פון אויפשטעלן אַ געביט „ייִדיש״ ווי אַן אָנערקענטן יש ביי געלערנטע איבער דער וועלט.

# דער נאָכמלחמהדיקער ניו⸗יאָרקער דראַנג נאָך שטענדיקער רעפֿאָרם

אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר איז אויפֿגעקומען אויפֿסניי אַ שיטה וואָס וויל אין אַ גרויסער מאָס איבערמאַכן דעם לעקסיקאָן פֿון ייִדיש, און אין אַ קלענערער מאָס — די גראַמאַטיק. די גרעסטע דערגרייכונג פֿון אָטאָ דער שיטה ליגט אין דעם וואָס אוריאל ווײַנרײַכס מאָדערן ענגליש⸗ייִדיש ייִדיש⸗ענגליש ווערטערבוך (א. ווײַנרײַך 1968) נעמט זי אָן. דער ווערטערבוך איז אַ גרויס ווערק; זײַן גרויסקייט איז להלוטין ניט אָפּהענגיק אין דעם צי מ׳איז מסכּים מיט דער סטיליסטיק וואָס אין ווערטערבוך (זע ה.⸗ד. קאַץ 1991ב: 24).

אין די יאָרן זינט ס׳איז דערשינען דער ווערטערבוך, גרופּירן זיך די אָנהענגער פֿון דער שיטה, וואָס ווילן פֿירן די פֿאָרגעשלאָגענע רעפֿאָרמען נאָך ווײַטער אַ סך אײדער דער ווערטערבוך, אַרום צוויי ניו⸗יאָרקער זשורנאַלן: ייִדישע שפּראַך, וואָס דער ייוואָ גיט אַרויס, און אויפֿן שוועל, וואָס איז פֿריִער געווען דער זשורנאַל פֿון דער „פֿרײַלאַנד ליגע“, איצט פֿון דער „ייִדיש ליגע“. די וויכטיקסטע אויפֿטוען זײַנען די ווערק פֿונעם חשובֿן געלערנטן, ד״ר מרדכי שעכטער (1986א, 1986ב און אַנדערע), וועלכער איז אַ סך יאָר אויך דער רעדאַקטאָר פֿון די בײדע זשורנאַלן. די שיטה רופֿט מען אויף פֿאַרשידענערליי אופֿנים. מיר וועלן באַלד זען, אַז אַ פּאַסיקן וויסנשאַפֿטלעכן נאָמען געפֿינט מען בײַ שעכטערן גופֿא.



# די אויסבויִאיסטישע שיטה: הנחות און אויספֿירן

אַ סך⸗הכּל פֿונעם שפּראַך⸗פֿילאָזאָפֿישן יסוד פֿון דער ניו⸗יאָרקער פּוריסטישער שיטה האָט געגעבן שעכטער:

> מחשבֿותן, די אַנדערשקייט שיטה איז נישט קיין ספּעציפֿיש ייִדישער ענין. אין דער סאָציאָלינגוויסטיק רופֿט מען עס מיט אַ דײַטשישן טערמין Ausbau פּרינציפּ: ווען אַ קלענערע און שוואַכערע שפּראַך פּרוּווט — די גראָמירערס, שרײַבערס, לערערס פּרוּוון — פֿונאַנדערבויען די אַנדערשקייט, די ספּעציפֿישקייט פֿון אָט דעם לשון אַקעגן אַ קרובֿהשן, שטאַרקערן לשון, וואָס אין זײַן שאָטן קומט דעם קלענערן אויס צו שטיין.
>
> (שעכטער 1980: 212)

אָט דעם „אויסבוי פּרינציפּ“ האָט מען איבערגענומען, מעכאַניש און אומקריטיש, פֿונעם דײַטשישן שפּראַכן⸗סאָציאָלאָג היינץ קלאָס, וועלכער האָט עס אַרײַנגעפֿירט אין דער סאָציאָלינגוויסטיק אויף צו שילדערן באַמיאונגען צו מאַכן „קולטור שפּראַכן“ פֿון אַזעלכע רײדענישן וואָס מען קען זיי באַנעמען ווי באַזונדערע שפּראַכן ניט לינגוויסטיש נאָר בלויז סאָציאָלאָגיש.

> Wenn hingegen das Slowakische vom Tschechischen, das Weißruthenische vom Russischen, das Katalanische vom Okzitanischen, vielleicht sogar das Letzeburgische vom Deutschen als besondere Sprache unterschieden werden, so

> liegt der Grund nicht in ihrer linguistischen Sonderstellung, sondern in ihrer soziologischen Verselbständigung, also insbesondere in dem Umfange und Grade ihres Ausbaus zur Kultursprache, so daß man hier auch kurzweg von „Ausbausprachen" reden kann.
> (קלאָס 1952: 17)

קלאָס טוט יידיש אָן אַ „גרויסן כבוד", ער נעמט עס אַריין אין זיין קאַטעגאָריע Vollsprachen, אינאיינעם מיט אַפריקאַנס, לאַנדסמאַל, פריזיש, נידערדויטש, סראַנאַניש, פעריש, ריקסמאַל און — אחרון אחרון חביב — ביטשלאַמאַר (קלאָס 1952: 102-40); ניט חלילה וחס, מיט לעצעבורגיש, שאָטיש און פענסילוואַניש, וואָס רעכענען זיך נעבעך פאַר Halbsprachen (דאָרטן, זז. 126-102). ער האַלט אַפילו אַז צוליב פשטות און קורצקייט, איז בעסער צו נוצן דעם טערמין Jiddisch איידער Judendeutsch (ז. 240).

פון אָט אַזאַ מין „בעל טובה" האָבן אונדזערע אויסבויאיסטן געשעפּט זייערע השגות בנוגע דער יידישער סטיליסטיק פון היינט און פון מאָרגן. וואָס עס שטעקט אין דעם גופא וואָלט מען געמעגט סאָציאָלאָגיש און פּסיכאָ-לאָגיש אויספאָרשן; דאָס איז אָבער אַ טעמע פאַר זיך. דאָ זיינען שייך עטלעכע פשוטע, יסודותדיקע פאַקטן.

יידיש איז ניט סראַנאַניש און ניט ביטשלאַמאַר. יידיש איז איינע פון די רייפסטע „קולטור שפּראַכן" אויף דער וועלט, אַ טויזנטיאָריקע שפּראַך וואָס האָט געשאַנקען דער וועלט אַ מעכטיקע ליטעראַטור. די יידישע שפּראַך און די יידישע ליטעראַטור ווערן אָנערקענט און געלערנט אין די בעסטע אוניווערסיטעטן איבער דער וועלט. די קולטורעלע אינסטיטוציעס (סיסטעמען שולן, העכערע אַקאַדעמישע



אינסטיטוציעס, פאַרלאַגן, פּאָליטישע און קולטורעלע באַוועגונגען א.א.וו.) וואָס האָבן געשפּרודלט אין מזרח אייראָפּע ביזן חורבן, און וואָס האָבן זיך ערטערווייז געשאַפן אין כמעט אַלע קאָנטינענטן פון דער וועלט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, זאָגן עדות אויף אַ הויך קולטיווירטער וועלט שפּראַך. דער סאָציאָלינגוויסטישער סטאַטוס איז לחלוטין ניט דער זעלביקער וואָס ביי די שפּראַכן ביי וועלכע היינץ קלאָס ווייס צו דערציילן, ווי אַזוי מען קען זיי „אויסבויען", זיי זאָלן זיין „מער אַנדערש" איידער „שטאַרקערע" שפּראַכן.

והשנית (אויך דאָס וואָלט בפירוש געמעגט זיין איבעריק צו קאָנסטאַטירן ביי היינטיקן טאָג), געהערט ניט יידיש דער קאַטעגאָריע שפּראַכן וואָס זיינען „שפּראַכן" בלויז סאָציאָלאָגיש און ניט לינגוויסטיש. מילד גערעדט.

דריטנס, עס איז שוין שיינע פינף הונדערט יאָר וואָס דער געאָגראַפישער צענטער פון יידיש געפינט זיך גאָרניט אין די דייטש ריידנדיקע לענדער. ביי היינטיקן טאָג געפינט זיך דער ג אַ נ צ ע ר ציבור וואָס רעדט און שרייבט יידיש ווייט פון דייטש ריידנדיקע לענדער. איז טאָמער האָט דער Ausbau פרינציפּ פאָרט אַ זין בנוגע, לאָמיר אָנכאַפּן, ווייסרוסיש וואָס דאַרף זיך „היטן" פאַר רוסיש וואָס ווערט גערעדט אין זעלביקן לאַנד, איז דאָס צו יידיש אינגאַנצן ניט שייך.

דאָס הייסט ניט חלילה אַז די „אויסבויאיסטן" האַלטן ניט פון יידיש. זיי האַלטן אַ וועלט פון יידיש, און צווישן זיי געפינט מען איבערגעגעבענע טוער און אויפטוער אויפן געביט פון אַ לעבעדיקן יידיש. נאָר וואָס, זיי האַלטן, אַז מיט דער שפּראַך איז פאָרט עפּעס דער מער, ווי זי שטייט און

גייט איז זי צו נאָענט צו „אַנדערע שפּראַכן". אויף ווי ווייט ס'גייט די רייד וועגן דייטש, איז דאָס אַן אויסברייטערונג פונעם פּרינציפּ „וואָס ווייטער פון דייטש" ביים אָפּקלייבן צווישן מעגלעכע וואַריאַנטן אין יידיש, אַ מעטאָד וואָס איז שוין פאַראַן ברמיזא ביי מאַקס ווײַנרייכן (מ. ווײַנרייך 1938ב), בפירוש ביי בירנבוימען (1953: 112-113), און וואָס מ'קען אַריינטייטשן וואו מער און וואו ווייניקער ביי אַ ריי אַנדערע (פגל. שעכטער 1986א: 281-282; ביים אַבסטראַהירן פּרינציפּן און שיטות פון איינאיינציקע באַמערקונגען מכח דעם אָדער יענעם וואָרט דאַרף מען זיין זייער אָפּגעהיט). שעכטערס „אויסבוי" שיטה איז אָבער אָן אַ שיעור מער עקסטרעם, סיי טעאָרעטיש (איר אָפּשאַצונג פון יידיש אַלס שפּראַך וואָס לעבט נאָך היינט אין שאָטן פון דייטש), סיי פּראַקטיש (דאָס אָנווענדן די שיטה ביי אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט פון יידישן וואָקאַבולאַר). כאָטש די אויסבוי שיטה איז חל לגבי אַלע קאָמפּאָנענטן (בכלל אָנשטאָט בכלל, הסרונים אָנשטאָט חסרונות וכדומה, ווייל ווייטער פון העברעאיש), איז עס פּאַקטיש אַ שיטה געצילט אויף צו „מאַכן" יידיש „ווייטער" איידער די שפּראַך „וואָס אין זיין שאָטן קומט דעם קלענערן אויס צו שטיין".

שעכטערס אויסבוי שיטה איז אַ קלאָרע און אַן אינערלעך אויסגעהאַלטענע. ס'איז צו זען אַז אַ גאַנצע ריי איינשטעלונגען פון דער אויסבויאיסטישער מהנה שטאַמען אַלע פון אויסבויאיסטישן פּרינציפּ. זיי ווילן אַריינפירן אָט וועלכע רעפאָרמען:

(א) „אויסרייניקן" יידיש פון די אַלע ווערטער וואָס זיינען אַריין אין נייַנצנטן יאָרהונדערט (די „דייטשמעריזמען"), און זיי פאַרבייטן מיט „כשרע" ווערטער וואָס געהערן פאַקטיש איינער פון דריי קאַטעגאָריעס: דיאַלעקטיזמען, אַרכעאיזמען און פאָרשלאַגן אויף נעאָלאָגיזמען (דערפאַר: אָפּמשלען אָנשטאָט שילדערן; פּרואוול אָנשטאָט מוסטער; אַליינמאָרד אָנשטאָט זעלבסטמאָרד).

(ב) פאַרבייטן אויך ווערטער פונעם אַלטן דייטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש דאָרטן וואו ס'איז דאָ אַן אַרכעאיזם אָדער אַ דיאַלעקטיזם וואָס איז צופעליק ווייטער פון מאָדערנעם ד י י ט ש, ניט קוקנדיק אויפן אַלגעמיינעם ליטעראַרישן באַנוץ אין י י ד י ש (פיפטער אָנשטאָט פינפטער, פערדער אָנשטאָט פערטער).

(ג) די אויסבויאיסטן האַלטן, אַז איבער גאָר דער וועלט, ביי יעדער גרופּע און ביי יעדן יחיד, און צו אַלע צוועקן וואָס ס'קענען נאָר זיין, מעג גענוצט ווערן נאָר און בלויז דער ייוואָ אונטערנוסח פון דער נייער יידישער אָרטאָגראַפיע (ייִדיש אויף ייִדיש, פריִער אויף פריער, איבער אַכט טאָג אויף איבעראַכטאָג, ווו אויף וואו, וווינען אויף וואוינען, גליִיק אויף גליאיק וכו'). יידיש ווערט באַטראַכט ווי אַ שפּראַך וואָס טאָר ניט האָבן קיין שום וואַריאַציע, אַפילו ניט אויף אַזויפל וויפל מ'געפינט ביי די גרויסע מלוכהשע שפּראַכן.



## די סטרוקטוראַליסטישע שיטה: הנחות און אויספירן

אין איצטיקן בוך, שטעלן מיר אַוועק אַ שיטה וואָס האַלט פונקט פאַרקערט ווי די אויסבויאיסטישע. בקיצור: יידיש איז אַ הויך אַנטוויקלטע שפּראַך וואָס שטייט אויף איין

מדרגה מיט די מעכטיקע מלוכהשע שפּראַכן אַלס רייפע ליטעראַטור שפּראַך. מ׳דאַרף זי ניט „מער אַנדערש מאַכן״ ניט פון דייטש און ניט פון טערקיש. יידיש לעבט שוין ניט אין שאָטן פון דייטש אַ האַלבן יאָרטויזנט. די איינציקע קריטעריע ביים אָפּקלייבן סטיליסטישע וואַריאַנטן (דאָרטן וואו מ׳דאַרף בכלל אָפּקלייבן) איז: וואָס איז מער אָנגענומען אויף יידיש, להלוטין ניט אומקוקנדיק זיך אויף דעם וואָס עס טוט זיך אויף וועלכער ניט איז אַנדער שפּראַך.

אונדזער סטרוקטוראַליסטישער צוגאַנג צו דער יידישער סטיליסטיק איז ניט קיין נייער. ער שטאַמט פון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ס׳האָבן אים פאָרמולירט סיי די בויער פון דער נייער יידישער פילאָלאָגיע און סיי די בויער פון דער נייער יידישער — פּאָעזיע. ביים אויפשטעלן דעם בנין פון דער נייער יידישער פילאָלאָגיע האָט באָראָכאָוו פעסטגעשטעלט אַז:

> דייטשע, העברעאישע, סלאַווישע עלעמענטן, באַלד ווי זיי זיינען אַריין אין דער פאָלקס־שפּראַך, הערן אויף צו זיין דייטש, העברעאיש, סלאַוויש, — זיי ווערן אָן זייער פריערדיקן פּרצוף און נעמען אָן אַ נייעם: ווערן יידיש.
>
> (באָראָכאָוו 1913א: 19)

און ביים אויפשטעלן די מאָדערנע יידישע פּאָעזיע אין ניו־יאָרק, האָבן גלאַטשטיין, לעיעלעס און מינקאָוו פּראָקלאַמירט:

> וואָס אַנבאַלאַנגט יידיש אַלס שפּראַך אינסטרומענט, האַלטן מיר, אַז אונדזער לשון איז איצט שיין און רייך גענוג פאַר דער טיפסטער פּאָעזיע. אַלע הויכע דעראָבערונגען פון דער פּאָעזיע, די העכסטע, זיינען מעגלעך אין יידיש. בלויז דער, וואָס איז אַן אָרעמער דיכטער, קען זיך באַקלאָגן אויף דער אָרעמקייט פון דער יידישער שפּראַך. דער אמתער דיכטער וויים אונדזער שפּראַכס רייכקייט און אים פעלט גאָרניט, קען גאָרניט פעלן. [...]
>
> יידיש איז איצט רייך גענוג, זעלבשטענדיק גענוג צו קענען זיך דערלויבן איר אייגענעם אוצר צו פאַרגרעסערן מיט דער הילף פון די אוצרות פון אירע שוועסטער־שפּראַכן. דערפאַר היטן מיר זיך ניט צו באָרגן ווערטער פון די שוועסטער־שפּראַכן, ווערטער, וועלכע זאָלן דעקן די אויסגעוואָקסענע באַגריפן, די פאַרברייטערטע געפילן און געדאַנקען. אַזעלכע ווערטער זיינען אויך אונדזערע ווערטער. מיר האָבן אויף זיי פּונקט אַזאַ רעכט ווי יעדע אַנדערע שפּראַך, ווי יעדע אַנדערע פּאָעזיע [...]
>
> מיר קוקן אויף יידיש ווי אויף אַ פולשטענדיק־אויסגעוואָקסענער, רייפער, זעלבשטענדיקער, באַזונדערער און אייגנאַרטיקער שפּראַך.
>
> (גלאַטשטיין, לעיעלעס און מינקאָוו 1920: 20)

די פּאָעטן האָבן באַנומען דעם סטרוקטורעלן מהות פון יידיש אָן אַ שיעור ריכטיקער און טיפער איידער די אויסבויאיסטן וואָס האָבן זייער אני־מאמין („פונאַנדערבויען די אַנדערשקייט״) אַרויסגעלאָזן מיט אַ יאָר זעכציק שפּעטער, און זיינען פּאָרט געבליבן שטעקן ביי דעם פּרימיטיוון אַטאָמיזם: דאָס זיין ביכולת צו באַנעמען נאָר און בלויז איינצלנע ברעקלעך (איינאיינציקע ווערטער), און דאָס אויך בלויז פון אַ פּוריסטישן שטאַנדפּונקט (יחוס פון די ווערטער), ניט קוקנדיק אויף דער סטרוקטורעלער ראָלע וואָס די ווערטער שפּילן אין דער היינטיקער שפּראַך.

אין איצטיקן בוך ברענגען מיר אַ פאַרטיידיקונג פונעם

ליטעראַרישן ייִדיש אַנטקעגן דעם אויסבויִאיסטישן דראַנג צו פּערמאַנענטער רייניקונג און איבערקערעניש.

וואָס שייך אָרטאָגראַפֿיע, האַלטן מיר, אַז פּונקט ווי אויף ענגליש, העברעאיש און אַ סך אַנדערע שפּראַכן, שאַט עס גאָרניט וואָס קלענערע אונטערשיידן זײַנען פֿאַראַן. אַחוץ דעם האַלטן מיר, אַז דער ייִוואָ אויסלייג איז ניט צוגעפּאַסט צו ייִדיש צום סוף פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ס'האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ וויכטיקע פּשרה מיטן סאָוועטישן אויסלייג אין דער פּוילישער רעפּובליק אין די דרײַסיקער יאָרן, און ס'בלײַבט אַ פֿולשטענדיק לעגיטימע אונטער⸗סיסטעם פֿון דער נײַער ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע — אָבער לחלוטין נ י ט „דער איינציקער ריכטיקער אויסלייג". אַ מאָדערנע שריפֿט פֿאַר דערוואַקסענע טאָר ניט זײַן באַשפּרענקלט מיט אומנייטיקע פּינטעלעך וואָס „מוזן" געשטעלט ווערן.

## דער ניוואָ פֿון דער דיסקוסיע

יעדער איינער פֿון די צדדים אין אונדזערע סטיליסטישע דעבאַטעס ברענגט צו טראָגן אַ וויכטיקן קאָנסטרוקטיוון צושטייער צום מעמד פֿון דער שפּראַך. ס'איז געזונט אַז מ'זאָל פֿירן דיסקוסיעס און דעבאַטעס, אַז פֿאַרשידענע מיינונגען זאָלן אויסגעדריקט ווערן. דאָס איז אַ סימן, אַז ערנסטע קרייזן, זאָל זײַן אַפֿילו קליינע, זײַנען בלב ונפש איבערגעגעבן דער קולטור וואָס א ו י ף  י י ד י ש.

צומאָל זײַנען דערשינען אין דער פּרעסע פּערזענלעכע



אַטאַקעס קעגן די אָנפֿירער פֿון דער „אויסבוי" שיטה. ניט זיי זײַנען יושרדיק, ניט זיי פֿירן צו אַ בכבֿודיקער דיסקוסיע.

בעתן גיין אין דרוק אַרײַן, ברענט אין דער ייִדישער פּעריאָדיק אַ פֿײַערדיקע מחלוקת איבער די⸗אָ פֿראַגן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט צוויי (איינגאַנצן באַזונדערע) אַרטיקלען: מוסיע סטעקין⸗לאַנדאַוס „לייענענדיק ד"ר מרדכי שעכטערס לייטיש מאַמע⸗לשון" אין די תּל⸗אָבֿיבֿער לעבנס⸗פֿראַגן (סטעקין⸗לאַנדאַו 1992) און מײַן „אַ שטעקעלע אַרײַן אַ שטעקעלע אַרויס, די דײַטשמערישע געפֿאַר איז — אויס" אין דער ניו⸗יאָרקער ייִדישער קולטור (ה.⸗ד. קאַץ 1991ב; זע אויך 1992א). צום גרויסן באַדויערן, האָט זיך די אויסבויִאיסטישע מחנה ניט אָפּגערופֿן אויף די פֿאָרגעלייגטע אַרגומענטן. אָנשטאָט דעם האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט אויפֿן דרך פֿון פּערזענלעכע אַטאַקעס און פּאַשקווילן, וואָס האָבן אָנגעבראַכט אַ בושה אויף דער וועלט פֿון ייִדיש בכלל און אויף דער ייִדישער סטיליסטיק בפֿרט (פֿגל. אונטן, זז. 206–210; ה.⸗ד. קאַץ 1992ב; וואָלפֿע 1992). דאָ וועט קלעקן אויסצודריקן די האָפֿענונג אַז די אַלע צדדים וועלן ריידן צו דער זאַך און ניט צו דעם מענטשן, זיך האַלטן אין די ד' אמות פֿון אָנשטענדיקייט און דזשענטלמעניש⸗אַקאַדעמישער דעבאַטע.

אָנהייבן וועלן מיר מיט אַ טעמע וואָס איז הײַנט אַ סך ווייניקער נוטה למחלוקת איידער לעקסיק און אָרטאָגראַפֿיע: דער אַרויסרייד.

# אַרויסרייד

## צוויי מיינונגען

פאַראַן צוויי מיינונגען: איינע האַלט נאָר פון „ליטעראַרישן אַרויסרייד", לפּחות ביים לערנען מיט אַנדערע יידיש, ביי לעקציעס און רעדעס, אַכלל, אין „עפנטלעכן יידישן לעבן". די צווייטע האַלט, אַז מ׳דאַרף אויפהיטן דעם דיאַלעקט פון דאָרטן פון וואַנעט די משפּחה שטאַמט, ניט שייך פּריוואַט צי בפרהסיא. גוט וואָס עס זיינען בנמצא דיביידע מיינונגען. ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, כל זמן מ׳האָט דרך ארץ אויך צו יענעמס גאַנג.

## דער פּאַטריאָטיזם צום ליטעראַרישן אַרויסרייד

דער פּאַטריאָטיזם צום ליטעראַרישן אַרויסרייד וואַקסט פונעם ווילן אויפצוהיטן דעם באַגריף פון אַ סטאַנדאַרדן, אַלגעמיינעם אַרויסרייד פאַר די צוועקן פון „קולטור"; אויך אַ ווילן נאָכצוגיין דעם גאַנג ביי אַ סך שפּראַכן וואו מ׳האָט אַ סטאַנדאַרד וואָס פאַראייניקט, וואָס איז מער וויניקער קאָנסעקווענט, און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר „העכערע קולטור", וואָס שטייט פון אויבן „איבער" די אַלע פּאָנעטישע

נוסחאות וואָס מ׳טרעפֿט ביי משפּחות וואָס שטאַמען פֿון פֿאַרשידענע געגנטן. די פּאַטריאָטן פֿונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד האַלטן אַז די שפּראַך ווערט אַזוי אַרום דערפֿירט צו אַן איבערגעאָגראַפֿישער מדרגה. ביי אַנדערע, וואָס שטאַמען פֿון די מקומות פֿון וואַנעט דער ליטעראַרישער אַרויסרייד וואַקסט, איז פֿאַראַן אויך דער מאָטיוו פֿון לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם. ביי זיי דעקט זיך עס „צופֿעליק" מיטן אונטערשטיצן דעם סטאַנדאַרדן אַרויסרייד.

דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד האָט מען אָנגענומען אין אַן אַ שיעור יידישע שולן איבער דער וועלט, שולן וואָס האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע ריכטונגען וואָס זיינען צווישנאַנאַנד כּרחוק מזרח ממערב. מיט דורות סטודענטן האָט מען געלערנט אַז דאָס איז דער „ריכטיקער יידיש", אַז די אַנדערע אַרויסריידן זיינען „דיאַלעקטן", ווי דאָס וואָרט ווערט פֿאַרשטאַנען, אַ ביסעלע מיט ביטול, ביים עולם. ניט אין איין לאַנד האָבן זיך יידישע לערער געמוזט אָפּטרייסלען פֿון זייער היימישן יידיש, אַריבערגיין אויפֿן ליטעראַרישן אַרויסרייד. צי דאָס איז געווען אַ יושר, איז אַ באַזונדערע פֿראַגע, אַ פֿאַקט איז עס אָבער. מיר געדענקען דעם ניו־יאָרקער יידישן לערער, יאַנקל בלאַנק ז״ל (געבאָרן מעזריטש, פּוילן, 1910, געשטאָרבן ניו־יאָרק, 1988). ער איז געווען אַ לאַנגיאָריקער לערער אין דער אַמאָליקער פּאַראַייניקטער מיטלשול אין בענק סטריט, ניו־יאָרק, און אַ דירעקטאָר פֿון „קעמפּ בויבעריק" אין משך פֿון צוואַנציק יאָר. אַ דיאַלעקטאָלאָג וואָלט קוים געגלייבט, אַז ער און זיין ברודער, דער ניט־לערער, זיינען — ברידער פֿון איין שטאָט.

מ׳קען ניט לייקענען אַז דער ליטעראַרישער אַרויסרייד



איז אַ גוואַלדיקער אויפֿטו פֿון דער נייער יידישער קולטור. אויפֿגעקומען איז עס, איינגעשטעלט איז עס געוואָרן, אַליין אָנעם כּח פֿון מלוכות וואָס נייטן מיט דעקרעטן, אָן דער קראַפֿט פֿון רעגירונגס־שולן: אַ מין וואונדער פֿון מאָדערנעם יידיש. מער ווי אַ ביסל דערמאָנט עס אין וואונדער פֿון געשריבענעם יידיש סוף אַכצנטן יאָרהונדערט: דער אויפֿקום פֿון אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק איינגעסדרטער ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס אין אַ גרויסער מאָס איז עס געווען אַ טיש מיט אַ פֿאַרטעך גרייט אויף די קלאַסיקער (זע ד״ב. קערלער 1990).

וויל מען זיך איבערצייגן וואָסער „אמתער לינגוויסטישער יש" ס׳איז אונדזער ליטעראַרישער אַרויסרייד דאַרף מען נאָר ציילן די יידישע פּאָעטן וואָס האָבן געגראַמט ניט לויט זייער דיאַלעקט, נאָר דווקא לויטן ליטעראַרישן אַרויסרייד (זע א. ווײַנרייך 1955: 98; 1959).

## דער ליטעראַרישער אַרויסרייד

דער ליטעראַרישער אַרויסרייד באַשטייט פֿונעם ליטווישן אַרויסרייד מיט איין „וויכטיקסטן" יוצא מן הכּלל: וואָוו יוד רעדט מען כּסדר אַרויס ווי ɔj בשעת ווען אין די מערסטע ליטוויש־יידישע וואַריאַנטן, ווערט וואָוו יוד אַמ־אָפּטסטן אַרויסגערעדט מיט ej, אַ שטייגער ליטוויש bejm ׳בוים׳, grejs ׳גרויס׳, lejf ׳לויף׳; דער אָפּנטראַפּיקער חולם אין סעמיטישן חלק ווערט אין מערסטע ליטווישע וואַריאַנטן קאָנסעקווענט אַרויסגערעדט ej, אַ שטייגער xéjdəš ׳חודש׳,

méjrə ‘מורא’, šléjmə ‘שלמה’. אין ליטעראַרישן יידיש הערט מען אין די אַלע ווערטער נאָר ɔj (צונויפגעגאָסן מיט יענעם וואָו יוד וואו דער ליטוואַק זאָגט ɔj אָדער uj און דער פּוילישער ייד ɔ̄, ō אָדער ōu, אַשטייגער אין בויך, מויד, שויב). אַזוי אַרום זיינען אין דער ליטעראַרישער שפּראַך פאַראַן אַזעלכע האָמאָנימען ווי טויב ‘הערט ניט’ און טויב ‘אַזאַ מין פויגל’, לויז ‘ניט שטייף’ און לויז ‘אַ מין שרצל’, וואו די דיאַלעקטן זיינען שטרענג מבחין: ביים ליטוואַק tejb, lejz כנגד tɔjb, lɔjz, ביים פּוילישן יידן tɔjp, lɔjs כנגד tōup, lōus, ביים אוקראַינישן יידן tɔjb, lɔjz כנגד tub, luz (אַמאָל; היינט איז אָט די אויסשפּראַך גאָר זעלטן).

פאַראַן אָבער דערצו נאָך אַ גאַנצע ריי פּרטים וואָס טיילן אויס דעם ליטעראַרישן יידיש פונעם ליטווישן: ניטאָ אינעם ליטעראַרישן אַרויסרייד קיין פּלאָנטערניש ביי די סיבילאַנטן ס—ש, ז—זש, צ—טש, ניטאָ קיין יאָטיזאַציע אויף פונאַנדערצוטיילן צוויי נאָכאַנאַנדיקע וואָקאַלן (ווי אַשטייגער אין tvújə ‘תבואה’) און ניטאָ נאָך אַ ריי פאָנעטישע אייגנאַרטיקייטן, וואָס מ׳טרעפט אין פאַרשידענע נוסחאות פונעם ליטווישן יידיש. וועגן די צוגאָבן צום הויפּט פאָרמל („ליטוויש מינוס דעם ej אויף וואָוו יוד”) איז שוין אָפטמאָל געגאַנגען די רייד (זע למשל א. ווײַנרייך 1951: 29; י. מאַרק 1951: 13-25; 1978: 15-31; ה.⸗ד. קאַץ 1987א: 25-40).

עס זיינען פאַראַן אַ פּאָר ווערטער אינעם ליטעראַרישן אַרויסרייד וואָס ווערן ניט אַרויסגערעדט לויטן אויסלייג, נאָר טאַקע ווי ביי ליטוואַקעס, צוליב דעם וואָס זייער שרייבונג שטימט ניט אויסגעהאַלטענערהייט מיט ו ו ע ל כ ן ניט איז דיאַלעקט, זיי זיינען היסטאָרישע שרייבונגען: די פּרעפּאָזיציע אויף: af און ניט ɔjf (אויפן דאַך afn dax); דער קאָנווערב אויפ⸗: uf און ניט ɔjf (אויפבויען úvbɔjən); דער פּראָנאָם אים: ɛm און ניט im (לעבן אים lébm ɛm); דער קאָנווערב אַרויפ⸗: arúf און ניט arɔjf (אַרויפגיין arúvgejn); די פּרעפּאָזיציע ביי: ba און ניט baj (ביי זיי ba zej); דער אַדווערב קוים: kam און ניט kɔjm (קוים באַוויזן); די פּרעפּאָזיציע קיין: kın און ניט kejn, kajn (קיין אַמעריקע kınamérikə); דער קאָנדיציאָנעלער ביי וואָלט אָדער נעביי וואָלט: (nə)xá vɔlt און ניט (nə)xáj vɔlt.

ביי די אַלע פאַלן דאַרף אָבער געזאָגט ווערן, אַז אין אַזויפל יידישע שולן, צווישן זיי די בעסטע סיי אין מזרח אייראָפּע פאַר דער מלחמה, סיי אין אַ סך אימיגראַציע לענדער, האָט מען גראַדע געלערנט די „אָרטאָגראַפישע אַרויסריידן”, אַפשיטא אַז מ׳קען זיי שוין ניט האַלטן פאַר „טעותן”. אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער און קולטורעלע פירער האָבן אָנגענומען די אַרויסריידן און האַלטן זיי פאַר די פאַסיקע פאַר דער ליטעראַרישער שפּראַך. מער פון אַלע אַנדערע פאָרמען האָט זיך איינגעפונדעוועט im (פגל. אַשטייגער דעם סאָוועטישן אויסלייג פון די אָפטסטע ווערטער אין דער סעריע: אַף, אופ⸗, אַרופ⸗, באַ, אָבער: אים).

אַ סוביעקטיווע באַמערקונג: ווען אַ געבאָרענער יידיש ריידנדיקער מענטש נוצט די אָרטאָגראַפישע פאָרמען, הערט זיך ניט קיין „טעות”. ווען איינער רעדט אָבער אַן אויסגעלערנטן יידיש, גרילצן זיי אין די אויערן. ניט קיין יושר, נאָר אַזוי איז עס. איז בעסער: af, uf, arúf, ɛm א.אַ.וו. אָדער, אויב מ׳האַלט זיך בכלל ביי אַ דרומדיקן אַרויסרייד: ōuf, ōuf \ if, aróuf \ aríf, ejm, א.אַ.וו.

פאַראַן אַ ריי אַנדערע פּרטים וואו דער ליטעראַרישער

אַרויסרייד גייט זיך פונאַנדער מיטן אויסלייג. צווישן זיי, אָט וועלכע: עין ווערט אַרויסגערעדט ej און ניט ε — פאַר ⸗נג און ⸗נק: ברענגען bréjŋgŋ, בענקען béjŋkŋ; פאַרן סופיקס ⸗יש: אַרכעאיש arxéjiš, העברעאיש hɛbréjiš; אינעם וואָרט קעניג kéjnig. דער דימינוטיווו פלוראַל סופיקס ⸗עך ווערט אָפט אַרויסגערעדט ax: שטעטלעך štɛ́tlax; דער צווייטער דימינוטיווו פלוראַל סופיקס ⸗עלעך ווערט אָפט אַרויסגערעדט alax: שטעטעלעך štɛ́talax. אין גערעדטן יידיש ווערט אויפגעהיט (אין פאַרשידענע מאָסן) די רעגרעסיווע אַסימילאַציע פון שטימיקייט: אויפוועקן úvvɛkn; געזאָגט gɪzɔ́kt; שוויצבאָד švídzbɔd; שרייבסט šrajpst. דער נון, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ טראָף, אַסימילירט זיך צום פריערדיקן לאַביאַל: ווייזן vájzn אָבער בלייבן blájbm.

## צום אורשפּרונג פונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד

דער פשוטער „גרונט⸗פאָרמל” פון ליטעראַרישן אַרויסרייד, ליטווישע וואָקאַלן אַחוץ יענעם ej וואו די דרומדיקע דיאַלעקטן האָבן אין די זעלביקע ווערטער ɔj, איז אין פּרינציפּ הונדערטער יאָרן אַלט. מיר רעכענען, אַז אַ שטודיע פון אַ גרויסן סכום כתב⸗ידן וועט דערווייזן, ווי איינגעשורשט עס איז דער באַגריף (לאו דווקא די דורכפירונג!) פון אַ סטאַנדאַרדן יידישן אַרויסרייד ביי מזרח⸗אייראָפּעאישע יידן. די ראיות אין אַמאָליקע כתבים, געשריבענע צי געדרוקטע, זיינען די אַזוי אָנגערופענע



„היפּערקאָרעקציעס”, דאָרט וואו דער ליטוואַק שרייבט וואָוו יוד וואו מ׳דאַרף היסטאָריש גערעדט צוויי יודן (שוין אויף ‘שיין’), און דאָרט וואו דער פּוילישער אָדער אוקראַינישער ייד שרייבט למשל וואָוו, דאָרטן וואו מ׳דאַרף היסטאָריש גערעדט יוד (גלוק אויף ‘גליק’). אַזעלכע שרייבונגען ווייזן אויף אַז ביי די אַלע דיאַלעקטן איז דאָ אין דער בשותפותדיקער פסיכאָלאָגיע אַ „ריכטיקער יידיש” — דאָס איז דעם הדיוטס באַגריף פון אַ סטאַנדאַרדיזירטער שפּראַך. דער הדיוט טראַכט דאָך וועגן „ריכטיק” און „ניט ריכטיק” דאָרטן וואו די סטיליסטיק איז אָביעקטיוו מבחין צווישן „סטאַנדאַרד” און „רעגיאָנאַל”.

די פאָרמולירונג, אַז דער גרונט⸗פאָרמל פון ליטעראַרישן אַרויסרייד איז „ליטוויש מינוס יענעם ej” איז אַ ריכטיקע, קוקנדיק אויף די פאַרשידענע דיאַלעקטן און דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד היינט צו טאָג. ס׳איז אַ פאָרמולירונג וואָס איז אויך בהסכם מיטן גאַנג פון דער אָרטאָגראַפיע פון מאָדערנעם מזרח⸗אייראָפּעאישן יידיש. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ליטוואַקעס זיינען אויך אין נייַנצנטן יאָרהונדערט געווען אַ מיעוט אין דער יידישער מזרח אייראָפּע, האָט מען אין אונדזער ליטעראַרישער שפּראַך סטאַנדאַרדיזירט בוך און ניט ביך, זאָג און ניט זוג, אייזן און ניט אהזן. ווי עס טרעפט אָבער אָפט אין דער געשיכטע פון געדאַנקען (און אויסלייג רעפאָרמען שטעלן מיט זיך פאָר אַ קאַפּיטל אין יענער געשיכטע), קען מען איין יש געבן צו פאַרשטיין אויף פאַרשידענערליי אופנים. קען מען טענהן, אין אונדזער ענין, אַז אין ליטווישן יידיש האָבן זיך גראַדע צופעליק אויפגעהיט די אַמאָליקע איכותן פון די וואָקאַלן מער איידער אַנדערשוואו; האָט זיך אויסגעלאָזט אַז די סטאַנדאַרדע

פערליך דר נמך פירט מיט דר כעל בריה מין היין הדר וואנ׳ווישר טווטלין
פון מיטן אונ רט גהגלי הדר ייינן פיל וויר כאם טווסן גהלוגן ווי דר זאה

דער סטאַנדאַרדער אַרויסרייד ווי אַ פּסיכאָלאָגיש־סאָציאַלע קאַטעגאָריע זעט זיך קלאָר אַרויס פון די היפּערקאָרעקציעס, לאַנגע יאָרן פאַר זאַמענהאָף און באָראָכאָו. אין 18טן יאָרהונדערט וואַרפן זיי זיך אַדורך וואו ניט וואו, אַשטייגער שליסלען אויף שליסלין (שליסלעך) אין זשאָלקווער קב הישר פון 1777 (דער פראַגמענט איבן — אַדאַנק דוב־בער קערלער; זע ד.־ב. קערלער 1990: 289). אין 19טן יאָרהונדערט טרעפט זיך אין טייל דרומדיקע דרוקן אַ נוסח וואו היפּערקאָרעקטקייט (בפרט ביי היסטאָרישע i קלאַנגען וואָס מ׳שרייבט מיט וואָו) איז גאָר די נאָרמע. אונטן: אָט אַזאַ פראַגמענט פון תחינות מקרא קודש, לעמבערג 1887.

מאַן אונ קינדער אין פין גאָר מײַן היז ניזונד דס דו זאלסט אונז בּשֶׁעריוְמן
פין דֶער האַנד פין אַויבּע״ אין פון אנזן אין פון אֵיין שְׁלֶעכטין מֶענטש
אינ פין אַלו מיני פורעָניות וואָס שְׁטורמין צו קומין אוף דער וועלט זאלסטו
אָפּ היטין מיך אין מײַן מאַן אינ גאָר מײַן היז ניזונד אין זאלסט אונז



שרייבונג איז במילא בהסכם דער עיקר מיט ליטוויש. די וואָקאַלישע כמותן, וואו דער פּוילישער יידיש איז אַ סך מער קאָנסערוואַטיוו, זיינען אין דער געשיכטע פון געשריבענעם יידיש ווייניק וואָס אָדער אינגאַנצן ניט איבערגעגעבן געוואָרן. אַ ריי היסטאָרישע צופאַלן האָבן באַווירקט אי די נייע יידישע אָרטאָגראַפיע, אי דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד.

די אַלע „גרייזן" אין אַמאָליקע כתבים, ד.ה. די פאַלן וואו מ׳האָט זיך אויסגעגליטשט און געשריבן אָדער לויטן דיאַלעקט אָדער היפּערקאָרעקט, דאָס זיינען אַלע יוצא־מן־הכללן וואָס קומען לערנען אויפן כלל. אַז אין דער פאָלקס־פּסיכאָלאָגיע האָט עקזיסטירט דער פאָרמל אויף אַ „סטאַנדאַרדן אַרויסרייד", דורות פאַר דעם ווי ס׳איז אויפגעקומען די נייע יידישע ליטעראַרישע שפּראַך. אויב אַזוי, איז דער ליטעראַרישער אַרויסרייד ניט קיין אויסטראַכטעניש פון געלערנטע, פון יושבי אוהל וואָס ווילן הערן איבער דער שפּראַך סאַמעראָדנע באַלעבאַטים. זי איז אויסגעוואַקסן ביים פאָלק.

ס׳דאַרף נאָך קומען די אויספאָרשונג אויף אָפּצומעסטן אויף ווי ווייט דער פאָרמל אויפן ליטעראַרישן אַרויסרייד איז אויפגעקומען צוליב „צופעליקע סיבות" (בתוכם די קאָנסערוואַטיווקייט פון דער איכות פון די וואָקאַלן ביי ליטוואַקעס; די מיטשטימונג פון יענער קאָנסערוואַטיווקייט מיטן געירשנטן אויסלייג פון עלטערן מערב יידיש); און אויף וויפל דער באַגריף „ליטע" האָט טאַקע געטראָגן אין מרחקים פרעסטיזש אויף אַזויפל, אַז די גרויסע מערהייט ניט־ליטווישע יידן זאָלן די אייגענע אויסשפּראַכן האַלטן פאַר ניט־סטאַנדאַרד. די צופאַלן זיינען זיכערע, דעם

סאָציאָלאָגישן צד דאַרף מען ערשט דערווייזן. די פּראָבלעמאַטיק דאַרף שטודירט ווערן אינאיינעם מיט דער געשיכטע פונעם אַשכנזישן אַרויסרייד פון לשון קודש און אַראַמיש, וואו עס איז דאָ אָן אַ שיעור מער סאָציאָלינגוויסטישע עווידענץ, דהיינו בפירושדיקע אַרויסזאָגונגען פון רבנים און מומחים (צום אַשכנזישן אַרויסרייד זע ה.-ד. קאַץ 1993ב; צו דער סטאַנדאַרדער אויסשפּראַך אין אַלט יידיש, 1993ג; צום איצטיקן ענין — קאַץ אין דרוק).

אין ניינצנטן יאָרהונדערט דאַרף מען זיך אויך רעכענען מיט דעם מוסטער פון דייטש, לפּחות ביי משכילים און שפּעטער אין די פּאָליטישע באַוועגונגען. די ליטווישע וואָקאַלן זיינען אין די מערסטע פאַלן צופעליק נעענטער צו די סטאַנדאַרדע ניי-הויך-דייטשישע. אַזוי אַרום באַקומט זיך אַ סעריע גורמים וואָס שטופּן אַלע אין איין ריכטונג: געירשנטע שרייבונגען, מיטשטימונג פון די-אָ שרייבונגען מיט ליטוויש, זייער רעלאַטיווע מיטשטימונג מיט דייטש, און אפשר אויך: דער פּרעסטיזש פון ליטע. אַכלל: די כּוחות פון דער געשיכטע. דאָס וואָס טייל גורמים זיינען מער „אָנגעלייגט" ווי אַנדערע ביי דעם אָדער ביי יענעם, איז לחלוטין ניט שייך. אַזוי איז געווען און פאַרפאַלן. דאָס הייסט דאָך: געשיכטע.

## דערפאָלג פונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד

אונדזערע ראשונים אין דער יידישער סטיליסטיק האָבן גענומען דאָס וואָס איז פאַראַן געווען, אויפגעשריבן,



פּאָרמולירט, ראַפינירט און אויסגעלייטערט. אונדזערע שולן און קולטור אינסטיטוציעס, און אַ שיין ביסל שרייבער, האָבן די זאַך אַדורכגעפירט. „אַדורכגעפירט" איז דאָ טייטש אַז מ'האָט גורם געווען, אינספּירירט, געצוואונגען — דאָס דאַרף מען ערשט אויספאָרשן — אַז אַ סך יחידים זאָלן פּאַקטיש אָפּלאָזן דעם היימישן דיאַלעקט און באַוואוסטזיניקערהייט אַריבער אויפן ליטעראַרישן.

ביים פּראָקלאַמירן די זאַך איז ניט געווען וואָס צו לייקענען, אַז דער ליטעראַרישער אַרויסרייד איז זייער נאָענט צום ליטווישן יידיש. פּאַרקערט, דאָ איז דער יידישיסטישער מאָטיוו אַריין אין קאָן: די ראָמאַנטיק פון ליטעראַרישע שפּראַכן פאָדערט אַז אַ שטאָט צי אַ געגנט זאָל מיט זיך פאָרשטעלן אין פאָלקס-באַוואוסטזיין „די היים" פונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד, אָפטמאָל די שטאָט וואָס איז במילא אויך די פּאָליטישע, היסטאָרישע און סאָציאַלע קרוינשטאָט, אָדער לפּחות זייער אַ פּרעסטיזשפולע שטאָט.

האָט מען דעם גרייטן פאָרמל בלויז געדאַרפט אידענטיפיצירן מיט דער געגנט וואו מ'רעדט אַזוי במילא (אין אַ גרעסערער מאָס איידער אַנדערשוואו). דאָ ווי ביים רוב ענינים איז בער באָראָכאָוו, דער גאון און בויער פון דער נייער יידישער פילאָלאָגיע, געווען דער וואָס האָט עס „בפירוש געזאָגט". ביים פעסטשטעלן די יסודות פון דער נייער יידישער אָרטאָגראַפיע האָט ער עס אין איין קורצן זאַץ איבערגעגעבן:

> פאַרן יסוד נעם איך די אויסשפּראַך פון דעם ווילנער קאַנט.
> (באָראָכאָוו 1913א: 18)

נאָך פאַר באָראָכאָוון האָט לודוויג זאַמענהאָף, דער

וועלט באַוואוסטער באַשאַפער פון עספּעראַנטאָ, שרייבנדיק אונטערן פּסעוודאָנים Dr X, באַשריבן דעם פאָרמל פון ליטעראַרישן יידיש:

> בכן לייג איך פאָר אַ כלל: צו שרייבן שטענדיק אַזוי, ווי עס רעדן אויס די ליטווישע יידן; דאָרט אָבער, וואו ביי די ליטווישע יידן איז שווער צו אונטערשיידן [!] צווישן איי און אוי — באַדאַרף מען נעמען אין אַכט דעם פּוילישן דיאַלעקט.
> (זאַמענהאָף 1910: 91)

אָט דער אָפּענערהייט אַרביטראַרער פאָרשלאַג איז פאַרשטייט זיך מער אָנגענומען אײדער זאַמענהאָפס פריערדיקע, סתם לאָקאַל פּאַטריאָטישע טענה, אַז ליטוויש איז „ריינער און רעגלמעסיקער" (זאַמענהאָף 1909: 54). די פּראָקלאַמאַציע האָט אַ האַפּט אין ראַם פון דער היסטאָרישער צוגעפּאַסטקייט פונעם געירשנטן אויסלייג מיטן ליטווישן וואָקאַליזם; אין ראַם פון אַ שוין עקזיסטירנדיקן פּסיכאָלאָגישן סטאַנדאַרד ביים פאָלק.

די ווילנער יידישע אינטעליגענטן, בפרט אין דער תקופה צווישן די בײדע וועלט מלחמות, האָבן מקפּיד געווען אויסצומיידן דעם ליטוויש⸗דיאַלעקטישן ej זייערן, פלאָנטערנישן ביי סיבילאַנטן און נאָך פּרטים. קוקנדיק שוין אויף צוריק, האָט מאַקס ווײנרײך געשריבן אַז „בדיעבד איז אָבער ווילנע געוואָרן די נאָרמע — ניט דער ווילנער קאַנט סתם, ניט דער ווילנער דיאַלעקט סתם, נאָר דאָס ׳געלייטערטע יידיש׳ פון דער ווילנער יידישער אינטעליגענץ" (מ. ווײנרײך 1973א: I, 308; פּגל. III, 319). אין דעם ענין איז די סאָוועטיש⸗יידישע סטיליסטיק בדרך כלל געקומען צו דער זעלביקער מסקנא (זע למשל צוויג 1929), אַ שאַרפער



קאָנטראַסט לגבי אַזויפל אַנדערע ענינים, וואו דער גאַנג איז געווען באַשמירן מיט סמאָלע „דאָס אויסלאַנד פון די ווײנרײכס" (סלוצקי 1935: 73). אַפּריאָרי וואָלט דאָס געקענט ווערן אַ סלע המחלוקת, בפרט נאָך אַז שטיין איז דער ייוואָ געשטאַנען אין — ווילנע. גאָר אינטערעסאַנט איז זאַרעצקיס אַרטיקל „וועגן יידישער אָרטאָעפּיע" (זאַרעצקי 1929). ס׳איז אַן עסיי פול מיט אינערלעכע סתירות, אָבער ניט קיין פּאָליטיש⸗מאָטיווירטע, ווי ס׳טרעפט זיך אַזוי אָפט אין דער סאָוועטישער יידישער לינגוויסטיק פאַר דער מלחמה, נאָר וואָדען: עכטע סתירות. אָט איז בקיצור, זאַרעצקיס געדאַנקען⸗גאַנג: אַ ליטעראַרישער אַרויסרייד דאַרף דאָך געבויט זיין אויפן דיאַלעקט פון דער מערהייט. ביי אונדז איז נאָר דאָ אַן אינטערדיאַלעקטישע שריפט, און די וואָס פאָלגן זי, ריידן ליטעראַריש; אָט דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד טאָר מען ניט פלאָנטערן מיט ליטוויש. אַ צרה אָבער וואָס ער איז פאָרט זייער נאָענט צו ליטוויש. און אויב בכלל אַ סטאַנדאַרדער אַרויסרייד, דאַרף מען עם בויען אויף די וואָס ריידן שוין „ליטעראַריש", קומט עס אויס במילא נאָענט צו ליטוויש (זע אויך זאַרעצקי 1930: 54, 56, 57). דער באַקאַנטסטער סאָוועטישער פּראָטעסט קעגן דער „ליטווישער העגעמאָניע" איז וואָלאָדאַרסקיס: קינדער „פאַרשטייען ניט. פאַרוואָס עפּעס האָט זיך טביה צערעדט ליטוויש?" (וואָלאָדאַרסקי 1928: 36).

אין דער גאָר אינטערעסאַנטער עסיי שפּילט זיך זאַרעצקי מיט פאַרשידענערליי איינפאַלן איבערצוקאָנסטרואירן די זאַך, בתוכם: „איבערמאַכן די שריפט גופא אַזוי, זי זאָל זיין צוגעפּאַסט מער צו דער מערהייט יידיש ריידער (צ.ב. שרייבן קים מיט מיר, שרייבן טאָג [דרום יידיש

[tug] און וואָך [דרום יידיש vɔx] מיט פאַרשיידענע וואָקאַלן א.א.וו)". ער איז אָבער די אייגענע המצאה באַלד אויף אַן אָרט מבטל: „אָבער דאָס וואָלט געווען אַזאַ קאָלאָסאַלע הוצאה פון געזעלשאַפטלעכער ענערגיע, אַז ס'איז ניט רעאַל צו רעדן וועגן דעם [...]".

אַ צוקונפטיקע שטודיע דאַרף אונטערזוכן צי אויך אין דער תורה וועלט, בפרט אין די גרויסע „ליטווישע" ישיבות איבער דער וועלט, סטאַרעט מען זיך צו ריידן ליטוויש אָבער פאָרט אויסצומיידן „יענעם ej", בפרט ביי געוויסע הייליקע ווערטער (אַשטייגער תורה). צריך עיון. וועגן דעם אַרויסרייד ביי ליובאַוויטשער קינדער אין אַמעריקע אין די זעכציקער יאָרן האָט געשריבן יאָכנאָוויץ (1968).

ניט קיין קלייניקייט, וואָס ביי אונדזער פאָלק פון ששים רבוא שבטים איז פאַראַן איין נטיה ביים פעסטשטעלן דעם „ליטעראַרישן אַרויסרייד". דער סך⸗הכל: אונדזער סטאַנדאַרדער אַרויסרייד איז געגרונטפעסטיקט געוואָרן ווי אַ פועל יוצא פון פיר היסטאָרישע טעמים. ראשית, די נטיה ביים פאָלק גופא אין גאַנג פון דור⸗דורות, וואָס איז כולל אַ וועלט מיט היסטאָרישע איינפלוס⸗כוחות (מיטשטימונג מיט דער געירשנטער שרייבונג, פרעסטיזש פון דער יידישער ליטע, מיטשטימונג מיט דייטש); צווייטנס, די באַשטעטיקונג פון דער נטיה דורך אונדזערע גרויסע פילאָלאָגן, וועמען ווילנע איז געוואָרן אַ קרוינשטאָט פון אַ שפּראַך, וואָס קיין מלוכה האָט זי ניט; דריטנס, דורך דעם בפירושדיקן באַנוץ פון דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד אין שולן, אין ליטעראַרישע, קולטורעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס; און לעצטנס: די מחיהדיקע אויסגעהאַלטנקייט פון ליטעראַרישן אַרויסרייד מיט אונדזער אָרטאָגראַפיע, וואָס



גיט יידיש די מעלה פון דעם וואָס דער עולם רופט אָן „אַ פאָנעטישע שרייבונג" — וואָס איז מי יודע ווי וויכטיק ביי דעמאָגראַפיש שוואַכערע שפּראַכן, וואָס מוזן אויסזוכן וואָסאַמאָל מער אַטראַקטיוו („גרינג"), אויף צוצוציען תלמידים.

## דער צד שכנגד: די דרומיסטן

אין דער נייער יידישער פילאָלאָגיע זיינען אויך פאַראַן אַ ריי חשובע קעגנער פונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד. קעגנער וואָס האָבן — אָביעקטיוו גערעדט, ריכטיק — געזען אין יענעם אַרויסרייד ניט מער ווי אַ וואַריאַנט פון ליטווישן יידיש מיט קליינטשיקע פשרות. זיי האָבן אויך — אָביעקטיוו גערעדט, ריכטיק — אָנגעוויזן אַז די גרויסע מערהייט יידיש ריידנדיקע יידן זיינען אַלעמאָל געווען די ניט⸗ליטווישע. זיי האָבן געטענהט, אַז דער יידישער אויסלייג איז בעצם „אוטראַקוויסטיש", ד.ה. אַז די זעלביקע וואָקאַלישע סימנים לייענט יעדער ייד אויף זיין שטייגער, אַזוי אַז דער קמץ⸗אלף איז ניט קיין ɔ, קיין u אויכעט ניט, נאָר וואָס: ביידע. זאָל דער פוילישער ייד, זאָל דער וואָלינער ייד לייענען zúgn און דער ליטוואַק zɔ́gn. ביי איינעם איז עס kúməc, ביי יענעם kɔ́məc, און אַראָפּ פון מאַרק (זע למשל שפּילריין 1926: 16; נינינגער 1949: 208-211; בירנבוים 1953: 113-115). אָט די אינטערדיאַלעקטישקייט האָט מיזעם אויסגענוצט אין זיינע טענות אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ קעגן די דעמאָלטיקע פּראָיעקטן אויף אַריבערצוגיין אויפן לאַטייניש

אַלפֿאַבעט (מיזעס 1908: 191).

אַחוץ דעם אַלעמען האָט זיך אין יידישן טעאַטער אַנטוויקלט אַ סטאַנדאַרדער אַרויסרייד וואָס איז געבויט אויף די דרומדיקע דיאַלעקטן (ד.ה. צענטראַל־מזרח יידיש, פּאָפּולער „פּויליש" און דרום־מזרח יידיש, פּאָפּולער „אוקראַיניש" אָדער „וואָלינער יידיש"). נח פּרילוצקי האָט געהאַלטן, אַז אַזוי ווי ביי די דייטשן, וועט דער יידישער טעאַטער אַריינפֿירן „אַן אַלגעמיינעם מוסטער אויסשפּראַך" (פּרילוצקי 1930: 158). כך לא הוה, די טעאַטראַלע אויסשפּראַך איז געבליבן — אין טעאַטער. די פּאָפּולערע השגה אַז דער טעאַטער אַרויסרייד איז דווקא „אוקראַיניש" אָדער „וואָלינער יידיש" איז ריכטיק אויף ווי ווייט ס׳ווערן אין אים אויסגעמיטן יענע פֿאָנעטישע אייגנשאַפֿטן וואָס דער עולם באַטראַכט פֿאַרן „יסוד" פֿונעם „קאָמפּראָמיס דיאַלעקט": „ליטוויש ej" אין גייג, שטיין אָבער „פּויליש u" אין וואָגן, שלאָגן, „פּויליש i" אין מוזן, קומען א.א.וו. דער לינגוויסטישער אמת איז, ווי תמיד, אַ סך מער קאָמפּליצירט. די פּויליש־יידישע יסודות זיינען פּונקט אַזוי שטאַרק, מערניט דאָס זעט זיך ניט אָן היינט צוליב דעם וואָס אַ סך שטריכן פֿון אוקראַינישן יידיש זיינען היינט אַזוי זעלטן אַז מ׳האָט אין זיי פֿאַרגעסן, ווי אַשטייגער דאָס ריידן „אויפֿן חיריק" (libn אויף לעבן), דאָס אַרויסריידן u אין הויז, מויז און אַפֿילו די ɔ וואָקאַלן פֿון „טאַטע־מאַמע לשון". אָטאָ די אַלע שטריכן זיינען דאָך אין טעאַטער דיאַלעקט ניט אַריין. ביזן היינטיקן טאָג איז די בעסטע באַשרייבונג פֿון אונדזער טעאַטער דיאַלעקט נח פּרילוצקיס „די יידישע בינע שפּראַך" (פּרילוצקי 1927). ניט געקוקט אויף די טיילווייז נאָרמאַטיווע כוונות פֿון זיין עסיי, האָט פּרילוצקי דערלאַנגט אַ גלענצנדיקן



לינגוויסטישן אַנאַליז פֿונעם טעאַטער דיאַלעקט און פֿון די אַלע פּרטים אין וועלכע ער גייט זיך פֿונאַנדער מיט דעם אָדער יענעם וואַריאַנט פֿון דרום־מזרח יידיש.

אַנטקעגן פּרילוצקיס פּאָזיציע לטובֿת דעם טעאַטער דיאַלעקט איז דאָ אוריאל וויינרייכס אָפּלייקענען זיין עצם עקזיסטענץ:

> איך בין חושד, אַז זי איז אויף קיין שום רעאַלער אויסשפּראַך ניט געבויט, אַז זי איז אַ צופֿעליקער קאָנגלאָמעראַט פֿון די הכרות פֿון עטלעכע פּראָמינענטע אַקטיאָרן, אַז זי האָט ניט קיין שום לינגוויסטיש מאָטיווירטע כללים און קיין שאַרפֿע מאָסן פֿון קאָרעקטקייט. אַדרבא, זאָל אַ חסיד פֿון דער בינע אויסשפּראַך אָפּפֿרעגן די חשדים.
>
> (א. וויינרייך 1951: 29)

אין דער וועלביקער דיסקוסיע (אוריאל וויינרייכס דעבאַטע מיט חיים גינינגערן און שלמה בירנבוימען), האָט וויינרייך באַוויזן אַז דער געשריבענער יידיש איז ניט אַזוי „אינטערדיאַלעקטיש" ווי ס׳האַלטן די „דרומיסטן". אויסער דעם ליטווישן ej אויף וואו ייד איז דאָ ביי די באַטאָנטע וואָקאַלן אַ פּערפֿעקטע מיטשטימונג צווישן קלאַנג און אות אין די ניט־סעמיטישע טיילן פֿון יידיש, וואָס לערער פֿון אַנדערע לשונות קענען מערניט חלומען פֿון אַזאַ אויסגעהאַלטנקייט (א. וויינרייך 1951). דעם געבאָרענעם יידיש ריידנדיקן פֿון אַנדערע דיאַלעקטן איז דער יידישער אויסלייג טאַקע גוט און פֿיין פֿאַר אַלע דיאַלעקטן. דעם אָנהייבער איז עס אָבער פֿאָלג מיך אַ גאַנג, מחמת די „אוטראַקוויסטישקייט" איז חל נאָר ביי טייל ווערטער, דאָס הייסט, אַז זי — עקזיסטירט ניט. דער סטודענט וואָס

קומט צו יידיש פֿון דער פֿרעמד און וויל ריידן אַשטייגער פּויליש יידיש, קען פֿון דער שרייבונג ניט וויסן, אַז קמץ־אלף איז ɔ אין גאָט, u אין טראָגן און ū אין פּאָרן; אַז וואָוו איז i אין זון ('שמש'), ī אין זון ('אַ זון מיט אַ טאָכטער'), əū (אין ליטעראַטור); אַז עין איז ɛ אין בעטן (וואו מ'שלאָפט), ej אין בעטן (אַ טובה). און אַזוי ווייטער. דעם חילוק צווישן דער מיטשטימונג פֿון אונדזער אָרטאָגראַפֿיע מיט ליטוויש, און איר אומשטימונג מיט אַשטייגער אַ דרום־מזרחדיקן דיאַלעקט, האָט אוריאל ווײַנרײַך אויפֿגעוויזן גראַפֿיש (א. ווײַנרײַך 1951: 28); זע אויך בירנבוימס ענטפֿער (בירנבוים 1953). מ'קען זייער דעבאַטע היינט אָפּמעסטן אָט אַזוי אָ: קינדער און סתם סטודענטן זיינען סוף כל סוף יאָ פֿעאיק צו לערנען שפּראַכן, וואָס זייער אויסלייג איז ניט צוגעפּאַסט צום אַרויסרייד (אַשטייגער ענגליש). אין פֿאַל פֿון יידיש קומט נאָך צו דער פֿאַקט אַז די מערהייט רעדט אויף איינעם פֿון די דרומדיקע דיאַלעקטן. קעגן דעם אַלעמען שטייט דער דעמאָגראַפֿישער מעמד פֿון יידיש אַלס „שוואַכע שפּראַך" וואָס דאַרף זיך פֿאַרלאָזן אויף אַטראַקטיווקייט פֿאַרן סטודענט, און די מיטשטימונג צווישן אות און קלאַנג וואָס ביים ליטעראַרישן אַרויסרייד איז — „זייער אַטראַקטיוו".

## וואו האַלט מען איצטער?

סוף צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז פֿאַראַן אַ יוצא־מן־הכלל וואָס איז עלול דעם „כלל" אַרויסצושטופּן: דאָס לשון ביי דער גרויסער מערהייט חסידים, וואָס ביי זיי



לעבט היינט יידיש מער ווי אומעטום, וואָס ביי זיי ווערט יידיש נאַטירלעכערהייט איבערגעגעבן פֿון דור צו דור. דאָרטן איז די נטיה להלוטין ניטאָ. אמת, די מעכטיקע ליובאַוויטשער ריידן ליטוויש יידיש, אָבער ביי זיי רעדט מען מיט קינדער אין דער היים יידיש ווייניקער איידער ביי די חסידים וואָס שטאַמען פֿון די דרומדיקע געביטן פֿון מזרח אייראָפּע; אַ סברא אַז ליטוויש יידיש האַלט זיך אַמשטאַרקסטן ווי אַ מוטערשפּראַך ביי יענע ירושלימער חסידים, בתוכם די בראַצלעווער, וואָס היטן אויף די הברה פֿון „אַלטן ישוב". איבער דער וועלט הערט מען אָבער ביים רוב חסידישע קינדער אַ דיאַלעקטיש ריינעם פּויליש־יידישן אַרויסרייד. קוקנדיק דעמאָגראַפֿיש זעט עס אויס, אַז דער נייער סטאַנדאַרדער יידישער אַרויסרייד וועט זיין געבויט אויפֿן פּוילישן יידיש, גענוי ווי עס האָט געוואָלט שלמה בירנבוים. צי מ'וועט עס דעמאָלט קענען אָנרופֿן „ליטעראַרישער אַרויסרייד" וועט זיך פֿאַרשטייט זיך ווענדן אָנעם דעמאָלטיקן סאָציאַלן, קולטורעלן און ליטעראַרישן מעמד פֿונעם יידיש ביי חסידים איבער דער וועלט (צי „אַקטיווע" חסידים צי אַזעלכע וואָס ווערן אַריין אין נייע סביבות). מיר אַליין זיינען זיכער, אַז סוף כל סוף וועט אויפֿקומען אין יענע קרייזן אַ נייע און מעכטיקע יידישע ליטעראַטור אין איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. וועגן די־אָ נביאות וועט דאַרפֿן משפּטן דער לייענער פֿון הונדערט יאָר אַרום, וואָס וועט אונדזער בוך אפשר געפֿינען ערגעצוואו אין אַ ביבליאָטעק. . .

און אין ניט־חסידישע קרייזן, אין די קרייזן פֿון אוניווערסיטעטן און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס? מ'ווייס קלאָר פֿון דער שפּראַך וויסנשאַפֿט, אַז דער גאַנג אָנצורופֿן

די ניט⸗ליטווישע אַרויסריידן „ניט ריכטיק”, איז אַריין אין כלל פון דברים בטלין ומבוטלין. יעדער נאַטירלעכער דיאַלעקט פון יידיש איז פונקט אַזוי ריכטיק און פונקט אַזוי שיין ווי יעדער אַנדער דיאַלעקט. זאָל מען אַפילו אָפּהיטן דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד אויף גאַנצענע הונדערט פּראָצענט, בלייבט אָפּגעפרעגט די אַמאָליקע שיטה אין אונדזערע שולן, וואָס האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דעם אַרויסרייד פון די דרומדיקע דיאַלעקטן. די לינגוויסטיק גיט צו וויסן, אַז עס זיינען ניטאָ קיין בעסערע און ערגערע דיאַלעקטן. די סאָציאָלינגוויסטיק ווייזט אויף, אַז אַ סטאַנדאַרדער אַרויסרייד קען עקזיסטירן ביז הונדערט צוואַנציק און מער, בשכנות און בשותפות מיט די דיאַלעקטן, וואָס זיינען טאַקע „ניט⸗סטאַנדאַרד”, אָבער בשום אופן ניט חלילה „סוב⸗סטאַנדאַרד”. שפּילריינס סך⸗הכל איז געבליבן פריש עד היום:

> די ריכטיקע באַציאונג פונעם לערער צו די דיאַלעקטישע באַזונדערהייטן: ניט שטרעבן אויסצואוואָרצלען דעם אונטערשייד צווישן זיין אויסשפּראַך און דער אויסשפּראַך פון די קינדער, נאָר שטרעבן וואָס מער צונויפבינדן די קינדער מיט דער ליטעראַרישער שפּראַך.

(שפּילריין 1926: 17)

צו דעם אַלעמען קומט צו נאָך אַ מאָמענט, וואָס קומט שטאַרקן די טענות פון די וואָס האַלטן וויניקער פונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד: ערשט איצטער, סוף צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נעמט ווערן רעכט שיטער דער דור געבאָרענע יידיש ריידנדיקע יידן, וואָס האָבן זייער לשון קינדוויז אויסגעלערנט אין מזרח אייראָפּע פאַרן חורבן. הייסן



הייסט דאָס, אַז אונדזערע אַלע מזרח⸗אייראָפּעאישע דיאַלעקטן זיינען אוצרות וואָס קענען פאַרשוואונדן ווערן אויב מ׳וועט זיי ניט אויפהיטן מיט ליבע און מיט עקשנות.

ווער ס׳וויל נוצן נאָר און בלויז דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד, איז אויך גוט. ס׳איז אין גאַנג פונעם לעצטן יאָרהונדערט געוואָרן ניט נאָר אַ לעגיטימער אַרויסרייד, נאָר אַן אַרויסרייד וואָס ציט צו צו זיך גרויס דרך ארץ; ס׳איז דער אַרויסרייד פון געלערנטע, שרייבער, לערער, קולטור טוער, שול סיסטעמען. בשעת דיאַלעקטישע אַרויסריידן זיינען מסוגל צו זיין קולטורעל דערהויבן אין די אויגן פון דער יידיש ריידנדיקער געזעלשאַפט, איז דער ליטעראַרישער אַרויסרייד דווקא קולטורעל.

עס זיינען אויך אָנגענומען — וואו מער וואו וויניקער — מישונגען צווישן דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד מיט אַ וועלכן ניט איז דיאַלעקט. „חצי חצי” מישונגען טרעפן זיך זעלטן, און בדרך כלל לאָזט זיך ריידן וועגן אַ דיאַלעקטיש באַפאַרבטן ליטעראַרישן אַרויסרייד, און אַ ליטעראַריש באַפאַרבטן דיאַלעקטישן אַרויסרייד.

פאַראַן אָבער צוויי „אומנאַטירלעכע גענג” וואָס גרילצן אין אויער. ערשטנס: דאָס פּרובירן ריידן אויף אַ ריינעם דיאַלעקט ווען ס׳איז ניט נאַטירלעך, ווען דער אמת איז, אַז מ׳איז צוגעוואוינט צום ליטעראַרישן. אין „פאָלקלאָר” פון דער אָקספאָרדער יידיש פּראָגראַם, ווערן אָפּט דערמאָנט צוויי אַמאָליקע געסט פון אַמעריקע,ביידע איבערגעטריבענע דיאַלעקטן⸗פּאַטריאָטן. איינער האָט זיך אויף אַזויפל געסטאַרעט ריידן ליטוויש, אַז ער האָט „אַריינגעהאַקט” דעם ej דאָרטן וואו ביי עכטע ליטוואַקעס איז דער דין גראַדע oj. האָט מען ביי אים אין זיין „ליטווישן עקסטאַז” געקענט הערן

bejx אויף ׳בויך׳, hejz אויף ׳הויז׳. אַ צווייטער, פֿאַרקערט, האָט אין זיין „פּוילישן עקסטאַז״ געזאָגט gut רחמנא לצלן אויף ׳גאָט׳. נאָכמער, ער האָט די חכמה אַריבערגעפֿירט אויף לאָנדאָן וואָס איז אין זיין מויל געוואָרן ניט אַנדערש: lúndn. דער יוצא מדברינו: טויזנט מאָל בעסער אַ געמיש פֿון נאַטירלעכן דיאַלעקט מיטן ליטעראַרישן אַרויסרייד איידער אַ ניט־געלונגענער פּוריסטישער דיאַלעקטן־פּאַטריאָטיזם.

צווייטנס: דער יידישער אויער (פֿאָרמעל גערעדט: „די יידישע אָרטאָעפּיע״) וואָס טאָלערירט יאָ מישונגען פֿון דיאַלעקט און ליטעראַרישן אַרויסרייד, טאָלערירט בשום אופֿן ניט קיין מישונגען צווישן דיאַלעקט און דיאַלעקט. אַז מ׳מישט דעם ליטווישן bejm ׳בוים׳ מיטן פּוילישן zíxn ׳זוכן׳, גרילצט עס. ניט ווייל ס׳איז אָביעקטיוו ניט שיין חלילה, נאָר צוליב דער אומנאַטירלעכקייט פֿון דער רעזולטירנדיקער סטרוקטור פֿון די קלאַנגיקע עלעמענטן. אין דער ליטעראַטור קריטיק איז דער ענין אויפֿגעשוואומען אין דער פּרשה גראַמען. די יידישע פּאָעטיק, נאָכגייענדיק דעם חוש פֿון די וואָס ריידן די שפּראַך, האָט בקול אחד פֿאַרדאַמט יענע פּאָעטן וואָס גראַמען אין איין ליד „אַמאָל פּויליש״ און „אַמאָל ליטוויש״, אַבי אַ גראַם (זע די ביבליאָגראַפֿיע ביי א. ווײַנרייך 1959: 436, הערה 43; פֿגל. איצט גאָלדבערג 1986).

טאָ לאָמיר אויפֿהיטן סיי דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד, וואָס איז אַזאַ גרויסער אויפֿטו פֿון דער נייער יידישער קולטור, סיי די אַלע דיאַלעקטישע אַרויסריידן וואָס זיינען אַזאַ גרויסער אויפֿטו פֿון דער טויזנטיאָריקער געשיכטע פֿון יידיש.

# אָ ר ט אָ ג ר אַ פ י ע

## גאונות פון דער ייִדישער אָרטאָגראַפיע

סעמיטישע אַלפֿאַבעטן פֿאַרמאָגן, היסטאָריש גערעדט, נאָר און בלויז קאָנסאָנאַנטן. דעם וואָס רעדט נאַטירלעך אַ סעמיטיש לשון, מאַכט עס איבעריקס ניט אויס. ער שטויסט זיך שוין אָן די וואָקאַלן, דער עיקר צוליב דער סטרוקטור פֿון די סעמיטישע שפּראַכן, וואו די שרשים באַשטייען פֿון דריי קאָנסאָנאַנטן און די וואָקאַלן בויען די מאָרפֿאָלאָגיע — די ביגונגען אויף פֿערזאָן, צאָל, צייט א.א.וו. דער „קלאַסישער סעמיט", וויבאַלד ער קוקט אָן אָטאָ די דריי קאָנסאָנאַנטן, זעט ער גלייך אויף אַן אָרט דעם שורש; די וואָקאַלן ווייס ער אַליין ווייל ער רעדט דאָך די שפּראַך פֿון דער היים. ביי אַ גאַנצער ריי סעמיטישע שפּראַכן, בפֿרט ביי אַזעלכע וואָס זיינען אויסגעשטאָרבן אַלס טאָגטעגלעכע גערעדטע לשונות און וואָס האָבן ווייטער געלעבט ווי ליטעראַרישע שפּראַכן, שפּראַכן אויף לערנען און תּפֿילה טאָן, האָט מען צוגעקלערט סיסטעמען פּינטעלעך (דיאַקריטישע צייכנס) אויף אָנצואווייזן די וואָקאַלן, דעמאָלט ווען מ'האָט זיך שוין ניט „אָנגעשטויסן" מבטן ולידה. מיט העכער טויזנט יאָר צוריק זיינען אויפגעקומען ביי ייִדן אין מיטעלן מזרח פֿאַרשידענע סיסטעמען נ י ק ו ד, וואָס איינע פֿון זיי, די סיסטעם פֿון טבריה, וואָס שטאַמט פֿון די חכמי טבריה און

בפֿרט פֿון דער משפּחה בן אשר, איז געוואָרן בײַ ייִדן דער סטאַנדאַרדער ניקוד פֿון לשון קודש און אַראַמיש.

סיסטעמען פּינטעלעך זײַנען פֿײַן און גוט אויף צו לערנען מיט קינדער לייענען, און צום אַלגעמיינעם באַנוץ בײַ אַזעלכע הייליקע לשון־קודשדיקע ספֿרים ווי דער תנ״ך און דער סידור. אַז ס׳גייט אָבער די רייד וועגן אַ לעבעדיקער גערעדטער שפּראַך, זײַנען פּינטעלעך פֿאַרקערט אַן אָנשיקעניש, סײַ פּראַקטיש סײַ פּסיכאָלאָגיש. זיי שטערן דעם ריטעם פֿון שרײַבן צוליבן כּסדר צוריקגיין און פּינטלען. די אויגן הייבן אָן פּינטלען בײַם לייענען.

נאָך אין ארץ ישׂראל און אין בבל האָט מען אויסגעזוכט אַ פּרינציפּיעלע תּרופֿה דערויף. מ׳האָט גענומען אותיות אויף אַמאָליקע קאָנסאָנאַנטן, וואָס האָבן אין גאַנג פֿון דער געשיכטע אָנגעוואָרן זייער קאָנסאָנאַנטישקייט און זיי אויסגענוצט אויף וואָקאַלן. אָטאָ דער פּראָצעס, בײַ לשון קודש און אַראַמיש, האָט געפֿירט צום כּתיב מלא ('די פֿולע שרײַבונג'): דאָס נוצן וואָוו אויף די הינטערשטע וואָקאַלן מלאפֿום, שורוק און חולם; דאָס נוצן יוד אויף די פֿאָדערשטע וואָקאַלן חיריק און צירה. ווי אַ סיסטעם שרײַבן איז ייִדיש אַזוי אַרום ניט געבאָרן געוואָרן מיט טויזנט יאָר צוריק, נאָר מיט טויזנטער יאָרן צוריק אין אַ פּראָצעס, וואָס האָט זיך פּשוט ווײַטערגעפֿירט פֿון לשון קודש ביז אַראַמיש ביז ייִדיש, פּונקט ווי די דרײַ לשונות גופֿא פֿורעמען אויס, צוריקקוקנדיק, אַ ניט־איבערגעריסענע קייט שפּראַכן בײַ ייִדן (זע בירנבוים 1953: 115-119; ה.־ד. קאַץ 1991א: 36-37, 85-86).

אַ קאָנסאָנאַנטישער סעמיטישער אַלפֿאַבעט איז הדרגהווײַז און אויף אַ וווּנדערלעכן אופֿן צוגעפּאַסט



געוואָרן צו אַן אייראָפּעאישער שפּראַך — י י ד י ש — וואו די וואָקאַלן זײַנען אומבאַדינגט נייטיק. דער סוף־פּונקט פֿון דער אַנטוויקלונג איז דער גראַנדיעזער סטרוקטורעלער אויפֿטו: אַ ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע וואָס איז אויסערגעוויינלעך פֿאָנעטיש (לגבי דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד), וואָס איז גענוג אינטערדיאַלעקטיש, פּסיכאָלאָגיש גערעדט, אויף ניט סותר צו זײַן די וואָס רעדן אויף פֿאַרשידענע דיאַלעקטן, און — דאָס אַליין דערגרייכט אָן דער אָנשיקעניש פֿון „פֿרײַע פּינטעלעך”, אַזעלכע וואָס דאַרפֿן צוגעשטעלט ווערן דאָ און דאָרטן (קמץ־אלף און פּתח־אלף זײַנען סטרוקטורעל גערעדט באַזונדערע א ו ת י ו ת; די שייכותדיקע קלאַנגען ווערן ת מ י ד איבערגעגעבן מיט די־אָ אותיות).

שוין אין אַלט ייִדיש איז דאָ, אַחוץ וואָוו (אויף הינטערשטע וואָקאַלן און דיפֿטאָנגען) און יוד (אויף די פֿאָדערשטע) — די המצאות צוויי יודן אויף ej און aj דיפֿטאָנגען (וואָס דערפֿאַר איז אויך געווען אַ פֿריערדיקע טראַדיציע); עין אויף e וואָקאַלן; אלף אויף a און o וואָקאַלן (זע אַשטייגער שטיף 1928; טים 1987). ערשט אין נײַנצנטן יאָרהונדערט ווערט די ייִדישע סיסטעם כּמעט אינגאַנצן פֿאָנעטיש דורך דער דיפֿערענצירונג פֿון פּתח־אלף ביז קמץ־אלף, פֿון קמץ־אלף ביז וואָוו יוד, פֿון עין ביז יוד, פֿון איין יוד ביז צוויי. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט קומט אויף דער לעצטער אות, דער פּתח צוויי יודן, וואָס איז נייטיק אויף אַ שלמותדיקער פֿאָנעטישקייט, בפֿרט בײַם אויסלערנען זיך די שפּראַך. אַזוי אַרום ווערן אַלע אָדער כּמעט אַלע וואָקאַלן פֿונעם ליטעראַרישן אַרויסרייד רעפּרעזענטירט אשה כּאחותה, איין סימן פֿאַר איין קלאַנג. דאָס וואָס הייסט בײַם עולם אַ „פֿאָנעטישער אַלפֿאַבעט”.

שרייבן איז אָבער ניט נאָר אַן ענין פון פּאָנעטישקייט, ס'איז אויך אַן ענין פון באַקוועמלעכקייט, פון קלאָרקייט, פון איינגענאַמקייט — סוביעקטיווע מאָסן וואָס זיינען געקניפּט מיט דער טראַדיציע, מיט שרייב־רגילותן וואָס ווערן איבערגעגעבן אין גאַנג פון דור־דורות. אין משך פון גאַנצע טויזנט יאָר איז אויף יידיש דאָ דער שטומער אלף וואָס מיט אים הייבט מען אָן ווערטער און טראַפן אויף וואָו, וואָוו יוד, יוד, צוויי יודן: און, אויף, אין, אייך, אייזן, ווײַטערפירנדיק אַ שרייב־רגילות וואָס איז אַלט טויזנטער יאָרן, וואָס איר מקור איז צום זוכן אין די צייטן ווען דער אלף איז נאָך געווען אַ קאָנסאָנאַנט (דער ?). די „באַקוועמלעכקייט" פונעם שטומען אלף אין און, אויף, וכדומה, איז אויב אַזוי ניט קיין „לאָגישע", זי וואַקסט פון דער אוראַלטער טראַדיציע מ'זאָל ניט זען אָנהייב וואָרט קיין וואָקאַלישן וואָוו, אָדער יוד. אָטאָ די רגילות וואַקסט ווידער פון דער אַלט־סעמיטישער סטרוקטור פון טראַפן, לויט וועלכער יעדער טראַף מוז זיך אָנהייבן מיט אַ קאָנסאָנאַנט.

אַחוץ דעם איז דאָ אין יידיש אַ טויזנטיאָריקע געשׂיכטע פונעם מחיצה־אלף, וואָס זיין הויפּט אַרבעט איז פונאַנדערצוטיילן צוויי וואָוון (אויפן קאָנסאָנאַנט v) פון איין וואָוו (אויף אַ וואָקאַל), דאָרטן וואו ס'קומט צו אַ צונויפשטויס: וואו, וואונדער, וואוינען א.א.וו. אין ניינצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דער מחיצה־אלף געקומען אויך סיסטעמאַטיש אויסצומיידן דריי נאָכאַנאַנדיקע יודן (שנייאיק), און פונאַנדערצוטיילן צוויי באַזונדערע וואָקאַלן וואָס געהערן צוויי טראַפן, מ'זאָל זיי ניט לייענען על פּי טעות ווי אַן איינאיינציקן דיפטאָנג (פּעאיק, מ'זאָל ניט לייענען פּעיק = fejk).

דער מחיצה־אלף איז אַזוי אַלט ווי די יידישע שפּראַך, ער טרעפט זיך שוין אין עלטסטן ליטעראַרישן מאַנוסקריפּט, אין קיימברידזשער קאָדעקס פון 1382, וואו עס שטייט: וואו (פאַקסימיליע: פון פוקס 1957, I: 60 [30]). אַפשיטא אַז דעם מחיצה־אלף האָט מען געירשנט פון די בראשית יאָרן פון אַשכנז. אין משך פון אַלע דורות, האָט מען מיט קינדער געלערנט דעם צוועק פונעם מחיצה־אלף. דער פראַגמענט אונטן איז פונעם מראה הכתב (בערך 1717; פגל. ה.־ד. קאַץ 1990: 195-194).

דורך דעם אַלעמען איז אַ כמעט ריין קאָנסאָנאַנטישער אַלפֿאַבעט פֿון אַ סעמיטישער שפּראַך מגולגל געוואָרן אין אַן אַלפֿאַבעט, וואָס שפּיגלט אָפּ אַן אייראָפּעאישע שפּראַך, מיט אַלע אירע נייטיקע וואָקאַלישע סימבאָלן, צוצנדיק נאָר און בלויז די עקזיסטירנדיקע אותיות גופֿא, אָן אַריינפֿירן פּינטעלעך. פֿאַר דער אַלמענטשלעכער געשיכטע פֿון דער שריפֿט איז עס אַ יוצא־דופֿנדיקער פֿאַל וואָס מען וועט ערשט שטודירן בתורת עווידענץ פֿאַר דער אינערלעכער דינאַמיק פֿון סיסטעמען שרייבן.

## דער וועג צו דער נייער אָרטאָגראַפֿיע

די געשיכטע פֿון יידישן אויסלייג קען מען אָנשרייבן אין דיקע בענד. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער היינטיקער פּראָבלעמאַטיק, איז כדאַי מאַכן אַ דורכפֿאָר בקיצור, אויף צו באַנעמען געוויסע עיקרים אין שייכות מיט די רעפֿאָרמען אין נייַנצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

„דער אַלט־יידישער אויסלייג" איז דער פּאָפּולערער, כוללדיקער נאָמען פֿאַר דער יידישער אָרטאָגראַפֿיע פֿון אירע סאַמע אָנהייבן און ביזן אָנהייב נייַנצנטן יאָרהונדערט. ווער ס'שטודירט טעקסטן פֿון אַזויפֿל יאָרהונדערטער געפֿינט אַ וועלט מיט וואַריאַציע לויט דער צייט, לויטן אָרט, און לויטן שרייבער. דאָ וועט קלעקן צו דערמאָנען אַ פּאָר גרונט־שטריכן: דער באַנוץ פֿון שין סיי אויפֿן היסטאָרישן s סיי אויפֿן š (וואַש סיי אויף 'וואָס' סיי אויף 'וואַש'); דאָס אָפֿט ניט באַצייכענען אָרטאָגראַפֿיש דעם

## דוגמאות פֿון אַלט־יידישן אויסלייג:

ויל אן אים · אונ׳ אויך וואר זיין הוסגונג אונ׳ זיין זיכרהייט אויף הקדוש
ברוך הוא זעצט דער זארגט אויך ניט זער · אבר ווער צו ויל זורגט
דער הוסט אונ׳ גלויבט ניט גאנץ אן הקדוש ברוך הוא דען ער געטרויט
אים ניט · אונ׳ ויל זורגן מאכט דש הערץ שוואך אונ׳ ברעכנט ויל

פֿון: ספר מידות (אייזנע [איסני], 1542)

וויל ער הוט געמעשטי קעלבר צו דער עבודה זרה געבן ·
האט אויך דרום געהיישן פוטיפרע דרום וויל ער איזט
פריס ער האט ניט קענן ליגן ביי קייבר פרויא אונ׳ דא טר
געזעהן דז ער איין פריס איז געווארדן דא האט ער זיך געשי

פֿון: צאינה וראינה (באַזל, 1622)

החכם דביבניאין שרייבט אין זיין רייז
בישרייבונג · אלס ער וואר גוועזן
אויז דער שטאט תודי׳לה · אויז דעם קיניגרייך
נבא׳רה · אונ׳ איז גירייזט אין פיל ווייטי לענדיר ·

פֿון: בית ישראל (אָפֿנבאַך, 1719)

(א) דברי דאס זיינן דיא רייד פֿון (עמוס) דער דא וואר איין הער בנוקדים מיבר פֿיך אונ ער וואר פֿון שטאט (תקוע)
דאס איז דער ועלכיר (עמוס) דער דא האט ווייס גזאגט אויף (ישראל) אין דיא טעג פֿון (עוזיה מלך יהודה) אונ
אין דיא טעג פֿון (ירבעם בן יואש) קיניג (ישראל) צוויא יאר פֿר דעם (רעש) דאס דיא ערד האט גשטערט אין דיא טעג פֿון
(עוזיה) דא וואל דא (יש נבואה מכוונת) היבס אן (נביאות) לא נתקן : (ב) ויאמר אונ (עמוס) שפרעכט ה׳ גאט וועט פֿון (ציון)

פֿון: ספרי ארבעה ועשרים (גראָדנע און ווילנע, 1820)

אַדאַנק: יהודה עלבערג (מאָנטרעאָל)

באַטאָנטן a (זך אויף ׳זאַך׳) און ס׳רוב ניט־באַטאָנטע וואָקאַלן (גזאגט אויף ׳געזאָגט׳); דאָס נוצן יוד אויפֿן אומבאַטאָנטן פֿאַרטונקלטן וואָקאַל (גרושי אויף ׳גרויסע׳); דאָס נוצן אלף אויף a און o וואָקאַלן (דאך אויף ׳דאָך׳ און ׳דאַך׳).

דאָרט וואו מ׳האָט אָנהייב און מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט אַרויסגעוואָרפֿן די אַלטע „משקיט" אותיות, האָט מען בדרך כלל אַרײַנגעפֿירט מרובע מיט פֿולן ניקוד, אַזוי ווי ביים לשון קודש פֿון חומש און סידור (און אָפּטמאָל איז טאַקע געגאַנגען אין „עברי טייטש" אויסגאַבעס פֿון די־אָ ספרים, אַמאָפּטסטן מיט לשון קודש אויבן און די יידישע איבערזעצונג אונטן). אין אַ סך טעקסטן נעמען זיך באַוויזן באַזונדערע סמך און שין און אַ קאָנסעקווענטער באַנוץ פֿון יוד אויף אומבאַטאָנטע וואָקאַלן.

דער נייער מזרח־אייראָפּעאישער אויסלייג האָט קאָנקורירט מיטן נייעם דייטשמערישן אויסלייג, וואו מ׳האָט אַרײַנגעפֿירט: דעם „שטומען עין" פֿאַר נון און למד, נאָכמאַכנדיק די דייטשישע ענדונגען ‎-en, -el (זאָגען אָנשטאָט די פֿריערדיקע זאגן און זאגין; טונקעל אָנשטאָט די פֿריערדיקע טונקל און טונקיל); דעם „שטומען הא" דאָרטן וואו אויף דייטש זעט זיך h (פֿאָהרען אויף פֿאָרן, פֿאָרין); דאָס נוצן עין אויפֿן אומבאַטאָנטן פֿאַרטונקלטן וואָקאַל (האַלבע אָנשטאָט די פֿריערדיקע האלבי, הלבי); און בכלל אַ היפּשע צאָל פֿאַרשידענע שרייבונגען וואָס מאַכן נאָך דייטשישע שרייבונגען (בעליעבט, האָפּנונג, צוליעב וכו׳). דאָס איז בעצם דער אויסלייג, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אינאיינעם מיטן אויפֿקום פֿון דער נייער יידישער ליטעראַטור ביי די קלאַסיקער. מיט דער צייט האָט אָטאָ די

אויבן: פֿראַגמענט פֿון יחזקאל ל״א פֿון כתבי קדש מן עשרים וארבעה (ווילנע 1843).

אונטן: דער זעלביקער פֿראַגמענט פֿון אַן אויסגאַבע מיט פֿערציק יאָר שפּעטער (ווילנע 1883). דער בייט אין גראַפֿיק און אָרטאָגראַפֿיע איז ניט אָפּצוטיילן פֿון דער מאָדערניזירונג פֿון דער שפּראַך־שבדפוס גופֿא.

## טייל פון די שריפט—אויסלייג קאָמבינאַציעס אין 19טן יאָרהונדערט:

האם פר ויט חוי גויטם אוס וויא גיזאגט דורך דיא (נבואה) צו אברהם
וייק ערוין · פר פיהרט ויא ניט נאך דען גיאיינן וועלט אויך אדר דרך ארן

משקיט
פון: מחזור לשמיני עצרת ושמחת תורה (אופיבאַך 1804)

רבונו של עולם! אזוי דיר הייטע מוגרע תפלה מגעגעהם וויין, גלייך
וויא חוכו מגגעגעהם וואַרען דיא עשרת הדברות צור צייט, אזו רוח מוכו

משקיט מיט אָרטאָגראַפישער (און שפּראַכיקער!) פאַרדייטשונג
פון: סדר תחינות ובקשות פיר פראָממע יידישע פרויען
(רעדעלהיים, 1869)

(א) עֶבֶּרִיכְוָוייְרְטֶר פוּן שְׁלֹמֹה דָוִידס זוּן מֶלֶךְ פוּן
יִשְׂרָאֵל: (ב) וִויא אַזוּ מָאל וַוייסֶן וָואס וַוייסְהֵייט

מרובע מיטן פולן ניקוד
פון: מענדל לעפינס משלי איבערזעצונג (בערך 1814)

(1) פַּאר פאָהרֶען מִיטְ'ן בַּאנְן 1 קְלַאס קוֹסְט
צוּא 3 קאָפּ' פִּינְ'ס וֶוערְסְט, 2 קְלַאסֶע

מרובע מיטן פולן ניקוד ביי אָרטאָגראַפישער פאַרדייטשונג
פון: לינעצקיס פראַקטישער פאָלקס קאַלענדאַר (1876)
אַדאַנק: הערמאַן זיס (פירסטענפעלדברוק, דייטשלאַנד)

אללײן בין איך א געבוירענער פון צביאטשין, איך
הייס מענדעלי דער מוכר ספרים. יאהרעלאנג בין איך כמעט

מרובע אָן ניקוד ביי אָרטאָגראַפישער פאַרדייטשונג
פון: מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע" אין אָדעסער קול
מבשר, (דעם 24טן נאָוועמבער 1864)



אָרטאָגראַפיע אַרויסגעוואָרפן יוד, יודיש און אָנגענומען איד, אידיש. אַ סברא אַז די קאָנסעקווענטע דיפערענצירונג אָ כנגד אַ — טאָקע מיט קמץ צי פתח אונטערן אלף, ניט אונטערן פריערדיקן אות, איז אויך אַריין אינאיינעם מיט דער „דייטשמערישער אָרטאָגראַפיע" (כנגד o און a).

בעת סיי דער נוסח מיט ניקוד און סיי דער דייטשמערישער נוסח, סיי ביידע בבת אחת, זיינען געווען ביז גאָר פאַרשפּרייט, זיינען שוין געווען פאַרשידענע פּראָיעקטן אויף צו מאָדערניזירן און סטאַנדאַרדיזירן דעם יידישן אויסלייג. טייל זיינען געבליבן אין די ראַמען פון טשיקאַווע עקספּערימענטן, אַשטייגער די אָרטאָגראַפיע אין ליפשיצעס רוסיש־יודישען ווערטער ביך (זשיטאָמיר 1869), וואו עס שרייבט זיך אַשטייגער אָיסגענימען (׳אויסגענומען׳), דערבפֿאַלען (׳דורכפֿאַלן׳), וואָס (׳וואָס׳). סאָציאָלאָגיש גערעדט איז אַ וויכטיקער שטוים אויף להבא געווען שלום עליכמס „וועגען זשאַרגאָן אויסלעגען" אין זיין יודישע פאָלקסביבליאָטהעק, אַרויס אין 1888, אין סאַמע תוך פון די יאָרן פון דער דייטשמערישער אָרטאָגראַפיע וואָס האָט פאַרשטייט זיך אויך געוועלטיקט אין דער פאָלקס־ביבליאָטהעק גופא.

אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען געווען פּראָיעקטן פון האָכבערג, ווײַנגער, זאַמענהאָף, זשיטאָמירסקי, יאָפע, פרילוצקי, קרינסקי און אַנדערע (זע די רשימות ביי באָראָכאָוון, 1912, און ביי רייזענען, 1920: 126-127; פגל. שפּילריין 1926: 14-15). ווײַנגערס ביכלעך, מאיג אלעףבעיז און מאיג איסלעיגונג (ווײַנגער 1913א און 1913ב) האָבן קיין דירעקטע השפּעה אויף ווייטער ניט געהאַט, נאָר וואָס, זייער דרייסטקייט האָט איופגעוויזן אויף וויפל דער

יידישער אויסלייג איז ניט „לאָגיש". די „הוצפּה" פון ווייננגערס פּראָיעקט האָט זיכער געגעבן מוט די מער מעסיקע רעפאָרמירער. די שרייבערישע רעאַקציעס צו ראַדיקאַלע רעפאָרמען זיינען אָפט געווען שאַרפע (זע למשל כ"ין 1913: 63–62).

אַ בעל השפּעה אויף ווייטער איז דעמאָלט געווען לודוויג זאַמענהאָף, דער באַשאַפער פון עספּעראַנטאָ. אין ליטווינס לעבען און ווימענשאַפט האָט ער פאַרעפנטלעכט אונטערן פּסעוודאָנים Dr X זיין אַרטיקל „וועגן אַ יידישער גראַמאַטיק און רעפאָרם אין דער יידישער שפּראַך" (זאַמענהאָף 1909). דעם אַרטיקל דאַרף מען לייענען „מיט פּסיכאָלאָגיע". זיין אַרויסגעזאָגטע שטעלונג איז דאָך כידוע לטובת דער צום=דורכפאַל=פאַרמשפּטער לאַטייניזאַציע. קוקט מען זיך אָבער צו, וואָסער מין לאַטייניזאַציע עס וויל דערגרייכן דער Dr X, און קוקט מען אַריין אין די אויפקלערערישע „דוגמאות" וואָס ער ברענגט מיטן יידישן אלף=בית, זעט מען באַלד אויף אַן אָרט אַז ער וויל הונט, ניט הונד; אונדז, ניט אונז; גאָט, ניט גאָטט. אינעם פאַל פון „שטומען עין" האָט ער צווישן אים און דעם „אָרגאַנישן עין" דיפערענצירט, אמת, נאָר אין דער לאַטייניזאַציע, אָנווייזנדיק אויף די קאָנטראַסטן צווישן (נוצנדיק זיין סיסטעם) briken 'בריקן איבער טייכן' און brikên 'בריקען מיט די פיס' (זאַמענהאָף 1909: 53). שוין ניט קיין ווייטער מהלך ביז צו דער דיפערענצירונג אויך מיט די י י ד י ש ע אותיות.

ווי די זאַך זאָל ניט שטיין, איז זאַמענהאָף נאָר דער אָ נ ז אָ ג ע ר פון דער נייער אָרטאָגראַפיע, ניט דער פאָרמולירער, ניט דער פּראָקלאַמירער. טייל פון זאַמענ=האָפס פאָרשלאַגן געפינט מען אין זייער געשטאַלט אין

Наѣзда́ть אנפּארען, אריפּפּארען, אנשלאגען זעך בשעת פּארען, באנגעינען בשעת פּארען.
Найбедничать אנרעדען, פּארמסרן.
На яву́ בהקיץ, וואכענדיג, ניט אין חלום, ווערקלעך.
Найнливость דאס עזות, דיא העזה, דאס חצופות. (נ')
Найнъ דער עזות=פּנים.
Не ניט, נישט; אנ=, אימ=.
Небережли́вость דאס איסברענגערייא; דאס נאכלעסיקייט, אבגעלאזטקייט, שלימע=זאלניקייט. (נ')
Небеса דיא הימלען.
Небесный הימעל=, הימעלש, הימעלדיג, פּין=הימעל.
царство—ное יענע וועלט, עולם=הבא.
Неблагочи́нный אימפּאסיג, ניט אנ=שטענדיג, אימבכבודיג.
Небо דער הימעל; גאט.
Небоскло́нъ זעה Горизо́нтъ
Небрещи́ פּארזאמען, פּארנאכלעסיגען, ניט אבהיטען.
Невозбра́нный ניט פּארבאטען, ניט פּאר=ווערט.
Невозд́ѣланный ניט איסגעארביט; אימ=געקאנטשעט.
Невозмо́жность (נ') דאס אימעגליכקייט.
Невозмо́жный אימעגלעך.
Нево́лить נעטיהן, צווינגען.
Невольникъ דער פּאראנע, קנעכט; שביהניק.
Нево́льничество דיא תפיסה, שביה; דער גלות.
Неворо́ть ניט איבערגעניציוועט, ניט איבער=געקעהרט. (נ')
Невразуми́тельный ניט פּארשטענדלעך.
Невреди́мый ניט קאליע.
Невсту́пно ניט אין גאנצען, ניט בשלימות.
Невыгода דיא רעה, דער שטימפּ.
Невѣ́домый אימבאקאנט, וואס מע ווייסט ניט.
Невѣ́жа,-жда דער עם=ארץ, פּראסטאק, גראביאן.
Невѣ́жественный, עם=ארציש, גראביאנסקע

# עקספּערימענטאַלע אָרטאָגראַפֿיעס:

אויבן: פראַגמענט פון י. מ. ליפשיצעס רוסיש=יידישן ווערטער=בוך (ליפשיץ 1869: 175).

אונטן: פראַגמענט פון מ. ווייננגערס אָרטאָגראַפישן פּראָיעקט (ווייננגער 1913ב: 3).

יר גילט קריגנ א בעגריף געגנ דעמ, ואס אואינס די יידישע אויסלעיגונג יז!

נעמט דאס ערשטע בעסטע דאיטשע ביכל ונ קיקט זיך צו, גי ס׳גערנ דארט אויסגעליינט גערטער, געט יר שאינ פארעינט פאר=שטעינ, גי אזא מע דארפ אויסלעינג ינ יידיש.

יר געט, צומ באיספיל, זעענ ינ יידיש דאס גארט „שרייבענ". געט יר פרעגנ: „פארגאס דארפ מענ שראיבמ נאכנ בעז אנ זאיענ, אז מע הערט דאכ דא נאר קינ איענ ניזוט? — פרעגט בעסער נישט, נעמט ינ האנט א דאיטש ביכל, ונ יר געט דארט זעענ — schreiben. יר געט פרעגנ: „פארגאט שראיבמ ונזערע רעדאקציעס — „הונד", אז מיר רעדנ דאכ — „הונט"! פארוואס שראיבמ זעי „אר=

יידישן אלף־בית ביי פּרילוצקין אין זיינע „מאַטעריאַלן פֿאַר אַ יידישער גראַמאַטיק און אָרטאָגראַפֿיע" (פּרילוצקי 1909), אויף די שפּאַלטן פֿון זעלביקן לעבן און וויסנשאַפֿט, מיט עטלעכע העפֿטן שפּעטער. און אפֿשר דאַרף מען אַ ביסל קרעדיט אויך צוטיילן דעם לייענער ט. מ. מילנער, וועמענס בריוו אין רעדאַקציע ווייזט אָן, אַז ער האָט שוין געהאַלטן ווייטער איידער די רעדאַקציע. דעמאָלט איז אָנגעגאַנגען די דעבאַטע וועגן אַרויסוואַרפֿן דעם פֿולן ניקוד. טוט מילנער אַ וויש אָפּ מיט די ווערטער: „פּולקאָם איבעריק", און גייט באַלד אַריבער אויף אַ צווייטן ענין:

> עס וואָלט שוין אויך צייט געווען איינפֿירן ניט שרייבן קיין „ע" און „יוד" צום ענדע פֿון די ווערטער, ווי צ. ב. „שרייבן", „רעדן", „לעזן", „לעבן", „וויסן".
>
> (מילנער 1909)

אין זאַמענהאָפֿס צווייטער אַרבעט אין לעבן און וויסנשאַפֿט (1910), שטעלט ער שוין די עינם אין האַלבע לבנות — זאַבוּנ֫ן, און מ׳זעט אַז קיין אריכת ימים איז דעם שטומען ע֫ין ניט באַשערט אין די קרייזן פֿון דער יידישער ליטעראַטור. צו דער זעלביקער צייט בערך האָט אין אַמעריקע יודאַ אַ. יאָפֿע אויך פֿאָרגעשלאָגן אַרויסוואַרפֿן דעם שטומען ע֫ין (יאָפֿע 1909).

## אויפֿקום פֿון דער נייער אָרטאָגראַפֿיע

פֿון שרייען חי וקים ביז אויספֿירן אַזאַ שווערע הלכה איז אָבער פֿאָלג מיך אַ גאַנג. דער מהלך איז אָן אַ שיעור ווייטער



דאָרטן וואו ס׳איז ניטאָ די מאַכט פֿון אַ רעגירונג. צוויי פֿרינצן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע האָבן די זאַך אָבער פֿאָרט אויסגעפֿועלט. צוליב זייער אויטאָריטעט, זייער מעסיקייט, זייער היסטאָרישן איינזען, זייער כח השפּעה, איז זייער אַרבעט ניט געבליבן קיין קול קורא במדבר. דער ציבור יידישע שרייבער און ליטעראַרישע פּובליקאַציעס, יידישע שולן און קולטור אינסטיטוציעס, איז באַלד אַריבער אויף דער נ י י ע ר אָ ר ט אָ ג ר אַ פֿ י ע וואָס זיי האָבן אויפֿגעשטעלט.

דאָס זיינען בער באָראָכאָוו און זלמן רייזען. באָראָכאָוו האָט עס אויפֿגעטאָן מיט זיין באַשיידן אָנגערופֿענער נאָטיץ „וועגן דער אָרטאָגראַפֿיע פֿון פֿאָריקן אַרטיקל" (באָראָכאָוו 1913א: 22-18). ס׳איז ניט קיין צופֿאַל וואָס די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע האָט געהאַט אַזאַ אויטאָריטעט. אַרויס מיט איר איז ניט קיין אויסלייג פֿאַנאַטיקער, ניט קיין אָרטאָגראַפֿישער בעל חלומות, נאָר דער גאון און בויער פֿון דער נייער יידישער פֿילאָלאָגיע, וואָס האָט די עטלעכע זייטלעך צוגעגעבן אַלס נאָכוואָרט צו זיינע „אויפֿגאַבן פֿון דער יידישער פֿילאָלאָגיע". פֿון זיינע בריוו צו ש. ניגערן, געשריבן אין 1912, איז צו זען ווי קלאָר האָט באָראָכאָוו איינגעזען זיין היסטאָרישע אויפֿגאַבע: שאַפֿן „דעם ק אָ מ פּ ר אָ מ י ס, וועלכן מ׳מוז מאַכן צווישן דעם ריינעם פֿאָנעטישן פּרינציפּ און דער טראַדיציאָנעלער שרייבונג" (ביי ניגער 1934: 17).

באָראָכאָווס פּרינציפּן ביים אויסאַרבעטן די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע:

(א) דער וויכטיקסטער פּרינציפּ איז דער פֿאָנעטישער, ניט דער היסטאָרישער;

(ב) ס׳דאַרף געמאַכט ווערן אַ ריי פּשרות כדי די נייע אָרטאָגראַפֿיע זאָל ניט „מאַכן קיין איינדרוק פֿון אומפֿאַר־שטענדלעכקייט“;

(ג) די שרייבונג בויט זיך אויפֿן אַרויסרייד אין ווילנער געגנט.

אַ קליינע צאָל המצאות זיינע האָבן זיך ניט אָנגענומען, אַשטייגער ייִך אויף ׳איך׳. דער גרעסטער טייל ווערט אָבער היינט אָנגענומען פֿאַר נאַטירלעך. צווישן באָראָכאָווס כללים געפֿינט מען אָט װעלכע:

(א) אַרויסוואַרפֿן דעם „שטומען עין“ פֿאַר אַ נון וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ טראַף, דעריבער: זאָגן, ניט זאָגען, טראַכטן, ניט טראַכטען; איבערלאָזן דעם עין פֿאַר מם, נון, נון גימל, נון קוף, און קאָנסאָנאַנט+למד (קומען, ווייגען, געגאַנגען, בענקען, שטאַפּלען, ניט — קומן, ווײנן, געגאַנגן, בענקן, שטאַפּלן). באָראָכאָווס כלל איז געבליבן, ניט געקוקט אויף דעם וואָס היינט ווייס מען, אַז אין מערסטע ייִדישע דיאַלעקטן פֿונקציאָנירט דער נון ווי אַ וואָקאַל אין טייל פֿון די אָנגעגעבענע פֿאַלן; מ׳קען ביי אַ סך ייִדן הערן krúmn̩ אויף ׳קרומען׳ (זע א. ווײַנרייך 1991: §1.4314, ז. 25). וואָס שייך אויסלייג איז אָבער פֿאַרפֿאַלן — הלכה כבאָראָכאָוו.

(ב) אַרויסוואַרפֿן דעם „שטומען עין“ פֿאַרן למד וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ טראַף (ווינקל, ניט ווינקעל; קעפּל, ניט קעפּעל).

(ג) פֿאַרבייטן די שרייבונג פֿון סופֿיקס ־יג אויף ־יק, דעריבער: וויכטיק, ניט וויכטיג. דאָס איז צו זען פֿון באָראָכאָווס שרייבונג אין די „אויפֿגאַבן“.

(ד) אַרויסוואַרפֿן די דייטשמערישע פּרעפֿיקס־שרייבונגען מיט עין און פֿאַרבייטן זיי מיט די פֿאָנעטישע, מיט אלף, דעריבער: אַנט־, ניט ענט־; באַ־, ניט בע־; פֿאַר־, ניט פֿער־ (אַנטוויקלען, באַשרייבן, פֿאַרזאָרגן, ניט ענטוויקלען, בעשרייבען, פֿערזאָרגען).

(ה) אַרויסוואַרפֿן די טאָפּלטע אותיות (ער אַרבעט, ניט אַרבייטט, אַרבייטעט).

(ו) רעפּרעזענטירן בכתב די אַפֿריקאַטן $d^z$, $t^s$ $t^š$, (האַלדז, ניט האַלז; פֿענצטער, ניט פֿענסטער; מענטש, ניט מענש).

(ז) רעפּרעזענטירן בכתב דעם סוואַראַבהאַקטי וואָקאַל, (אָרעם, ניט אָרם; וואָרעם, ניט וואָרם).

(ח) דעם נייטראַליזירטן ɛ \ ej פֿאַר נון גימל און נון קוף שרייבן מיט עין, ניט מיט צוויי יודן (בענקען, ברענגען, ניט ביינקען, בריינגען).

(ט) שרייבן צוויי יודן, ניט אלף יוד, דאָרטן וווּ אין ניט־ליטווישן ייִדיש הערט זיך ji (ייִד, ניט איד; ייִנגל, ניט אינגל).

אַזוי אַרום האָט בער באָראָכאָוו רעפֿאָרמירט דעם ייִדישן אויסלייג, איינגעפֿירט „די נייע אָרטאָגראַפֿיע“ אין לעבן, ניט אין טעאָריע. ניט אין איין טאָג און ניט אין איין יאָר. באַלד נאָכדעם ווי ס׳איז אין ווילנע אַרויס ניגערס פּנקס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה. קיין ווייטערדיקע בענד זיינען ניט אַרויס. נאָך בעת דער מלחמה זיינען די רעפֿאָרמען טיילווייז דורכגעפֿירט געוואָרן אין ווילנער לעצטע נייעס, פֿון 1916, און נאָכמער אין קיעווער די נייע צייט. אַ קורצן, פֿאַרטיפֿטן אַנאַליז צו דער דיפֿערענציעלער נטיה צו רעפֿאָרם אין פֿאַרשידענע לענדער ברענגט זלמן רייזען (1920: 128-129). באָראָכאָווס רעפֿאָרמען זעען זיך אָן קלאָר אין די ביאַליסטאָקער כללים וועגן אויסלייג וואָס זיינען

דערשינען אין 1918 (= קולטור ליגע 1918).

באַלד נאָכן סוף פֿון דער ערשטער וועלט מלחמה איז אַרויס אַ ווערק פֿון נאָך אַ גרויסן יידישן פֿילאָלאָג. ריידן רעדט זיך וועגן זלמן רייזענס יידישע גראַמאַטיק, אַרויס אין 1920. נאָך זיין היסטאָרישן סך־הכל האָט רייזען דערלאַנגט דעם עולם אַ פֿולן קאָמפּלעט פּרטימדיקע כּללים. דערצו האָט ער די סיסטעם באַשריבן בפּירוש און סיסטעמאַטיש, בשעת באָראָכאָוו האָט אָנגעגעבן בלויז די וויכטיקסטע כּללים און אילוסטרירט די רעפֿאָרמען אין די אויפֿגאַבן גופֿא. נאָך זיינע „פּרינציפּן פֿון דער יידישער אָרטאָגראַפֿיע" (זז. 129-138) דערלאַנגט רייזען, בפּרטי פּרטים, די „כּללים פֿאַר אַ פּראָוויזאָרישער יידישער אָרטאָגראַפֿיע" (זז. 138-162).

קוקנדיק אויף צוריק, האַרט ביים סוף פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איז צום באַוואונדערן ווי אַזוי אינספּירירט עס איז, און וויפֿל קלוגשאַפֿט איז פֿאַראַן, אין זלמן רייזענס אָרטאָגראַפֿיע. זי שטעלט מיט זיך פֿאָר ניט נאָר רעפֿאָרם, נאָר אויך מעסיקייט, ניט נאָר באַנייאונג נאָר אויך המשך, און — ברמיזא, אַ חוש פֿאַר דעם, וואָס קען זיך אָננעמען, וואָס וועט זיך אָננעמען. ס'איז ניט קיין גוזמא אָנצואווייזן, אַז בער באָראָכאָווס רעפֿאָרמען, אויסגעאַרבעט און אויסגעלייטערט דורך זלמן רייזענען, זיינען, אינאיינעם גענומען: די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע.

וויל מען זען וואָס הייסט קלוגשאַפֿט און זיין אַ רואה את הנולד, דאַרף מען נאָר אַ קוק טאָן אויף צו באַנעמען, אַז צום סוף פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שטייען באָראָכאָווס פּרינציפּן פֿון 1913 מיט רייזענס תּיקונים און צוגאָבן פֿון 1920 ווי דער סאַמע „אָרטאָגראַפֿישער צענטער" פֿון יידיש



איבער דער וועלט: מער „ראַדיקאַל" איידער דער אויסלייג ביי חסידים, מער „קאָנסערוואַטיוו" איידער דער (געוועזענער) סאָוועטישער אויסלייג און דער ייוואָ אויסלייג. אַן עכטער שביל הזהב.

כּידוע האָט מען די נייע אָרטאָגראַפֿיע פּאַקטיש אָנגענומען אויפֿן שול צוזאַמענפֿאָר אין פּוילן אין 1920. צו וועמענס קרעדיט דאַרף מען דאָס צושרייבן האָט מען שוין געוווּסט:

> לאָמיך דאָ אויסזאָגן דעם סוד, אַז זלמן רייזען איז דער פּאַקטישער באַשעפֿער פֿון דער אָרטאָגראַפֿישער רעפֿאָרם וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויפֿן צווייטן שול צוזאַמענפֿאָר אין פּוילן און וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסן איינפֿלוס אויף דער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער אויסלייג.

(מ. ווײַנרייך 1930: 35)

ישראל רובין האָט עס אָט אַזוי אָ אויסגעדריקט אין די ליטעראַרישע בלעטער:

> [...] רייזען דער רעוואָלוציאָנער פֿון דער יידישער אָרטאָגראַפֿיע, דער, וואָס האָט אַמאָל אַ זאָג געטאָן: „יהי אור" — אַן אָרדענונג אין דער פֿאַרוואָרלאָזטער אָרטאָגראַפֿיע זאָל ווערן, — און האָט די אָרדענונג אין אַ גרויסער מאָס דורכגעזעצט.

(רובין 1929: 621)



זלמן רייזען
(1941 בערך—1887)

געשטאַלט. שוין אונזער עסטעטיש געפֿיל פֿאַר דער שפּראַך פֿאָדערט, אַז די אויסלייגונג אירע זאָל זיין איינהייטלעך, אויסגעהאַלטן, אַלגעמיין אָנגענומען און קאָרעקט. דערין ליגט די סיבה, וואָס מ׳גיט אָפּ אַזויפֿיל אויפֿמערקזאַמקייט דער אָרטאָגראַפֿיע אין די שולן פֿון רוסלאַנד, דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, ענג־לאַנד, נאָרוועגיע, הגם דער לימוד פֿון אויסלייגן, ביי זיין גאַנצער וויכטיקייט, קען דאָך פּרעטענדירן בלויז אויף דער ראָלע פֿון אַ טפֿל, פֿון אַ הילפֿסמיטל לגבי דעם לימוד פֿון דער שפּראַך גופֿא.

די נייע אָרטאָגראַפֿיע: מעסיקע רעפֿאָרם אין אַ ראַם פֿון המשכדיקייט. זלמן רייזענס אויסלייג שטייט אויך היינט אין מערסטע פּרטים אין אָרטאָגראַפֿישן צענטער פֿון דער שפּראַך (פֿראַגמענט פֿון: ז. רייזען 1920: 136). ס׳איז, היסטאָריש גערעדט, „די נייע אָרטאָגראַפֿיע" און בלייבט פֿאַר דער אייביקייט רייזענס גרויסער אויפֿטו אין הלכות אויסלייג, ניט קוקנדיק וואָס ער אַליין האָט סוף דרייסיקער יאָרן (זייענדיק אַ פֿירנדיקע פּערזענלעכקייט אין דער ווילנער ייִוואָ) גענוצט דעם ייִוואָ אויסלייג.



# ראַדיקאַלע עקספּערימענטן
# אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן

זעען מיר אַז אין 1920 האָט זלמן רייזען אויפֿגעשטעלט די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע.

בשעת מעשה האָבן די מאָדערניסטישע יידישע פּאָעטן אין ניו־יאָרק גענומען שרייבן די ווערטער פֿון סעמיטישן קאָמפּאָנענט לויט דער פֿאָנעטישער סיסטעם (אַוואַדע, מיסטאָמע, שאַבעס). דאָס האָבן זיי געגעבן צו פֿאַרשטיין מיט די באַוווּסטע ווערטער וואָס געפֿינען זיך אינעם אינזיכיסטישן אני־מאמין:

> עס קומט אַ צייט, ווען אַ זון מוז זיך אינגאַנצן אָפּטיילן פֿון זיין טאַטן און בויען זיין אייגן געצעלט. [...] מיר וועלן שרייבן אַלע יידישע ווערטער גלייך, אָן אונטערשייד פֿון וואָס פֿאַראַ יחוס אַ וואָרט קומט אַרויס.
> (גלאַטשטיין, לעיעלעס און מינקאָוו 1920: 21-22)

אגב, פֿון אַבסטראַקטן סטרוקטורעלן שטאַנדפּונקט איז דער אויסלייג פֿון די ניו־יאָרקער פּאָעטן דער איינציקער אין דער געשיכטע פֿון געשריבענעם יידיש, וואו דער אויסלייג איז געוואָרן סיי פֿאָנעטיש פֿאַר אַלע קאָמפּאָנענטן, סיי ניט־אָנגעלאָדן מיט נקודות, פּינטעלעך און דיאַקריטישע צייכנס למיניהם.

בערך צו דער זעלביקער צייט, האָבן די סאָוועטישע יידישע לינגוויסטן גענומען גיין אויף אַ סך אַ מער ראַדיקאַלן וועג, וואָס האָט געפֿירט אין גאַנג פֿון אַ קיילעכדיקן

יאָרצענדליק צום אַרויסוואַרפֿן ניט נאָר די היסטאָרישע אָרטאָגראַפֿיע פֿון סעמיטישן קאָמפּאָנענט (און במילא די אותיות בּית, חית, כּף, שׂין שׂמאל, תּוו און תָּוו) נאָר אויך: די שלאָס־אותיות — לאַנגער כף, שלאָסן־מם, לאַנגער נון, לאַנגער פֿא און לאַנגער צדיק; און — דעם מחיצה־אלף (וואָס פֿאַרמיידט דריי אָדער פֿיר נאָכאַנאַנדיקע וואָוון, דריי נאָכאַנאַנדיקע יודן, און צייכנט אָפּ באַזונדערע טראַפֿן אינמיטן וואָרט דאָרטן וואו מ׳קען פֿאַלש לייענען). דער סאָוועטישער אויסלייג האָט אויך באַזייטיקט טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן וואָס מ׳האָט אַנדערשוואו אויפֿגעהיט פֿון מאָרפֿאָלאָגיע וועגן, אַזוי אַרום: אַריינעמען, ניט אַריינ־נעמען; מ׳האָט אויך פֿאָנעטיזירט דעם אויסלייג פֿון אויף, אויפֿ־, ביי אויף אַף, אופֿ־, באַ; און נאָך אַ ריי פּרטים.

דאָס אַרויסוואַרפֿן דעם מחיצה־אלף איז פּרינציפּיעל אַנדערש איידער די אַנדערע סאָוועטישע רעפֿאָרמען. ערשטנס: די אַנדערע רעפֿאָרמען, און בפֿרט דאָס פֿאָנעטיזירן די סעמיטיזמען, האָבן געהאַט אַ קלאָרן אידעאָלאָגישן אינהאַלט (אַנטי־רעליגיעז, אַנטי־העברעיִש, אַנטי־טראַדיציאָנעל), כאָטש ביי די סוף־אותיות איז געווען אויך אַן איינגערעדטער פּראַקטישער מאָטיוו (זע זאַרעצקי 1923א: 25–26). צווייטנס: די אַנדערע רעפֿאָרמען האָבן ניט געהאַט קיין שום אָרטאָגראַפֿיש־סטרוקטורעלע קאָנסעקווענצן וואָס זאָלן צוטראָגן נייע צרות וואָס פֿאָדערן נייע תּרופֿות. אָט די רעפֿאָרם, דאָס באַזייטיקן דעם מחיצה־אלף, האָט אַריינגעפֿירט — פּלאָנטער, און דעם פּלאָנטער האָט מען געדאַרפֿט נעמען: פֿאַרריכטן. אויף צו מאַכן ווידער קלאָר — און דאָס איז איינע פֿון די גרויסע איראָניעס אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן אויסלייג — האָט מען גאָר



איבערגעפֿירט פֿון ל ש ו ן  ק ו ד ש: נקודות! פֿון וואו איז געוואָרן ווּ, פֿון העברעאיש — העברעיִש, פֿון פּריאיק — פּריִיִק.

איז ווי אַזוי זשע איז אַריינגעפֿאַלן אין דער גאַנצער פּרשה דער סאַמע פּראַקטישער און צוועקמעסיקער — און ניט־אידעאָלאָגישער — מחיצה־אלף? דעם איינציקן ענטפֿער, וואָס מיר האָבן דערווייל געפֿונען אין דער סאָוועטיש־ייִדישער פֿילאָלאָגישער ליטעראַטור פֿון די פֿריע צוואַנציקער יאָרן, איז שיינגאָלדס:

> דער שטומער אלף, אויסער דעם, וואָס ער פֿאַרשווערט דעם אויסלערנען זיך, קאָסט ער אונדז צו טייער. די ווערטער וואו ער קומט פֿאָר זיינען די סאַמע פֿאַרשפּרייטסטע אין דער שפּראַך און דעריבער וואָלט געווען אַ גרויסע עקאָנאָמיע ביים דרוקן, ווען מען זאָל דעם שטומען אלף ניט געברויכן.
>
> (שיינגאָלד 1923: 46)

שיינגאָלד האָט געוואָלט אויך אַרויסוואַרפֿן דעם שטומען אלף אָנהייב וואָרט און שרייבן יִך אויף ׳איך׳, יִם אויף ׳אים׳ א.א.וו. די אָקטאָבער רעוואָלוציע איז אַזוי ווייט ניט דערגאַנגען, און מ׳האָט ניט איינגעשפּאָרט גענוג געלט. אפֿשר דערפֿאַר איז די עקאָנאָמיע פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד שוין דעמאָלט פֿאַרמשפּט געווען אויף אונטערגאַנג... אַ סבֿרא אויך, אַז די פּינטעלעך אין ּוּ און יִ האָבן געהאַט פֿאַר טייל געלערנטע אַ ראָמאַנטישע שייכות מיט אייראָפּעאישע שפּראַכן וואָס האָבן „דיאַקריטישע צייכנס”. די גאַנצע פֿראַגע וועט ברענגען זעלטן אינטערעסאַנטע רעזולטאַטן, אַז אַ פֿאָרשער פֿון קולטור געשיכטע וועט זיך אָן פּניות נעמען צו די פּסיכאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע יסודות פֿון

יענע סאָוועטישע רעפאָרמען, וואָס לאָזן זיך ניט דערקלערן מיטן שכל הישר.

די אַ ל ע פּרטים פון סאָוועטישן יידישן אויסלייג, וואָס זיינען ניט געווען אין זלמן רייזענס גראַמאַטיק פון 1920, האָבן אָ נ ג ע נ ו מ ע ן אַן אידעאָלאָגישן אינהאַלט. אָט וואָס ס׳שטייט אין דער הקדמה צו דער קאָדיפיצירטער סאָוועטיש־יידישער אָרטאָגראַפיע פון 1932 (מיטן אָריגינעלן אויסלייג):

> אונדזער אָרטאָגראפיע שיידט זיך שטארק אונטער פונ דער אויסלענדישער. ס׳איז קײנ װונדער ניט: אָרטאָגראפיע איז דאָך ניט בלויז טעכניק — זי האָט אונטער זיך א געװיסע אידעאָלאָגיע. די ייִדישע קולטורבױונג גייט מיִט פארשיידענע װעגנ אינ סאָװעטנפארבאנד אונ אינ אױסלאנד: דאָ איז זי א סאָציִאליסטישע לויטנ אינהאלט אונ א נאציִאָנאלע לויט דער פאָרמע; דאָרטנ — א ייִדישיסטיש־קלײנבירגערלעכע, װאָס גייט מיט גיכע טריט צו פאשיזם.
>
> (אינסטיטוט פאַר יידישער פּראָלעטאַרישער קולטור 1932: 3)

צום סאָוועטישן אויסלייג גופא איז דאָ אַ סך מאַטעריאַל. צווישן די וויכטיקסטע דאָקומענטן: וועוויאָרקאַס בוך (1926); דער „אויסלייג נומער" פון קיעווער די יידישע שפראַך (נג. 8-9, יאַנואַר-אַפּריל 1928); דער קיעווער זאַמלבוך יידישע אָרטאָגראַפיע, אַרויס אין 1928, וואָס באַשטייט בעצם פון פיר אַרבעטן פון זאַרעצקי און צוויי פון ווײנגער (= קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג קולטור־ליגע 1928); איינע פון זאַרעצקיס איז אַ ביבליאָגראַפיע צו יידישע אָרטאָגראַפישע דיסקוסיעס פון 1921 און ביז 1928 (זאַרעצקי 1928א); די קאָדיפיצירטע אויסלייג כּללים גופא (= צענטראַלער פעלקער־פאַרלאַג 1930; אינסטיטוט וכו׳ 1932).



אין די דרייסיקער יאָרן איז די סאָוועטישע השפעה איבער די יידישיסטישע קרייזן אין דער פּוילישער רעפּובליק געוואָרן וואָסאַמאָל שטאַרקער. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס געווען אַ פּועל יוצא פון דעם, וואָס דער היטלעריזם מיטן אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך געשפּירט וואָסאַמאָל מער; פאַרגעדענקען דאַרף מען, אַז ווילנע גופא און די טעריטאָריעס פון דער אַמאָליקער צאַרישער ווילנער גובערניע (וואָס געהערן היינט ליטע און ווייסרוסלאַנד) האָבן געהערט דער פּוילישער רעפּובליק. די פאַרשידענע גלגולים פון די „ייוואָ תקנות", וואָס שיידן זיך אונטער איינער פונעם אַנדערן אין אַ ריי פּרטים, זיינען אַלע איייניק ביסודם, מיט דעם וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ קאָמפּראָמיס: ראַדיקאַליזירונג פון די ניט־סעמיטישע עלעמענטן אַלס פּרייז פאַרן קאָנסערוואַטיזם (ווערדליק די באַגריפן פון יענע קרייזן) אין שייכות מיט די סעמיטיזמען גופא. די ראַדיקאַליזירונג פון די ניט־סעמיטישע עלעמענטן איז באַשטאַנען אין באַזייטיקן דעם מחיצה־אלף און אַריינפירן די פינטעלעך.

ס׳איז אַ סימן פונעם צייט־גייסט, אַז שוין אויף דער בערלינער „פאָרבאַראַטונג", וואָס האָט געפירט צום אויפקום פון דער ייוואָ, האָט מען, ניט געקוקט אויף דער נייער אָרטאָגראַפיע פון באָראָכאָוו און רייזען, איינגעזען פאַר נייטיק ווייטער צו זוכן אַ נאָכמער סטאַנדאַרדיזירטן אויסלייג (ייוואָ 1925: 14). טשיקאַווע צו פאַרגלייכן שטיפּס און ווײנרייכס פּראָיעקטן אויפן נייעם אינסטיטוט. אין שטיפּס „וועגן אַ יידישן אַקאַדעמישן אינסטיטוט" רעדט זיך וועגן אַ סעקציע פאַר יידישער פילאָלאָגיע, וואָס זאָל אַריינעמען אַ פאָנעטישע לאַבאָראַטאָריע, אַ קאַבינעט פאַר פאָלקלאָר, אַ ביבליאָגראַפישן אינסטיטוט, פאָלקלאָריסטישע עקס־

פֿעדיציעס, אויסגאַבעס פֿון אַלטע כּתבֿ־ידן און דרוק־זאַכן, אַ ביבליאָגראַפֿישן זשורנאַל (שטיף 1925: 30-31). אין זײַנע „ווילנער טעזיסן”, וואָס זײַנען בעצם אַ תּשובֿה שטיפֿן, נעמט ווײַנרײַך אַרײַן אַ סך ווײניקער אויפֿגאַבן ווי שטיף; דערפֿאַר אָבער פֿיגורירט בײַ אים אַזוי בולט דער פּרינציפּ, אַז

> די דאָזיקע אָפּטײלונג וועט אויך האָבן אַ גרויסן באַדײַט אַלס נאָרמאַטיווע אינסטיטוציע. דער פּלענום פֿון אָט דער אָפּטײלונג וועט זײַן יענער אויטאָריטעט, וואָס וועט פּסקענען אין ספֿקדיקע פֿאַלן וועגן אָרטאָגראַפֿיע און גראַמאַטיק פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך, וועט קאָנטראָלירן און אַליין אויסאַרבעטן טערמינאָלאָגיעס, ענטפֿערן אויף אָנפֿראַגעס.
>
> (מ. ווײַנרײַך 1925: 37)

שפּעטער, אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון 1929 האָט זיך גערעדט וועגן „רעגולירן די ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע”, וועגן אַן אָרטאָגראַפֿישער קאָנפֿערענץ, וואָס די „באַשלוסן אירע מוזן זײַן אָ ב ל י ג אַ ט אָ ר י ש ע [מײַן שפּאַצירונג — ה.־ד. ק.]” (ייוואָ 1930א: 55). די אַרבעט פֿון דער ייוואָ אַרום דער פֿראַגע האָט פֿאַרשטײט זיך געצויגן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער ליטעראַרישער פּעריאָדיק (זע למשל מייזיל 1930: 807).

הײַנט איז מען עלול צו פֿאַרגעסן אונטער וואָס פֿאַראַ דרוק עס איז געווען דער ייוואָ אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, נאָכצוגיין די סאָוועטן אין דער פֿאָנעטיזירונג פֿון די סעמיטיזמען. די קולטור־היסטאָרישע זײַט דערפֿון איז הײַנט העכסט אינטערעסאַנט און זי האָט די ווערט מ׳זאָל זי נעמען שטודירן אַלס קאַפּיטל גײַסטיקע געשיכטע, וואָס האָט זיך



אָפּגעשפּילט אַרום דער שריפֿט. וועגן דער ראָלע פֿון דער שריפֿט אין דער קולטור געשיכטע בכלל איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז מתּתיהו מיזעסעס ווערק איבער דער טעמע שטעלט מיט זיך פֿאָר איינעם פֿון די טיפֿסטע אַנאַליזן, וואָס איז בכלל פֿאַראַן (מיזעס 1919).

די פֿילאָלאָגישע סעקציע פֿון דער ייוואָ, מיט מאַקס ווײַנרײַכן בראָש, האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז נאָכגיין דעם סאָוועטישן אויסלייג וואָלט געהייסן, אַז דער אינסטיטוט וואָלט מיט איין שאָס פֿאַרלאָרן זײַן וויסנשאַפֿטלעכן און סאָציאַלן פּרעסטיזש בײַ גרויסע שיכטן אין מזרח אייראָפּע גופֿא און אַוודאי און אַוודאי מעבֿר לים.

מאַי 1931 האָט דער ייוואָ צונויפֿגערופֿן „די” אָרטאָגראַפֿישע קאָנפֿערענץ, וואָס וועט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט וועגן אויסלייג. וואָס האָט פּאַסירט ווייס מען (זע מייזיל 1931). אַ גרויסע מערהייט האָט געשטימט פֿאַרן פֿאָנעטיזירן די סעמיטיזמען, כּהלכה מאָסקווע, כאַרקאָוו און מינסק. וואָס איז געוואָרן? אָט באַשרײַבט עס דער עד־ראיה יודל מאַרק:

> די צווייטע אָפּשטימונג, אַז ס׳איז ניט „צוועקמעסיק” איצט צו ריידן וועגן „נאַטוראַליזירן” האָט געצויגן נאָר 14 שטימען צווישן קרובֿ צו 60 באַטייליקטע. [...] צום שבֿח פֿון מ. ווײַנרײַך זאָל דאָ אַרויסגעהויבן ווערן: ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז אויספֿאָלגן די באַשלוסן פֿון יענער איינזײַטיקער קאָנפֿערענץ הייסט געבן אַ טויט־קלאַפּ דעם ייוואָ.
>
> (מאַרק 1959ג: 89)

ווי אַזוי האָט דער ייוואָ אַליין געפּרוווט באַשרײַבן אָטאָ די מעשׂה שהיה? ס׳איז ניט לײַכט צונויפֿרופֿן אַ

קאָנפֿערענץ, וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט איינצופֿירן תקנות, און לאחר המעשה באַזייטיקן די דעמאָקראַטיש־אָפּגעשטימטע רעזאָלוציעס מחמת זיי נעמען ניט אויס. דאָס האָט מען אָבער פֿאָרט באַוויזן. די „רעזאָלוציעס" פֿון דער קאָנפֿערענץ פֿון 1931 האָט מען נאָך אַלעמען גענומען אָנרופֿן „רעקאָמענדאַציעס". אָט ווי ס'שטייט אין די פּראָטאָקאָלן פֿון אַלוועלטלעכן צוזאַמענפֿאָר פֿון 1935:

> די רעקאָמענדאַציעס פֿון דער קאָנפֿערענץ זיינען אַריבער ווי מאַטעריאַל צו דער פֿילאָלאָגישער סעקציע (זע „ידיעות" נ. 34), וועלכע איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט אַרום פֿאַראיינהייטלעכן די יידישע אָרטאָגראַפֿיע.
>
> (ייוואָ 1936: 81)

נאָכדעם ווי מאַקס ווײַנרייך האָט איינגעזען, אַז אַן אָרטאָגראַפֿישע קאָנפֿערענץ קען נאָר שאַפֿן אַ קאָפּיע פֿון סאָוועטישן אויסלייג, האָט ער די זאַך צוגענומען צו דער פֿילאָלאָגישער סעקציע פֿון דער ייוואָ גופֿא. דער רעזולטאַט איז געווען — די אויסלייג תקנות פֿון יידיש, וואָס זיינען אַרויס אין 1935 ווי אַ בראָשור אין דער סעריע אָרגאַניזאַציע פֿון דער יידישער וויסנשאַפֿט, נומער 14 (ייוואָ 1935 אין אונדזער ביבליאָגראַפֿיע). דער ייוואָ האָט געשילדערט יענע אויסלייג תקנות פֿון יידיש בזה הלשון:

> נאָך אַן אינטענסיווער דיסקוסיע אין משך פֿון עטלעכע יאָר האָט די אָרטאָגראַפֿישע קאָמיסיע דורך אַ רעפֿערענדום איינגעשטעלט 150 כללים פֿון יידישן אויסלייג, וואָס זענען דורך אַ באַשלוס פֿון דער צענטראַלער פֿאַרוואַלטונג אָנערקענט געוואָרן פֿאַר אויסלייג תקנות פֿון ייוואָ, און אָפּגעדרוקט און פּראָקלאַמירט געוואָרן צום צענטן גרינדונגס־טאָג פֿון אינסטיטוט. איצט דאַרף זיך אָנהייבן דער צווייטער עטאַפּ — דורכצופֿירן די דאָזיקע 150 כללים פֿון איינהייטלעכן יידישן אויסלייג אין לעבן.
>
> (ייוואָ 1936: 81-82)



ס'איז ניט אַוועק קיין פֿולע צוויי יאָר און דער ייוואָ איז אַרויס מיט *אַנדערע* תקנות (ייוואָ 1937), וואָס זיינען *ווידעראַמאָל* אַרויס אין דער סעריע אָרגאַניזאַציע פֿון דער יידישער וויסנשאַפֿט (העפֿט נ. 16), וואו ס'זיינען אַרויס אויף דער וועלט די יפֿהפֿיות אַלע מאָל, אַ מאָל, אַ שטייגער, פֿון דעסט וועגן, אָנשטאָט די אוניווערסאַלע שרייבונגען אַלעמאָל, אַמאָל, אַשטייגער, פֿונדעסטוועגן וואָס אינעם נוסח פֿון 1935. וועגן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן יסוד פֿון די תקנות פֿון 1937 (אין ראַם פֿון דער ייוואָ גופֿא) איז צו דערמאָנען, אַז מ'האָט ניט געפֿרעגט קיין עצה ביי דער העלפֿט פֿון דער פֿילאָלאָגישער סעקציע וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין אַמעריקע — אַלכסנדר האַרקאַווי, י. אַ. יאָפֿע, י. ל. כהן, ש. ניגער (זע מאַרק 1959ג: 90).

גראַדע פֿון אַן אָנהענגער פֿון די תקנות, מ. טייכמאַן, אַן אָנטיילנעמער אין דער „באַראַטונג" פֿון 28טן און 29טן יוני 1936, וואָס האָט געפֿירט צו די „ענדגילטיקע תקנות", ווערט מען געוואָר ווי אַזוי די תורה האָט זיך אויפֿסניי אַנטפּלעקט אויפֿן באַרג סיני. ער גיט איבער אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע בלעטער, אַז גאַנצע *דריי* פֿאָרשטייער פֿון ייוואָ, *צוויי* פֿון ציש"אָ און אַ פֿופֿצן רעפּרעזענטאַנטן פֿון לערער, אַלע פֿון דער פּוילישער רעפּובליק, זיינען דאָס געווען די „קאָנפֿערענץ". וועגן די פֿראַגן באַזונדער צי

אינאײנעם בײַ אַדװערבן און בײַ צונױפֿהעפֿטן פֿון סובסטאַנטיװן איז קײן הסכּם ניט געװען, און די פֿראַגן זײַנען „אָפּגעשיקט געװאָרן צוריק צו דער פֿילסעקציע" (טײַכמאַן 1936א: 462). מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט דער זעלביקער מ. טײַכמאַן געטענהט, װידעראַמאָל אין די ליטעראַרישע בלעטער — און ער האָט רעכט — אַז „אָרטאָגראַפֿיע איז נישט בלױז אַן ענין פֿאַר פֿילאָלאָגן — די צורה פֿון געשריבענעם װאָרט גײט אָן דעם גאַנצן כּלל". ער האָט געגעבן אַן עצה, אַז מ׳דאַרף „גלײַך צונױפֿרופֿן אין ו ו אַ ר ש ע אַ באַראַטונג מיט אַלע געזעלשאַפֿטן, װאָס שרײַבן ייִדיש [...] און דער גאַנצער פּרעסע [...], און דאָ מוז קומען דער באַשלוס" (טײַכמאַן 1936ב: 605). געװען אַ קול קורא במדבר.

ס׳באַקומט זיך לעכערלעך װען מ׳לײענט בײַ די הײַנטיקע הסידים פֿון די ייִװאָ תּקנות, אַז גראָד יענער אונטערנוסח פֿון דער נײַער אָרטאָגראַפֿיע איז „דער גרעסטער אױפֿטו" פֿון דער ייִװאָ אין די צװישן־מלחמהדיקע יאָרן, צי בכלל דער גרעסטער אױפֿטו פֿון מזרח־אײראָפּעאישן ייִדנטום. קײן גרעסערע באַלײדיקונג פֿאַר דער ייִװאָ קען ניט געמאָלט זײַן. מ׳דאַרף נאָר אַ טראַכט טאָן װעגן די הונדערטער ריכטיקע אײביקע װיסנשאַפֿטלעכע אױפֿטוען פֿון דער װילנער ייִװאָ איף צו זען װאָס פֿאַראַ פּנים עס האָט דאָס ציען יחוס פֿונעם דעמאָלטיקן קאָמפּראָמיס מיטן סאָװעטישן מוסטער. יודל מאַרק האָט געמאַכט אַ ריכטיקן סך־הכּל:

> און איצט [...] װיל מען אָט די המצאות אַרױסשטעלן װי די העכסטע דערגרײכונג פֿון חכמה און װיסנשאַפֿט און מען װיל זײ נאָך באַצירן מיט אַ שײַן פֿון קדושה. עס איז אַן אומרעכט זיך צו שפּילן מיט די געפֿילן װאָס מיר אַלע האָבן צו דעם



> פֿאַרשניטענעם לעבן אין מזרח אײראָפּע און מיט זײ מטהר זײַן עפּעס װאָס איז אומגעראָטן אָדער איז אַ רעזולטאַט פֿון װײניק ישוב הדעת.
>
> (מאַרק 1959ג: 90-91)

יודאַ יאָפֿע האָט װעגן די פֿאַרשידענע נוסחאות פֿון די ייִװאָ תּקנות געמאַכט אָט אַזאַ מין באַמערקונג:

> װײניק מענטשן װײסן אַז די תּקנות פֿון 1937 — די גילטיקע — זײַנען דער דריטער געשטאַלט [...] און אַז מ׳שטודירט דורך אָט די דרײַ פֿאַרשײדענע געשטאַלטן קריגט מען אַ צעטומלעניש אין קאָפּ: װאָס אײן נוסח דערקלערט כּשר און ריכטיק, נעמט דער צװײטער און פּסלט װי פֿאַלש און טרײף, און דער דריטער קען װידער מאַכן אַ השיבנו נאָזאַד.
>
> (יאָפֿע 1948: 33)

די ייִװאָ תּקנות זײַנען אָבער פֿאָרט געװען אַ װיכטיקער אױפֿטו אין די גרענעצן (טעריטאָריעלע, פּסיכאָלאָגישע, פּאָליטישע) פֿון דער דעמאָלטיקער פּױלישער רעפּובליק. זײ האָבן באַװיזן סטאַנדאַרדיזירן דעם אױסלײג אין די ציש״אָ שולן (און פֿאַר קינדער װאָס לערנען אלף־בית איז טאַקע װיכטיק, אַשטײגנער, אַז שין און שׂין זאָלן זײַן קאָנסעקװענט דיפֿערענצירט). אידעאָלאָגיש האָבן די תּקנות אױסגעדריקט אַ רוק אױף לינקס, נעענטער צום ראַדיקאַלן סאָװעטישן אױסלײג, אָבער װײט ניט אַזױ ראַדיקאַל. אַדאַנק די ייִװאָ תּקנות זײַנען די לינקע קרײַזן אין פּױלן געװאָרן אַ מין „מיטלפּונקט" צװישן „ראַדיקאַלן" רוסלאַנד און דער „קאָנסערװאַטיװער" אַמעריקע. אין דער אינעװײניקסטער ייִדישער פּאָליטיק אין דער פּױלישער רעפּובליק האָט די ראַדיקאַליזירונג פֿון די ניט־סעמיטישע עלעמענטן

„אָפּגעראַטעוועט" דעם היסטאָרישן אויסלייג פֿון די סעמיטיזמען. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס אַלין מאַקס ווײַנרײַכס אויפֿטו. ווי מ'זאָל ניט האַלטן וועגן יידישן אויסלייג הײַנט, דאַרף מען די דרײַסיקער יאָרן באַטראַכטן אין היסטאָרישן קאָנטעקסט פֿון — די דרײַסיקער יאָרן.

קוקנדיק פֿון אַ ברייטערער פּערספּעקטיוו (אי פֿון צייט אי פֿון געאָגראַפֿיע) ווערט קלאָר, אַז אַרויסוואַרפֿן אותיות און אַרײַנטראָגן פּינטעלעך איז טעאָרעטיש גערעדט אַ היסטאָרישע רעגרעסיע. פּראַקטיש גערעדט איז עס פּראָסט און פּשוט — אַ טעות.

די נײַע יידישע אָרטאָגראַפֿיע שטעלט מיט זיך פֿאָר דאָס פּערפֿעקטיזירן און אויסענדיקן די דור־דורותדיקע קייט אָרגאַנישע אַנטוויקלונגען, וואָס האָבן דערפֿירט צו אַ סיסטעם וואָס האָט אַ פֿולן גאַנג וואָקאַלן ניט אָננקומענדיק צו קיין פּינטעלעך. דאָס איז אַ פּרעכטיקע דערגרייכונג. ס'איז פּשוט און לײַכט לייענען און שרײַבן, מ'שפּאָרט אַריבער די ד' אמות פֿון שרײַבן נקודות אַ גאַנץ לעבן, און מ'האָט אַן אלף־בית וואָס איז מער פּערפֿעקט אויסגעהאַלטן מיטן ליטעראַרישן אַרויסרייד, איידער בײַ די מערסטע לשונות פֿון דער וועלט. אָן פּינטעלעך (נעמענדיק אין באַטראַכט אַז קמץ־אלף און פּתח־אלף פֿונקציאָנירן אויף יידיש ווי באַזונדערע אותיות).

צו איין נוסח פֿון דער סאָוועטישער אָרטאָגראַפֿיע, וואָס האָט געהאַט נאָך מער פּינטעלעך איידער די שפּעטער קאָדיפֿיצירטע סאָוועטישע און ייוואָ סיסטעמען, האָט זאַרעצקי געזאָגט אָט וואָס:

> אייניקע נוצן שוין די נײַע [סאָוועטישע] אָרטאָגראַפֿיע אין ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען אין תהום פֿון דער סעקולערער יידישער קולטור אין מזרח אייראָפּע צווישן די ביידע וועלט מלחמות: די ייוואָ אויסלייג תקנות זײַנען נאָכגעגאַנגען די סאָוועטישע תקנות בײַ דער ראַדיקאַליזירונג פֿונעם אויסלייג פֿון די ניט־סעמיטישע עלעמענטן אין יידיש.

8. ווען ך שטייט פֿאר ן, פֿאר יי, פֿאר וו אָדער נאָך וו, שטעלט מען באַם ך אַ פּינטל (ך). בײַשפּילן:

1) סווּנג.
2) בורזשווּי.
3) אַווּאַ, אַווּרע, אַווּערטיור, אָנצווּייַנג, צווּאַרסן, רווּן, שוואַקס.
4) גווּרע, ווּ, ווּנד, ווּנטש, צווּקס.

פֿראַגמענט פֿון די סאָוועטישע תקנות פֿון 1932
(אינסטיטוט יבֿ׳ 1932: 11)

7. וואָוו מיט אַ פּינטל – מלופּם וואָוו – שטעלט מען:

א) פֿאַר אַ צווייטן וואָוו.
דוּמוווירשט, טרוּנג.

ב) פֿאַר אַ יוד וואָס באַצייכנט אַ j.
בורזשוּי, אַקאַטוּי.

ג) פֿאַר אָדער נאָך צוויי וואָוון (v).
ווּ, פּרווּ, פּרווּונג.

פֿראַגמענט פֿון די ייוואָ תקנות פֿון 1937
(ייוואָ 1937: 3)

שריפט, און זי האָט שוין אַרויסגעוויזן אַ וויכטיקן חסרון (מ׳האָט דאָס איינגנטלעך געקענט פאָראויסזען): זי איז צופיל געפינטלט און געפּאַסיקט. [...] אַ וואָרט אָן אַ נקודה ווערט אַ זעלטנהייט, און אָפטער האָט יעדער וואָרט מער ווי איין נקודה. [...] די נײַע אָרטאָגראַפיע האָט זיך געשטעלט אויפן וועג צו באַפרייען אונדז פון די ענדע⸗אותיות — אָבער אין דער זעלביקער צײַט גיט זי אונדז אַ נײַעם שלאַק. אונדזער שריפט ווערט אַזוי געפינטלט, ווי די טאָטערשע. [...] אויב דאָס איז ניט מעגלעך, דאַרף לכל הפּחות צוקומען אין דער אָרטאָגראַפיע אַ פּונקט, אַז אין כתב⸗יד (און ממילא אין שריפט⸗אונטעררירכט אויך) זיינען נקודות ניט קיין מוז.

(זאַרעצקי 1928ג: 19-22)

צום ענדגילטיקן ייוואָ אויסלייג האָט מעינקע קאַץ געשריבן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט שפּעטער, אָנווייזנדיק אויף די בן⸗יקירלעך באַצײַונג, פריִער, פּאַרטײַיִש, שנײַיִק, שרײַיִק אַז

די אויגן קענען פּשוט ניט פאַרטראָגן אַזויפל פאַרחיריקטע ווערטער. די אויגן הייבן אָן פינטלען פון אַזאַ פּינטל⸗פאַרפלייצונג. [...] זאָלן זיך שפּילן, געזונטערהייט, מיט אַלע פינטעלעך — קינדערלעך וועלכע הייבן אָן לערנען העברעאיש.

(מ. קאַץ 1979א: 7)

די סאָוועטיש⸗ייוואָ אַריינגעפירטע נקודות ווערן במילא אָפּטמאָל אויסגעלאָזן אין צײַטונגען, ביכער און בריוו, און ס׳באַקומען זיך די גאָר האַמעטנע און אומקלאָרע שרייבונ⸗גען העברעיש, ווו, פּרוונג, פּאַרטייש, פּרייק וכדומה, כאָטש די ייוואָ תקנות גופא זאָגן, שוואַרץ אויף ווייס, אַז:



אויב אַ דרוק פאַרמאָגט ניט קיין ּי און ִי, מוז מען שטעלן אַ „שטומען" א אין די ווייטערדיקע פאַלן: א) פ אַ ר ן אות וואָס וואָלט באַדאַרפט זיין געפּינטלט: וואו, וואונדער, ראַאיסע, קאָאימבראַ, רואיק, בלויאינקער, שנייאיק, בלייאיק, פּעאיק; ב) נ אָ כ ן אות וואָס וואָלט געדאַרפט זיין געפּינטלט: טואונג, דואומווירעט, באַציאונג, בליאונג; ג) צ ו ו י ש ן די אותיות וואָס וואָלטן באַדאַרפט זיין געפּינטלט: וואַריאירן, פריאיק. מע דאַרף אָבער מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען, אַז די דרוקן זאָלן זיך פאַרזאָרגן מיט ּי און ִי.

(ייוואָ 1937: 32-33)

די פּראַקטיק האָט אָבער באַוויזן אַז מ׳איז אָפּט יאָ מוותר אויף די פּינטעלעך און ס׳בלייבט ווו, וונדער וכו׳, מיט דריי טשוועקעס וואָס ברענגען גאָר אויפן זינען דעם אַריטמעטישן באַגריף 111. אַ ווייטער מהלך פון שיינעם דור⸗דורותדיקן שריפט⸗בילד: וואו, וואונדער וכו׳.

דאָרטן וואו עס זיינען פאַראַן צוויי נאָכאַנאַנדיקע ִי וואָקאַלן אין אַ וואָרט, שרייבן זיי זיך לויט דער סאָוועטישער און דער ייוואָ סיסטעם מיט צוויי מאָל חיריק⸗יוד, אַזוי אַרום אַז פון פריאיק ווערט פריִיִק. די צרה איז וואָס אין אַ סך יידישע שולן און ביי אַ סך וואָס שרייבן יידיש איז דער ִיִ דער סימן אויף צירה צוויי יודן (וואָס ווערט געשריבן היינט צוויי יודן סתם). אַחוץ אַריינפירן אומזיסטע פּינטעלעך איז דאָ דער בפירושדיקער „שפּיי⸗אויס" סיי אויף דער טראַדיציע פון די יידישע שולן, סיי צום דור⸗דורותדיקן באַוואוסטזיין, אַז צוויי פּינטעלעך אויסגעשטעלט האָריזאָנטאַל אונטער אַן אות, מאַכן: צירה. היסטאָריש גערעדט, איז אָט דער שפּיי⸗אויס געווען אַ בכיוונדיקער מצד די סאָוועטישע צוקלערער פון דער המצאה. שוין אין די אָפיציעלע סאָוועטישע

„באַשלוסן“ האָט מען פּראָמינענט אַרויסגערוקט דעם ביישפּיל פּרוּוּקער (ליטוואַקאָוו און זאַרעצקי 1929: 57, נ. 3); אין די סאָוועטישע אויסלייג תּקנות גופֿא האָט מען דעם דין געגעבן צו פֿאַרשטיין מיט גוּווּים (צענטראַלער פֿעלקער=פֿאַרלאַג 1930: 4; אינסטיטוט וכו׳ 1932: 13). „דער צירה וואָס מאַכט צוויי מאָל היריק=יוד“ איז אָבער ניט אוניווערסאַל אַפֿילו אין תּחום פֿון דער געשיכטע פֿון סאָוועטישן אויסלייג גופֿא. אין זאַרעצקיס פּראָיעקט שטייט גוּוּיִם (1928א: 8); קופּערשמיד (1928: 36) האָט געוואָלט גוּוּיאִים. אין די קרייזן וואו מ׳היט די ייִוואָ תּקנות איז דער װ אָבער געבליבן „חוק ולא יעבור“. פֿון סטרוקטוראַליסטישן שטאַנדפּונקט, איז עס נאָכאַמאָל אַ פֿאַל פֿון אַ צרה וואָס מ׳האָט אויף זיך אָנגעבראַכט דורכן אַרויסוואַרפֿן דעם שטומען אלף, און געפּרוּווט פֿאַרגלעטן מיט נקודות, ליטן סאָוועטישן און מזרח=אייראָפּעאישן „לינקן סטיל“ פֿון די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן.

דער אויפֿטו פֿון דער נייער ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע איז ניט געקומען מיט אַ גלייכן פּשוטן וועג, עס זיינען געווען זיגזאַגן. אַז מ׳זאָל זיך ניט רעכענען מיט יחידים בעלי=אויסנאַמען, וואָס האָבן געשטעלט ניקוד, ווי אַשטייגער נתן=נטע האַנאָווער אין זיין שׂפה ברורה אין 1660 (זע ה.=ד. קאַץ 1990: 180–185), צי אהרן בן שמואל אין זיין ליבליכה תפילה (1709), זיינען פֿאַראַן צוויי „נקודה תּקופֿות“ אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן אויסלייג. די ערשטע איז געווען אין ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען דער אויסלייג האָט זיך געפֿונען אין אַ צווישן=סטאַדיע, נאָך דער באַזייטיקונג פֿונעם משקיט. קיין פֿעסטע יאָר=גרענעצן זיינען נאַטירלעך ניטאָ און אין די איבערגאַנגס=פּעריאָדן זיינען צוויי סיסטעמען עלול צו



קאָעקזיסטירן, אַשטייגער די דייטשמערישע אָרטאָגראַפֿיע פּלוס נקודות אין אַ היפּשן חלק פֿון דער ראַדיקאַלער ייִדישער ליטעראַטור און פֿרעסע סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (זע אַשטייגער די דיסקוסיע „מיט נקודות צי אָן נקודות?“ אין לעבען און וויסענשאַפֿט (= לעבן און וויסנשאַפֿט 1909).

דאָס צווייטע מאָל, אין אַ קלענערער מאָס, איז דער פֿאַל דאָ אין אונדזער ענין, אַז מ׳האָט אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן אין סאָוועטן=פֿאַרבאַנד און אין די לינקע קרייזן אין דער פּוילישער רעפּובליק גענומען אַריינפֿירן װ און ג, אין „זכות“ פֿון דעם וואָס מ׳האָט אין די קרייזן אַרויסגעוואָרפֿן דעם מחיצה=אלף.

אַ וואָרט וועגן דער דעבאַטע צווישן יודל מאַרק און מאַקס ווײַנרײַך אויף די שפּאַלטן פֿון ייִדישע שפּראַך סוף פֿופֿציקער יאָרן אַרום דעם מחיצה=אלף (זע מאַרק 1959א, 1959ב, 1959ג, מ. ווײַנרײַך 1959). אין יענער דעבאַטע ווערט גענוצט דער טערמין „דער שטומער אלף“ כאָטש טעכניש גערעדט נעמט אָטאָ דער טערמין אַריין אויך דעם אלף אין און, אויוון, איין, אייך, אייז (און אַמאָליקע צייטן אויך סוף וואָרט, אַשטייגער וויא). דאָ דיפֿערענצירן מיר צווישן אָט דעם שטומען אלף און דעם מחיצה=אלף אין וואו, פֿרואוון, העברעאיש, גליאיק, כאָטש מ׳דאַרף באַטאָנען אַז אין היינטיקן פּאָפּולערן באַנוץ איז „דער שטומער אלף“ טאַקע דער מחיצה=אלף וועגן וועלכן ס׳גייען די אַלע דעבאַטעס; אויך מיר נוצן דעם טערמין אין דער ייִדישער פּעריאָדיק (זע אַשטייגער ה.=ד. קאַץ 1993א).

פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער פֿראַגע גופֿא — וואו צי ווו — האָט יודל מאַרק געוואונען די דעבאַטע. פֿון שטאַנדפּונקט

פון דער פּאָלעמיק האָט אָבער ווײַנרײַך געוואונען. מאַרק האָט זיך אויסגעגליטשט אויף לינקס און אויף רעכטס: ער האָט גענומען אַרײַנפֿירן אין דער דיסקוסיע דעם שטומען אלף אין און, און אַפֿילו דעם אַמאָליקן שטומען אלף אין וויא; ער איז געווען אַ מודה במקצת, און האָט יאָ אָנגענומען די „דרײַ וואָוון פֿאַרקערט", אַשטײַגער אין פֿרוױן אויף פֿרואוין; ער האָט פּרובירט בויען אַרגומענטן אויף דעם ווי עס האָבן געהאַלטן ווײַנרײַך, רייזען, קלמנאָוויטש און וועלכן יאָר און איז דאָ און דאָרט נכשל געוואָרן; ער האָט געבראַכט קלמנאָוויטשעס אַרבעט, „צי איז מיגלעך אַ פֿאָנעטישער אויסלייג פֿאַר דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך?" (קלמנאָוויטש 1930) און געצויגן מסקנות, וואָס מ'קען זיי פֿון דאָרטן ניט ציען.

קולטור=היסטאָריש אינטערעסאַנט איז דער אופֿן ווי אַזוי די דעבאַטאַנטן באַציִען זיך צום ענין סאָוועטישע השפּעה אין דער פּרשת מחיצה=אלף. מאַרק באַשולדיקט ווײַנרײַכן אין איבערנעמען בײַ די סאָוועטן. ווײַנרײַך ענטפֿערט: „איך האַלט פֿון מכל מלמדי השכלתי" (ווײַנרײַך 1959: 36), און בשעת מעשה ברענגט ער מעשה מהרש"א אַ נאָטיץ פֿון זאַרעצקי, לויבנדיק אָטאָ דעם פּונקט אין אַן אָרטאָגראַפֿישער טאַבעלע אין פּוילן (זאַרעצקי 1923ב: 27). הײַנט קען מען מאַכן אַזאַ סך=הכל: דער אײַנפֿאַל איז אויפֿגעקומען אין לינק=געשטימטע קרײַזן אויף בײדע זײַטן גרענעץ אָנהייב צוואַנציקער יאָרן. אײַנגעפֿירט האָט מען עס אויף אַ ברייטן פֿאַרנעם בלויז אויף דער סאָוועטישער זײַט פֿון דער גרענעץ. מיטן און סוף צוואַנציקער יאָרן האָט זיך עס אײַנגעפֿעסטיקט אין לעבן אין ראַטנפֿאַרבאַנד, וואו די דעקרעטן האָבן געהאַט יורידישע מאַכט. די סאָוועטישע



שיטה, ווען זי איז אַרײַן אין קראַפֿט, האָט געהאַט אַ גלאַנץ אויך פֿאַר לינק=געשטימטע יידישיסטן אין דער פּוילישער רעפּובליק.

פֿון בײדע צדדים איז די מאַרק=ווײַנרײַך דעבאַטע אײנע פֿון די אינטערעסאַנטסטע אין אונדזער סטיליסטישער ליטעראַטור אין די נאָכמלחמהדיקע יאָרן. דער ייִוואָ איז געווען גענוג טאָלעראַנט צו באַשטימען אַלס רעדאַקטאָר פֿון זײַן זשורנאַל יידישע שפּראַך אַ געלערנטן, וואָס האַלט אַנדערש איידער דער ייִוואָ. דער רעדאַקטאָר יודל מאַרק איז געווען גענוג טאָלעראַנט צו סטימולירן און פֿאַרעפֿנטלעכן פֿרייע דיסקוסיעס און דעבאַטעס אין זשורנאַל. איצט איז שוין אַן ערך צוואַנציק יאָר וואָס מ'טרעפֿט דאָרטן בלויז די „אָפֿיציעלע ליניע" וואָס ווערט דערלאַנגט דעם לייענער ווי תורה מסיני. לאָמיר האָפֿן, אַז יידישע שפּראַך וועט במהרה בימינו ווידער ווערן אַ פֿאָרום אויף פֿאַרשידענע שיטות און אָפֿענע דיסקוסיעס אין אונדזער נײַער סטיליסטיק. ס'איז טאַקע צום דערוואַרטן, מחמת דער ייִוואָ ווײַזט די לעצטע יאָרן אַרויס אַ נײַעם טאָלעראַנטן צוגאַנג. זײַן געוועזענער עקזעקוטיוו=דירעקטאָר, שמואל נאָריך, האָט זיך אין 1987 געשטעלט מיט אונדז אין פֿאַרבינדונג אין שײַכות מיט דער מעגלעכקייט פֿון אַ נײַער אָרטאָגראַפֿישער קאָנפֿערענץ. אין 1988 האָט דער ייִוואָ אַרויסגעגעבן אָן שינויים אַלכּסנדר האַרקאַווים גרויס ווערק — זײַן דרײַשפּראַכיקן יידיש=ענגליש=העברעאישן ווערטערבוך (האַרקאַווי 1988). קען מען זיך איצטער ריכטן אַז דער ייִוואָ וועט ווײַטער אַרויסגעבן אויפֿסניי די קלאַסישע ווערק פֿון אונדזער וויסנשאַפֿטלעכער ליטעראַטור, אַפֿילו אַז בײַ זיי איז דאָ דער מחיצה=אלף. דאָס ברענענדיקסטע פֿאַר דער יידיש פֿאָרשונג: נײַע פֿאָטאָ=

מעכאַנישע איבערדרוקן פֿון די ערשטע דריי מעכטיקע בענד פֿילאָלאָגישע שריפֿטן (ייוואָ 1926, 1928, 1929א).

ביי די אַדוועבן זיינען די ייוואָ תקנות אַוועק אויף אַ סך אַ מער ראַדיקאַלן וועג איידער אין סאָוועטישן יידיש. מ'האָט גענומען רייסן אויף פּיצלעך איבעראַכטאָג, אינגאַנצן, פֿאַראַיאָרן, צופֿיל א.א.וו. אויף איבער אַכט טאָג, אין גאַנצן, פֿאַר אַ יאָרן, צו פֿיל, אַפֿנים צוליב „אַנטי־דייטשמעריזם".

אויך ביי צונויפֿהעפֿטן פֿון סובסטאַנטיוון האָבן זיך די תקנות אַנטקעגנגעשטעלט אי דעם שכל הישר אי דעם ברייטן באַנוץ (זע יאָפֿע 1950: 52; שטיינבוים 1956; יאָפֿע און מאַרק 1961: כג). דער גרונט־כּלל, וואָס די ייוואָ תקנות האָבן איינגעפֿירט איז — ציילן טראַפֿן! ביז דריי טראַפֿן הייסן זיי שרייבן ווי איין וואָרט, מער ווי דריי טראַפֿן — מיט אַ מקף, און באַזונדער — קיינמאָל ניט. אַזוי אַרום מוזן לויט יענע תקנות געשריבן ווערן ווי איין וואָרט טאַנצאָוונט, פֿאָלקלאָרקלוב, רוצימער, בעת צונויפֿהעפֿטן וואָס זיינען שוין לאַנג איין וואָרט אויף יידיש דאַרפֿן געשריבן ווערן מיט אַ מקף — עלטער־זיידע, פֿייער־לעשער, קינדער־גאָרטן, וויל מער ווי דריי טראַפֿן. און היות ווי שרייבן באַזונדער טאָר מען קיינמאָל ניט, באַקומען זיך אַזעלכע פֿילגאָרנדיקע צונויפֿהעפֿטן ווי „אוניווערסיטעט־דערציאונג־ענציקלאָ־פּעדיע", „דרום־מזרח־יידיש־אויסדרוקן", „סטודענטן־מיט־גלידערשאַפֿט־אָפּצאָל", „שלום־עליכם־קולטור־צענטער־קאָנפֿערענץ".

ביי דעם פּונקט איז ניט אָפּצוטיילן אויסלייג פֿון מאָרפֿאָלאָגיע און סינטאַקס. יידיש איז דאָ זייער אַנדערש ווי דייטש. דער יידישער סטיל טאָלערירט ניט אומ־באַגרענעצטע צונויפֿהעפֿטן. צוליבן ניט דערלויבן שרייבן



באַזונדער ווערט דער יידישער „אוניווערסיטעט סטודענט" פֿאַרוואַנדלט אין דייטש־מעסיקן „אוניווערסיטעט־סטודענט". צוליב דעם קען מען לויט די ייוואָ תקנות ניט דיפֿערענצירן צווישן „דרום־מזרח יידיש" (דער דרום־מזרחדיקער שטח = אוקראַיניש יידיש) און „דרום מזרח־יידיש" (דער דרומדיקער שטח פֿונעם מזרחדיקן יידיש = פּויליש יידיש + אוקראַיניש יידיש). אַלץ ווערט מטושטש אין אַ לאַנגער, פֿאַר־פּלאָנטערטער קייט מקפֿן. און אין אַ „שמואל ניגער־בוך" בלייבט דער „שמואל" הענגען אינדערלופֿטן.

די קולטור געשיכטע און די אידעאָלאָגיע זיינען דאָ אַ סך מער סובטיל איידער ביים מחיצה־אלף, זיי זיינען דערפֿאַר אפֿשר אַפֿילו מער אינטערעסאַנט. איין בולטער פּאַראַדאָקס וואַרפֿט זיך אין די אויגן: בעת טייל פֿירער פֿון דער ייוואָ האָבן געפֿירט ביטערע מלחמות קעגן „דייטשמעריזמען", אַריינגערעכנט ווערטער וואָס זיינען שוין טיף איינגע־וואָרצלט אין דער שפּראַך (זע אונטן, זז. 166-228), האָט מען דאָ אָנגענומען פּרינציפּן וואָס זיינען דייטשמעריש שבדייטשמעריש: ערשטנס די השגה אַז מ'קען אויף יידיש שאַפֿן וויפֿל צונויפֿהעפֿטן מ'וויל נאָר; והשנית אַז מ'מוז זיי שרייבן צוזאַמען (ד.ה. אָדער ווי איין וואָרט אָדער מיט אַ מקף), קיינמאָל ניט באַזונדער, ווי עס איז לויט דער דור־דורותדיקער טראַדיציע פֿון יידיש שבכתב.

די עלטערע יידישע טראַדיציע איז דאָ אַ קלאָרע — שרייבן באַזונדער. פֿאַרוואָס האָט מען דאָ נאָכגעטאַנצט דעם דייטש? אונדז דאַכט זיך, אַז דאָ זיינען געווען עטלעכע פֿאַקטאָרן. אַ צאָל פֿירער פֿון דער ייוואָ זיינען אַליין געווען גראַדואַנטן פֿון דייטשישע אוניווערסיטעטן און דער דייטשישער וויסנשאַפֿטלעכער סטיל האָט ביי זיי — ביודעין

פראַגמענטן פון שער־בלעטער — דוגמאות פון דער דור־דורות־דיקער טראַדיציע פון שרייבן צונויפהעפטן פון סובסטאַנטיוון באַזונדער.

די פאַקסימיליעס: אַדאַנק דער באָדלעיאַנער ביבליאָטעק (אָקספאָרד)

פראָג 1568 — דער רוזן גארטן

קראָקע 1586 — ראש תהלים בוך

באָזל 1602 — איין שוין מעשה בוך

באָזל 1602 — ספר ברנט שפיגל

פראָג 1615-1605 — תורה ליד

אַמסטערדאַם 1664 — אויגן עפנר

פראָג 1678 — דער צוכט שפיגל

פראַנקפורט ד'אָדער 1796 — בבא מעשה

צי בלא יודעין — גובר געווען. אין הלכות לעקסיק האָט דאָס זיי געטריבן צו אַן עקסטרעמען „אַנטי־דייטשמעריזם". אין הלכות שרייבן צוזאַמען אָדער באַזונדער זיינען זיי געווען זייער צוגעוואוינט צום דייטשישן וויסנשאַפטלעכן סטיל. פֿאַראַן אָבער אויך דאָ אַ השפּעה פֿון סאָוועטישן יידיש. די אַלע לאַנגע צוזאַמענגעשריבענע ווערטער האָבן אויף ביידע זייטן גרענעץ אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן געהאַט אַ סטיליסטישן גלאַנץ פֿון אייראָפּעאישקייט, וויסנשאַפֿטלעכקייט, טעכנישקייט. פֿאַראַן אויך דאָ דער עלעמענט פֿון פּאָליטישן קאָמפּראָמיס: דורכן פֿאַרלאַנגען שרייבן מיט אַ מקף וואו נאָר פֿיר טראַפֿן און מער, האָט מען עפּעס אַ שמץ אויפֿגעהיט פֿון טראַדיציאָנעלן יידישן סטיל פֿון שרייבן באַזונדער. אין דעם פּרט האָט זיך אויפֿגעהיט דער טראַדיציאָנעלער נוסח גראַדע אין דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור. ענגליש (וואו מ'שרייבט אַמאָפטסטן באַזונדער, אַזוי ווי אין טראַדיציאָנעלן יידיש) האָט דאָ ניט אַרויסגערוקט קיין מוסטער אַנטקעגן.

# די אָרטאָגראַפֿיע ביי טראַדיציאָנעלע פֿרומע יידן

די קולטור געשיכטע איז כידוע פֿול מיט טשיקאַוועקייטן. די אַלע דעבאַטעס איבערן יידישן אויסלייג קומען פֿאָר — און צום גרעסטן טייל זיינען אויך פֿאָרגעקומען — אין די ראַמען פֿון „וועלטלעכן" (געמיינט: סעקולערן, ניט־רעליגיעזן) סעקטאָר, בעת די ווייט גרעסטע מערהייט יידן אויף דער וועלט, וואָס וועלן ריידן יידיש אין איין און צוואַנציקסטן



יאָרהונדערט וועלן זיין טראַדיציאָנעלע פֿרומע יידן, מערסטנטייל חסידים. וואָס שייך אַלע אונדזערע פֿראַגן — אויסלייג, לעקסיק און נאָך — וועלן די פֿירונגען פֿון קומעדיקן יאָרהונדערט קומען פֿון ז י י, פֿון דער ציוויליזאַציע וואו יונגע מענטשן וואָס ריידן יידיש נאַטירלעך פֿון דער היים זיינען ניט קיין בייזוואונדער נאָר וואָדען: אַ טאָגטעגלעכע סאָציאַל־נאָרמאַלע דערשיינונג.

די צווייטע טשיקאַוועקייט איז דאָס וואָס ביז שפּעט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דער חסידישער אויסלייג בעצם ניט מער און ניט ווייניקער ווי דער אַמאָליקער דייטשמעריש־משכּילישער אויסלייג. פֿאַר דער אַלמענטש־לעכער קולטור געשיכטע איז אינטערעסאַנט צו באַנעמען, ווי אַזוי אָרטאָגראַפֿישע שטריכן וואָס זיינען אויפֿגעקומען אַלס סימבאָלן פֿון ראַדיקאַלער קולטור — דער אויסלייג פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט וואָס האָט אַ סך נאָכגעמאַכט דייטש — איז ביי חסידים געוואָרן, פּונקט פֿאַרקערט, דער סימבאָל פֿון המשך פֿונעם אוראַלטן טראַדיציאָנעל־יידישן לעבנס־שטייגער. אַ ראיה איז עס דערויף, ווי דער אָפּשטאַם פֿון קולטורעלע איינסן איז אָפֿטמאָל ניט שייך אין דער סטרוקטור פֿון דער קולטור. וויכטיק זיינען די באַדייטן וואָס זיי נ ע מ ע ן אָ ן אין אַ געוויסער געזעלשאַפֿט.

דער חסידישער אויסלייג היט אויף בדרך כּלל דעם שטומען עין (זאָגען, קעפּעלע), דעם שטומען הא (יאָהר), די סופֿיקס־שרייבונג ־יג (וויכטיג), דאָס ניט באַצייכענען אַפֿריקאַטן (אונז, מענש), דאָס שרייבן איד, אידיש וכו', די אַפּאָסטראָפֿן צווישן סעמיטיש און גערמאַניש אָפּשטאַמיקע טיילן פֿון אַ וואָרט (באַ'גנב'ענען), און נאָך אַ צאָל כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון דעם וואָס הייסט ביי

„וועלטלעכע יידישיסטן" זינט די צוואַנציקער יאָרן: „די אַלטע אָרטאָגראַפֿיע". אויסער דער הסידישער פּרעסע, ד.ה. אין ענגן משפּחה לעבן, אין אַ צאָל הדרים און מיידל־שולעס האָט זיך ערטערווייז אויך אויפֿגעהיט דער אַלט־יידישער פֿאַרמשכּילישער יוד, אויף אומבאַטאָנטע וואָקאַלן (גיוואָרין).

אין לעצטן יאָרצענדליק זעט זיך אָבער אין דער חסידישער ליטעראַטור אַ בפּירושדיקע נטיה אַוועקצוגיין פֿון שטומען עין און פֿון שטומען הא, בעת טייל אַנדערע שטריכן האַלטן זיך נאָך אויף לפּי ערך שטאַרק. אַ סבֿרא אַז דער ערשטער שטויס דערצו איז געווען די אָרטאָגראַפֿיע אינעם ניו־יאָרקער אגודה זשורנאַל, דאָס אידישע וואָרט, און די מערסטע ליובאַוויטשער אויסגאַבעס, וואו מ'איז אַוועק פֿון שטומען עין און פֿון שטומען הא, די צוויי עיקרדיקע סימנים פֿון דער „אַלטער אָרטאָגראַפֿיע".

דער פּועל יוצא: דער חסידישער אויסלייג דער־נעענטערט זיך וואָסאַמאָל מער צו דער נייער יידישער אָרטאָגראַפֿיע! ער דערנעענטערט זיך צו זלמן רייזענס אָרטאָגראַפֿיע וואָס האָט זיך געבויט אויף בער באָראָכאָווס רעפֿאָרם. דער סוף איז, אַז סוף יאָרהונדערט ווערט טאַקע מקוים אַ פֿאַרהעלטענישמעסיק אויסגעהאַלטענע יידישע אָרטאָגראַפֿיע איבער גאָר דער וועלט.

דער גרויסער יידישער פֿילאָלאָג שלמה בירנבוים האָט כּידוע אויסגעאַרבעט אַ באַזונדערע „רעליגיעזע אָרטאָגראַפֿיע", געבויט אויף די דרומדיקע דיאַלעקטן און אויף פֿאַרהשכּלהדיקע טראַדיציעס (זע למשל בירנבוים 1930; 1932; 1979: 200-223). פֿאַר דער צווייטער וועלט מלחמה איז בירנבוימס סיסטעם באַנוצט געוואָרן אין די „בית יעקבֿ" שולן אין פּוילן. נאָך דער מלחמה איז עס

מ'ניצט היינט די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע ביי גרעסערע טיילן סיי פֿון טראַדיציאָנעלן סעקטאָר, סיי פֿון ליטעראַרישן, ההיינו: אַן איינאיינציקער אויסלייג (מיט קלענערע וואַריאַציעס), וואָס טרעפֿט זיך אין ביידע וועלטן פֿון יידיש. פֿראַגמענטן פֿון פֿיר ניו־יאָרקער אויסגאַבעס, 1993.

פאַרוואָס ווען איינער פון די נשיאים פון דער "מועצת גדולי התורה" האָט געהייסן שבת אויסצורופן אין זיין בית המדרש אַז יעדער וואָס קען, זאָל פאָרן קיין ירושלים זיך משתתף זיין ביי דעם עצרת תפלה, האָט עס דער המודיע

פֿון: דער איד (סאַטמאַר)

צו וועלטלעכער פירערשאַפט ווערט דער מנהיג אָפט געשטריסן פון זיינע צערייצטע אינסטינקטן, פון אַן אינערלעכן אימפולס צו הערשן און רעאַגירן. ער עקספּערימענטירט מיטן וואָרט און מיט אַזעלכע מעשים, וועלכע דאַרפן אַרויסרופן אויפרודערן די

פֿון: אַלגעמיינער זשורנאַל (ליובאַוויטש)

מ'האָט בכן דערגרייכט צו די ברעגן פון דניעפר בעיקר צוליב האַנדלס־צוועקן. דער וועלט־האַנדל איז אין יענע ווייטע צייטן, אין אַ

פֿון: פֿאַרווערטס

נעמענדיק אין אַכט, אַז ס'איז ניט מעגלעך צו צערייסן די רוסישע אימפעריע אויף אַזאַ אופן, אַז ס'זאָלן זיך פון איר אויסטיילן טעריטאָריעס באַוואוינטע דורך איין נאַציאָנאַליטעט, אויף וועלכע

פֿון: אונזער צייט (בונד)

באַנוצט געוואָרן דער עיקר דורך אים אַליין. איצטער האָט אָבער דער יונגער שמואל היילע אין לאָנדאָן צוגעגרייט צוויי לערנביכער וואו דער אויסלייג איז אין גייסט פון בירנבוימס אויסלייג (זע היילע 1991; אין דרוק א און ב). דער שטומער עין (און זיין אַלטערנאַטיוו — יוד) ווערט אַרויסגעוואָרפן בהסכם מיט דער נייער יידישער אָרטאָגראַפיע. דער רעדוצירטער וואָקאַל אינמיטן וואָרט ווערט געשריבן יוד און ניט עין (גיזאָגט). נקודות ווערן גענוצט אויף איבערצוגעבן לאַנגע וואָקאַלן בהסכם מיט דער קלאַנגיקער סיסטעם פון צענטראַל־מזרח יידיש („פּויליש יידיש“), למשל זון אויף דרומדיק יידיש zin (‘די זון וואָס שיינט’) כנגד זון אויף דרומדיק יידיש zīn (‘אַ זון מיט אַ טאָכטער’). היילעס ווערק זיינען דער איינציקער שטוים וואָס קען גורם זיין אַ קער אַוועק פון דער נייער אָרטאָגראַפיע אין אַ פּאָר פּרטים און מ׳וועט מוזן וואַרטן אויף צו זען וואָסערע השפּעה זיי וועלן האָבן. דאָס וואָס די יידישע אָרטאָגראַפיע ביי חסידים געפינט זיך היינט אין אַן איבערגאַנג־פּעריאָד, לפּחות בנוגע דעם שטומען עין און הא, דריקט זיך אויס אין זיין היפּט הסרון: דער דוחק אין אינערלעכער אויסגעהאַלטנקייט. צו דעם וועט זיכער קומען אַ תיקון אין דער ניט זייער ווייטער צוקונפט. אונדז דאַכט זיך אַז דער פּועל יוצא וועט זיין אַ נוסח פון דער נייער אָרטאָגראַפיע וואָס וועט זיין זייער ענלעך צו זלמן רייזענס נייער אָרטאָגראַפיע פון 1920.



# סיסטעם און אונטערסיסטעם

אין דער אָרטאָגראַפיע פון אַ שפּראַך טאָר ניט זיין קיין אַנאַרכיע. קיין דיקטאַטור קען אָבער אויך ניט זיין, דאָרטן וואו עס זיינען פאַראַן אָנגענומענע וואַריאַנטן וואָס שטעלן מיט זיך פאָר פעסטע טראַדיציעס ביי אָנזעעוודיקע גריפעס שרייבער, פאַרלעגער, לענדער — אַזוי ווי ס׳איז דער פאַל ביי אַ גרויסער צאָל שפּראַכן איבער דער וועלט, בתוכם ענגליש און העברעאיש. צוליב צוויי סיבות שטערט ניט די וואַריאַציע. ערשטנס: די וואַריאַנטן נעמען זיך, ניט פון עם־הארצים און ניט פון איפּכא־מסתבראניקעס, נאָר פון פאַרשידענע איינגעפעסטיקטע טראַדיציעס, פאַרשידענע רגילותן ביי גרופּעס וואָס האָבן אַ ספּעציפיש געזעלשאַפט־לעך פּנים. צווייטנס, גייט עס ניט אין באַזונדערע ס י ס ט ע מ ע ן אויסלייג; באַזונדערע סיסטעמען וואָלטן טאַקע געבראַכט צעשטערעניש לגבי דער קעגנזייטיקער פאַרשטענדלעכקייט און אָנגענעמקייט פון דעם וואָס ווערט געשריבן אָדער געדרוקט ביי אַזעלכער ניט איז גרופּע. גיין גייט עס אין קליינע — און סיסטעמאַטישע — אונטערשיידן אין תחום פון אַן איינאיינציקער סיסטעם. ס׳גייט ניט אין נ ו ס ח, נאָר אין: נ ו ס ח ד נ ו ס ח.

ווער ס׳וועט פּורש מן הציבור זיין און גיין מאַכן שבת פאַר זיך מיט, לאָמיר אָנכאַפּן, בקנט אויף ׳באַקאַנט׳ (ווי אין אַלט יידיש), אָיף אויף ׳אויף׳ (ווי ס׳האָט געוואָלט אַמאָל ליפשיין), פוּנ אויף ׳פון׳ (ווי ס׳האָט געוואָלט אַמאָל וויינגער), וועט מען אים אָדער גלאַט אויסלאַכן אָדער האַלטן פאַר אַ

משוגענעם. פֿאַרוואָס? ווייל אָטאָ די שרייבונגען שטעלן מיט זיך ניט פֿאָר אַוועלכע ניט איז אונטערסיסטעם פֿון דער נייער יידישער אָרטאָגראַפֿיע. אַ ראיה דערויף ווי פּעסט עס איז ביי אונדז אַלע די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע. זי איז די אוניווערסאַלע און דאָס וואָס זי איז כולל עטלעכע אונטערסיסטעמען איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג וואָס שטערט קיינעם ניט אויסער די יענע וואָס „פּסלען" אַלצדינג אַחוץ „זייער" אונטערסיסטעם. בכלל גענומען, איז די „היץ" אַרום אָרטאָגראַפֿישע דיסקוסיעס וואָס שייך יידיש אַ סימן מובהק פֿון דער סאָציאָלאָגיע פֿון יידיש, וואָס האָט ווייניק שייכות מיטן מהות פֿונעם ענין.

האָבן מיר אַן אָרטאָגראַפֿיע, וואָס איז חל אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור איבער אַלע לענדער, און וואָס איז געוואָרן, מיט אַ צאָל וואַריאַציעס, אוניווערסאַל איבער דער וועלט, ביי גרופּעס וואָס שיידן זיך בולט אונטער. די שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן איטלעכע גרופּע, זיינען אַ כאַראַקטעריסטישער סימן פֿונעם היינטצייטיקן יידיש.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז דער שטומער עין מיטן שטומען הא ווערן צוביסלעך נעלם אויך אין דער חסידישער וועלט. ס'זעט אויך אויס פֿון אונדזערע קאָנטאַקטן מיט יידן אין געוויזענעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, אַז דאָרטן גייט מען צוביסלעך אַריבער אויף שרייבן די סעמיטיזמען לויט זייער היסטאָרישער אָרטאָגראַפֿיע. סוף יאָרהונדערט וועלן מסתמא זיין דריי אונטערסיסטעמען פֿון איין סיסטעם: די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע. אין דער ווייטערדיקער טאַבעלע ווערן די דריי אונטערנוסחאות אילוסטרירט, נעמענדיק אין באַטראַכט אַז דאָ גייט די רייד וועגן טעקסטן פֿאַר דערוואַקסענע און פֿאַר די וואָס קענען שוין יידיש.



| חסידיש | „דער צענטער" | ייוואָ |
|---|---|---|
| איבעראַכטאָג | איבעראַכטאָג | איבער אַכט טאָג |
| אידיש | יידיש | יִדיש |
| גליאיק | גליאיק | גליִיק |
| וואו | וואו | ווּ |
| וויכטיג | וויכטיק | וויכטיק |
| זאָגן (~זאָגען) | זאָגן | זאָגן |
| העברעאיש | העברעאיש | העברעיִש |
| חנוכה מנורה | חנוכה מנורה (~חנוכה־מנורה) | חנוכּה־מנורה |
| ישוב | ישוב | ייִשובֿ |
| מ'גייט | מ'גייט | מע גייט |
| מדבר | מדבר | מידבר |
| מענטש (~מענש) | מענטש | מענטש |
| פאַרטייאיש | פאַרטייאיש | פּאַרטייִיש |
| פאַראַיאָרן | פאַראַיאָרן | פֿאַר אַ יאָרן |
| פריער | פריער | פֿריִער |
| צואוואוקס | צואוואוקס | צוּווּקס |

די אוניווערסאַלקייט פֿון דער נייער אָרטאָגראַפֿיע און דער מינימום וואַריאַציע איז אַ געוואַלדיקער אויפֿטו ביי אַ שפּראַך וואָס האָט ניט קיין לאַנד, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער גאָטס ערד־קוגל, וואָס די וואָס באַנוצן זיך מיט איר טיילן זיך אין אַ גוזמא מהנות, ריכטונגען און אידעאָלאָגיעס. די נייע יידישע אָרטאָגראַפֿיע איז אַ פּועל יוצא פֿון אַ גראַנדיעזער שותּפֿות צווישן שרייבער, געלערנטע און יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר. וואָס מ'האָט די זאַך געפּועלט איז שוין אַן ענין וואָס די אַלמענטשלעכע קולטור געשיכטע וועט זיך נאָך אָפּשטעלן דערויף.

די סאַמע באַליבטסטע אונטערסיסטעם ביי יידישע שרייבער איז ביז היינט צו טאָג רייזענס אָרטאָגראַפֿיע פֿון 1920 (אין מערסטע פּרטים — „דער צענטער" אין אונדזער טאַבעלע), מערניט מיט גראַפֿישע וואַריאַציעס, וואו אַ פּינטל, וואו אַ רפֿה. אָט דאָס דאַרף קיינעם ניט שטערן; ווי עס האָט געזאָגט יודל מאַרק: „עס קענען זיין פֿאַרשיידענע ס ט י ל ן אין דעם אויסזען פֿון די אותיות" — (מאַרק 1959א: 12).

די אונטערסיסטעם פֿון דער ייוואָ איז זיכער אַ באַרעכטיקטער וואַריאַנט פֿון דער מאָדערנער יידישער אָרטאָגראַפֿיע. ס'איז אָבער לחלוטין ניט דער איינציקער ריכטיקער נוסח דנוסח פֿונעם מאָדערנעם אויסלייג. דאָס האָט שוין קלאָר אָנגעוויזן מענדל מאַרק אינעם זשורנאַל יידישע שפּראַך גופֿא: „מ'דאַרף געדענקען אַז די תקנות וואָס דער ייוואָ האָט אָפּגעדרוקט איז נאָר איין נוסח פֿון דער מאָדערנער אָרטאָגראַפֿיע" (מ. מאַרק 1968: 93). און אַפֿילו אַזאַ אָנהענגער פֿון די ייוואָ תקנות ווי אוריאל וויינרייך, בשעת ער האָט פֿאַרטיידיקט דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד, האָט ער געשריבן אַז „די ליטעראַרישע אויסשפּראַך קען מען רופֿן די אויף וועלכער עס איז געבויט די יידישע אָרטאָגראַפֿיע (ניט בלויז דער ייוואָ אויסלייג הלילה) און ממילא די גאַנצע יידישע ליטעראַטור" (א. וויינרייך 1951: 27). אַמאָל קומט אָבער אויס צו לייענען באַשרייבונגען פֿון דער געשיכטע פֿון דער נייער יידישער אָרטאָגראַפֿיע, וואָס ווערן געשריבן פֿון פּאַטריאָטן פֿונעם ייוואָ אויסלייג וואָס האַלטן, אַז אַלע אַנדערע וואַריאַנטן זיינען פּסול, און וואָס פּרובירן שאַפֿן אַן איינדרוק אַז דאָס זיינען אומפּאַרטייאישע וויסנשאַפֿטלעכע איבערגעבונגען פֿון די היסטאָרישע פֿאַקטן



(זע אַשטייגער גאָלד 1977).

כאָטש מיר זיינען ניט מסכּים מיט דער אומטאָלעראַנץ וואָס מ'טרעפֿט ביי קנאָים פֿונעם ייוואָ אויסלייג, נעמען מיר אָן אַז זי נעמט זיך פֿון געוויסע היסטאָרישע סיבות. די שטעלונג וועגן וועלכער ס'גייט דאָ די רייד, איז די שטעלונג אַז יידיש דאַרף זיין מ ע ר סטאַנדאַרדיזירט („איינהייטלעך" ווי זיי רופֿן עס) איידער אַנדערע שפּראַכן. מאַקס וויינרייך האָט עס אויסגעדריקט בזה הלשון:

> דער ענטפֿער שטעקט אין דער ספּעציפֿישער סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישער סיטואַציע פֿון יידיש. די שפּראַך האָט פֿון מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט גענומען קעמפֿן פֿאַר איר אָנערקענונג אין אַ געזעלשאַפֿט, וואו מען האָט זי מבֿטל געווען און וואו די ניט-איינהייטלעכע שרייבונג איז געווען איינער פֿון די אַרגומענטן קעגן איר. כּל זמן קיינער וועגט ניט און מעסט ניט מאַכט ניט אויס, וואָס אין דריי פֿאַרשיידענע ביכער, געדרוקטע אין איין יאָר, געפֿינט איר: textbook, text-book, text book. אין דעם מאָמענט אָבער, ווען דער סאָציאַלער פּרעסטיזש פֿון אַ שפּראַך ווערט אַ פּראָבלעם, איז אַן איינהייטלעכער אויסלייג אַ מוז.

(מ. וויינרייך 1949: 3)

וויינרייך דיפֿערענצירט ניט צווישן סיסטעם און אונטערסיסטעם, ביי אים טאָר ניט זיין קיין האָר וואַריאַציע. דעם אמת זאָגנדיק זיינען וויינרייכס דאגות לחלוטין פֿאַרשטענדלעך אַז מ'נעמט אין באַטראַכט וויפֿל פֿון זיין לעבן האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אין יאָרן ווען דער געזעלשאַפֿטלעכער מעמד פֿון יידיש איז געווען אַ שרעקלעך קאָנטראָווערסיעלער; אַז מ'נעמט אין באַטראַכט, אַז אין 1949 איז יידיש אין אַמעריקע קוים געווען אַן ענין פֿאַר

אוניווערסיטעטן. ניט געקוקט אויף דער דעמאָגראַפֿישער אָפּגעשוואַכטקייט פֿון ייִדיש (אויסער דער חסידישער וועלט!), איז הײַנט צו טאָג דער פּרעסטיזש פֿון ייִדיש אין אַ מזלדיקער שעה שוין אין די הויכע פֿענצטער. מיר גלייבן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז ווען מאַקס ווײַנרײַך קען הײַנט אויפֿשטיין תּחית המתים, מער ווי פֿערציק יאָר נאָכן שרײַבן יענע ווערטער, וואָלט ער ניט געציטערט אַזוי איבער אַ פּרעסטיזש פֿון ייִדיש וואָס זאָל הענגען אָן אַ קוצו של יוד, צי אַפֿילו אָן — אַ חיריק של יוד.

מעינקע קאַץ האָט מיט זײַן דיכטערישער פּען דעם ענין אָט אַזוי אַ אַוועקגעשטעלט:

> די תּקנות פֿון ייִדישן אויסלייג טאָרן ניט ווערן קיין תּורת משה, אויך ניט קיין תּורת לאָקשן, איך האָף אַז די מדריכים פֿון אונדזער לשון וועלן אין אַן אײנזאַמער (דײַטשמעריש?) שעה פֿאַרטראַכטן זיך און מודה זײַן פֿאַר זיך אַליין אַז אַפֿילו זיי קענען זײַן אומגערעכט און אויפֿהערן געוועלטיקן איבער אונדזער לשון ווי זיי וואָלטן געווען אָן אַן אײנציקן חסרון. אַ מענטש אָן חסרונות איז איין גרויסער חסרון.
>
> (מ. קאַץ 1979א: 9)

ווײַל מען זיך איבערצייגן אויף וויפֿל מיר ה אָ ב ן אַן אײנאײנציקע אָרטאָגראַפֿיע, דאַרף מען מערניט אַ קוק טאָן אויף מ. געלענבערגס שטודיע פֿונעם אויסלייג פֿון ייִדישע שילדן אין וואַרשע אין 1930. אויף מילך ברענגט ער: מילך, מילעך און מילאָך; אויף טיי: טיי, טייא, טעי, טהע, טהעע און טהיי; אויף מעל: מייל, מעל, מעהל, מהעל. געלענבערגס פֿאָרגעלייגטע תּרופֿה: „עפֿענען קורסן [...] פֿאַר ייִדישע שילדן־מאָלערס" (געלענבערג 1930: 346, 347, 394).



די נײַטיקייט אין טאָלעראַנץ זעט זיך אין אַ געוויסער מאָס אין די ייִוואָ תּקנות גופֿא. די תּקנה 142ד למשל (נוסח פֿון 1937) דערלויבט שרײַבן מיט אַ מקף „אויב די אינאײנעמדיקע שרײַבונג וואָלט געקענט פֿאַרשווערן דאָס לייענען אָדער אַרײַנפֿירן אין אַ טעות" (ייִוואָ 1937: 122). אין נוסח פֿון 1935 ווערט אָנערקענט, וואָס שייך שין און שׂין, אַז די צאָל ווערטער מיט שׂין דערגרייכט

> אין אונדזער טאָגטעגלעכן באַנוץ אַפֿילו ניט קיין צענדלינג [...] דעריבער איז די תּקנה [...] אַז אַ ספּעציעלער צייכן פֿאַר סין ווערט גענוצט בלויז אין אויסגאַבעס פֿאַר ניט־געניטע לייענער.
>
> (ייִוואָ 1935: 29)

אויב מיר האָבן זיך אין די פֿריערדיקע קאַפּיטלעך אויסגעדריקט שאַרף לטובֿת דעם שטומען אלף און קעגן די דרײַ וואָוון, איז עס ניט חלילה אויף צו „פּסלען" די דרײַ וואָוון. גאָר גרויסע זאַכן זײַנען געשריבן געוואָרן מיטן ייִוואָ אויסלייג. ער איז ניט ווייניקער ריכטיק איידער וועלכער ניט איז אַנדער וואַריאַנט פֿון דער נײַער אָרטאָגראַפֿיע. די אַנדערע זײַנען אָבער אויך ריכטיק. מיר דאַרפֿן זיך אַלע לערנען טאָלערירן איינער דעם אַנדערן און ניט פֿאַרלירן דעם דרך ארץ צו אַ בוך אָדער אַ זשורנאַל אָדער אַ בריוו ווײַל דאָרטן שטייט „ווו אָנשטאָט וואו" אָדער „וואו אָנשטאָט ווו". שטעלט זיך פֿאָר אַן ענגלענדער, וואָס איז נוהג צו שרײַבן honour אויף 'כּבֿוד', זאָל ניט נעמען אין האַנט אַרײַן אַ בוך פֿון אַמעריקע וווּ עס שטייט honor, אָדער פֿאַרקערט. שטעלט זיך פֿאָר אַז אַ הײַנטיקער תּל־אָבֿיבֿער, וואָס איז צוגעוווינט צו שרײַבן דויד אויף 'דוד' זאָל

אויסרופֿן אַ חרם אויף דוד. אָט אַזאַ אַבזורדן טעם האָט עס ווען אַן אויסלייג־קנאות מצד די אויסבויאיסטן ברענגט אומדרך־ארץ פֿון איינעם צום אַנדערן אין אונדזער וועלטעלע. זאָלן די פּאַראַנאָנעס וואַריאַציעס ביי אחריותפֿולע שרייבער, געלערנטע, אינסטיטוציעס און לענדער אויפֿגע־נומען ווערן ווי סימנים פֿון דער שפּרודלדיקער רייכקייט פֿון דער יידישער סטיליסטיק.

# צום אויסלייג גופא

## די כלל־תקנות פון יידישן אויסלייג

אין 1992 זיינען געקומען צום טיש אַ ריי אוניווערסיטעטן און שרייבער וואָס נוצן אַלע די נייע אָרטאָגראַפיע, אָבער ניט דעם אונטערנוסח פון דער ייוואָ. די אָנטיילנעמער פאַרטרעטן דעם קאָלעקטיוו וואָס היט אויף דעם מחיצה־אלף (וואו, וואוינען, העברעאיש, פריאיק וכו׳), און וואָס שרייבט איינאיינציקע אַדווערבן ווי איין וואָרט (איבעראַכטאָג, אינגאַנצן, פאַראַיאָרן, פאַרוואָס, קיינמאָל). ביי אַנדערע פּרטים זיינען אַ ל ע איינגעגאַנגען אויף פּשרות מיטן ציל צו שאַפן אַן אוניפיצירטן אויסלייג ביי אָט דעם קאָלעקטיוו. היסטאָריש איז עס אַ וואַקסנדיקער קאָלעקטיוו, ווייל ער נעמט פּאָטענציעל אַריין דעם גאַנצן טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן סעקטאָר, וואָס גייט צוביסלעך אַוועק פון די שטומע עינם מיט די האען, וואָס וועט אָבער קיינמאָל ניט אָננעמען די דריי וואָוון און די פינטעלעך און די רפהס, וואָס זיינען ג ע ו ו אָ ר ן אַ סימבאָל פון סעקולאַריזם ביי אַ סך טראַדיציאָנעלע פרומע יידן.

דער רעזולטאַט פון דער צוזאַמענאַרבעט: די כלל־תקנות פון יידישן אויסלייג, וואָס זיינען דערשינען אין אָקספאָרד סוף 1992. די כלל־תקנות שטרעבן צו קאָדיפיצירן דעם פּאָפּולערסטן נוסח פון דער נייער יידישער אָרטאָגראַפיע און צו ברענגען אַן אוניפיצירטע שרייבונג ביי די אַלע וואָס

שטייען סיי ווי אין אָרטאָגראַפֿישן צענטער פֿון דער שפּראַך. זיי שטעלן מיט זיך לחלוטין ניט פֿאָר קיין פּרוּוו „איינצונעמען" ייִדיש. ס'ווערן אָנערקענט די אַנדערע אונטערנוסחאות פֿון דער נייער אָרטאָגראַפֿיע, און די אָנטיילנעמער האָפֿן אַז די זעלביקע טאָלעראַנץ וועט אַרויסגעוויזן ווערן מצד די אָנהענגער פֿון אַנדערע וואַריאַנטן. אָקספֿאָרד האָט דאָ געמאַכט אַ שיינע פֿאָר הנחות, ווי ס'קען קלאָר אויפֿווייזן אַ פֿאַרגלייך מיט די ערשטע צוויי בענד אָקספֿאָרדער ייִדיש. די כּלל־תּקנות זיינען אויסן צו פֿיקסירן דעם אָרטאָגראַפֿישן צענטער פֿון דער שפּראַך, וואָס פֿאַרנעמט אַ מיטלפּונקט צווישן דעם „קאָנסערוואַטיוון פֿליגל" (זאָגען, יאָהרען, מענשען) און דעם ראַדיקאַלן (זוג, פֿאַר אַ יאָרן, פּרוּוק).

די ווייטערדיקע אָנווייזונגען שטעלן מיט זיך ניט פֿאָר קיין סך־הכּל פֿון די כּלל־תּקנות. דאָ ווערן אַרומגעשמועסט פֿאַראַנענע וואַריאַנטן, דאָ ווערן געבראַכט מאָטיווירונגען בנוגע פֿאַרשידענע איינשטעלונגען.

## דיפֿערענצירונג ביי די פּאָרלעך:

## בּ ~ בֿ; כּ ~ כֿ; פּ ~ פֿ; תּ ~ תֿ

אין דער שרייבונג פֿון די פֿיר פּאָרלעך עקספּלאָסיוון — ספּיראַנטן, איז פֿאַראַן אַ היפּש ביסל וואַריאַציע. און ס'וועט תּמיד זיין דאָ וואַריאַציע. און צום שידוך וועט עס ניט שאַטן. וואָס יאָ, מ'דאַרף זיין אויסגעהאַלטן אין אַוועלכן ניט איז איינאיינציקן געדרוקטן טעקסט, בעת ביים שרייבן מיט דער



האַנט קען גילטן דער פּערזענלעכער חוש וועגן דעם, וואו אַ דגש (פּינטל) צי אַ רפֿה (דעכעלע) גיט צו קלאָרקייט, אַ פֿראַגע וואָס איז געווענדט אין דער אינדיווידועלער האַנטשריפֿט.

וואַריאַציע וועט תּמיד זיין אין דעם ענין צוליב עטלעכע סיבות. אַ סך באַנעמען די זאַך ווי אַ פֿראַגע פֿון סטיל פֿון די אותיות (צי ביים שרייבן צי ביים דרוקן), ניט ווי אַ פּרינציפּיעלע פֿראַגע פֿון אויסלייג. אַ סך באַנעמען דגש און רפֿה ווי נייטווענדיקייטן פֿאַר קינדער, פֿאַר די וואָס לערנען זיך די שפּראַך, און פֿאַר געוויסע אַקאַדעמישע צוועקן — ניט ווי סטאַבילע „טיילן פֿון אותיות" עלעהיי קמץ־אלף און פּתח־אלף אויף ייִדיש, עלעהיי é אויף פֿראַנצייזיש. צוליב דעם וואָס אַ שיינער חלק פֿון די אַלע וואָס ריידן און שרייבן ייִדיש וועלן תּמיד זיין מענטשן, וואָס האָבן זיך יונגערהייט געלערנט לשון קודש, וועט די־אָ טראַדיציע ניט נעלם ווערן. צו דער סאָציאָלאָגיע איז וויכטיק צו דערמאָנען אויך, אַז ביי אַ סך טראַדיציאָנעלע פֿרומע ייִדן ווערן די רפֿהס באַנומען גאָר ווי סימנים פֿונעם „סעקולאַריסטישן אידעאָלאָגישן ייִדישיזם". צי זיי האָבן רעכט היסטאָריש גערעדט איז לחלוטין ניט שייך, מחמת דאָ גייט די רייד וועגן דעם וואָסערע סימבאָלן זיי האָבן אָנגענומען, ניט פֿון וואַנעט זיי שטאַמען. צו דעם אַלעמען איז עס אַ פֿאַקט אַז אין ווייט גרעסטן חלק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט פֿון אַלע ריכטונגען — לינקע און רעכטע, פֿרומע און פֿרייע — האָט מען בכלל קיין רפֿהס ניט גענוצט ביים דרוקן.

אַרומרייידנדיק די פּאָרלעך בּ ~ בֿ, כּ ~ כֿ, תּ ~ תֿ, אין זיין אָרטאָגראַפֿישן פּראָיעקט אין 1930, האָט מאַקס

ווײַנרײַך פֿאָרגעשלאָגן אַז אין „ביכער וואָס זײַנען באַשטימט פֿאַר אַן ענגערן קרײַז זאָל מען זיך באַגיין אָן דער דיפֿערענצירונג" און אַז „דאָס אייגענע איז שייך צום שרײַבן בײַ דערוואַקסענע" (מ. ווײַנרײַך 1930: 25). ער האָט אַנאַלאָגיש פֿאָרגעשלאָגן אַז דעם שׂין שׂמאל זאָל מען קאָנסעקווענט אָנווענדן אין „קינדער ביכער" (דאָרטן, ז. 30).

צו אַזאַ מקיל זײַן האָבן מיר אַן אַנאַלאָגיע אין אַנדערע שפּראַכן. די רוסן באַצייכענען ë נאָר אין קינדער ביכער.
(מ. ווײַנרײַך 1930: 25)

שפּעטער איז ווײַנרײַך אָבער כּידוע געוואָרן דער טשאַמפּיאָן פֿון די ייִוואָ תּקנות, וואו די גראַפֿיק ווערט פֿעסטגעשטעלט אינאיינעם מיט דער אָרטאָגראַפֿיע.

די סאַמע פֿאַרשפּרייטסטע סיסטעם בײַ די וואָס ריידן און שרײַבן ייִדיש, און אַוודאי אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז „די מינימאַלע": שטעלן אַ פּינטל אין פּא און איבערלאָזן אַלע אַנדערע אומבאַצייכנט. די וואָס קענען ייִדיש ברענגט די מינימאַלע סיסטעם ניט קיין שוועריקייטן: בלויז פּא און פֿא זײַנען שטאַרק פֿאַרטראָטן אין דער שפּראַך בכלל. בֿית, כּף, תּוו און תֿוו טרעפֿט מען נאָר אין סעמיטישן קאָמפּאָנענט און דעם וואָס וויים ניט וואָס זײַנען עס אַזוינס „שריפֿות" מיט „תּיבות", וועלן ווייניק העלפֿן די דעכעלעך מיט די פּינטעלעך, מערניט ס'עט זײַן נחת מיט זעקס גרײַזן.

די מינימאַלע סיסטעם האָט אַ גרויסע וויזועלע מעלה: וואָס ווינציקער פּינטעלעך, וואָס ווינציקער „דיאַקריטישע צייכנס" בכלל.



## די מינימאַלע סיסטעם

(באַליבט בײַ ייִדישע שרײַבער און בײַ דער גרויסער מערהייט פֿון די וואָס שרײַבן ייִדיש)

| | |
|---|---|
| ב (בעטן) | ב (עבירה) |
| כ (כבוד) | כ (זאַכן) |
| פּ (פּוצן) | פ (פּיס) |
| ת (תּורה) | ת (שבת) |

פֿאַראַן וואַריאַציעס, למשל: דאָס נוצן דעם רפֿה בלויז בײַם ספּיראַנטישן פֿא (אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דער ממשותדיקער וויכטיקייט פֿון דער פּראָבלעם בלויז בײַ פּא און פֿא, וואָס זײַנען ביידע שטאַרק פֿאַרטראָטן אין דער פֿאָנעטישער סיסטעם גופֿא). אָט די מינימאַלע סיסטעם ווערט פֿאַרפֿיקסירט אין די כּלל־תּקנות, מיט דער אָנווייזונג, אַז פֿאַר קינדער, סטודענטן און צו אַ גאַנצער ריי וויסנשאַפֿטלעכע צוועקן (ווערטערביכער, לעקסיקאָנען א.א.) קען מען צוגעבן סײַ דגש, סײַ רפֿה, בײַ אַלע פֿיר פּאָרלעך.

בײַם אָקספֿאָרדער אוניווערסיטעט האָט מען סוף זיבעציקער יאָרן אויפֿגעלעבט די אַלט־ייִדישע סיסטעם פֿון שטעלן דעם רפֿה איבער אַלע פֿיר ספּיראַנטן, בֿ, כֿ, פֿ און תֿ, און לאָזן די פֿיר עקספּלאָסיוון ב, כ, פּ און ת אומבאַצייכנט, ד.ה. שרײַבן: ב, כ, פּ, ת. אָטאָ די סיסטעם דיפֿערענצירט אַלע פֿיר פּאָרלעך אויף אַן אויסגעהאַלטענעם אופֿן, נוצנדיק דעם רפֿה. אַבסטראַקט גערעדט פּאַסט זי זיך צו צו דער טויזנטיאָריקער געשיכטע פֿון דער ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע, דערגרייכנדיק פֿולשטענדיקע קלאָרקייט אָן קיין שום פּינטעלעך. ווי אַ סיסטעם איז זי קלאָרער, בפֿרט

ביים שרייבן, וואו אַ דעכעלע איבערן אות איז אַ סך בולטער איידער אַ פּינטל. דערצו, ווי עס האָט אָנגעוויזן ווײַנרייך, „איז גרינגער צו שטעלן דאָס פּאַסיקל פֿון אויבן, איידער אַרײַנצוטרעפֿן מיטן פּינטל סאַמע אינמיטן" (מ. ווײַנרייך 1930: 24).

## די אָקספֿאָרדער סיסטעם

| | |
|---|---|
| ב (בעטן) | בֿ (עבֿירה) |
| כ (כבוד) | כֿ (זאַכֿן) |
| פּ (פּוצן) | פֿ (פֿים) |
| ת (תורה) | תֿ (שבתֿ) |

פֿון זינט די סיסטעם איז אין אָקספֿאָרד אָנגענומען געוואָרן אין 1978 האָבן זיך מיט איר געלערנט ייִדיש העכער טויזנט סטודענטן. מיט איר זײַנען צוגעגרייט געוואָרן אַן ערך צוואַנציק קאָמפּיוטער־אָפּגעדרוקטע לערנביכער (צו די זומער פּראָגראַמען), און זי איז גענוצט געוואָרן אין דער ערשטער אויפֿלאַגע פֿון אונדזער גראַמאַטיק (ה.־ד. קאַץ 1987). דאָס אַלין איז אָבער פֿאָרט געווען אין ראַם פֿון אַן אינדזל פֿון ייִדיש אין ווײַטן פֿייכטן ענגלאַנד. ערשט מיטן אויפֿקום פֿון אָקספֿאָרדער ייִדיש אין 1990, איז די אָקספֿאָרדער גראַפֿיק אַרײַן אין אינטערנאַציאָנאַלן „לעבן". אין אַלגעמיין האָבן ייִדישע שרײַבער און פֿען־מענטשן זיך אָפּגערופֿן פּאָזיטיוו, אָפּטמאָל אפשר צוליב אַ געזעלשאַפֿט־לעכער סיבה, ניט נאָר צוליב גראַפֿישער פּרעפֿערענץ: ס'איז ניי, פֿריש, אָריגינעל, שמעקט ניט מיט פֿאַרגליווערט־קייט. צו דער גראַפֿיק גופֿא האָבן אַ סך באַמערקט, אַז ס'איז אַ מחיה ווידער צו לייענען ייִדיש אָן דעם ים מיט פּינטעלעך.



אין טענה אַ פֿאַרשפּרייטע איז אָבער יאָ געווען קעגן דער אָקספֿאָרדער גראַפֿיק, דהיינו, אַז אינעם ווילן ניט דאַרפֿן אָנקומען צו פּינטעלעך האָט מען איבערגעכאַפּט די מאָס אין איין פֿאַל — ביים פֿא. ביים רוב וואָס שרײַבט ייִדיש און נוצט בכלל ניט קיין רפֿהס איז מען אײַנגעוואוינט אַז פֿ סתם איז f, בעת p איז ד ו ו ק א פּ מיט אַ פּינטל. מ'האָט אונדז אויפֿגעוויזן אַז דער באַנוץ פֿון „סתם פֿ" אויף p איז בפֿירוש ניט קלאָר ביי פֿרט־נעמען און דאָרטן וואו ס'האַנדלט זיך אין אַ ניט־באַקאַנט וואָרט, פּשוט ווייל ביי אָט דעם אות איז מען אַלע צוגעוואוינט צום פּינטל, מ'איז צוגעוואוינט אַז דער ניט־מאַרקירטער פֿ מאַכט: f. דער ערשטער וואָס האָט אונדז אויפֿגעוויזן אויפֿן פֿעלער, נאָך אין 1989, ביים לייענען די קאָרעקטור פֿון זײַן אַרבעט וואָס איז אַרײַן אין ערשטן באַנד אָקספֿאָרדער ייִדיש, איז געווען דער ירושלימער פּאָעט יוסף קערלער. איצט לערנט מען מיט אָנהייבער אין אָקספֿאָרד מיטן דגש אין פּא. די מאָדיפֿיצירטע סיסטעם זעט אויס אָט אַזוי אָ:

## די מאָדיפֿיצירטע אָקספֿאָרדער סיסטעם

| | |
|---|---|
| ב (בעטן) | בֿ (עבֿירה) |
| כ (כבוד) | כֿ (זאַכֿן) |
| פּ (פּוצן) | פֿ (פֿים) |
| ת (תורה) | תֿ (שבתֿ) |

די ייִוואָ סיסטעם איז ווײניקער אויסגעהאַלטן, ווי די אַנדערע, סטרוקטורעל גערעדט (ווײַבאַלד דאָ אַ פּינטל, דאָ אַ דעכעלע און אָט ביידע), אָבער זי דיפֿערענצירט קלאָר צווישן אַלע פֿיר עקספּלאָסיוון און ספּיראַנטן. זי נוצט דעם

דגש בײַ כּ, פּ, און תּ, ניט בײַ בּ; זי נוצט דעם רפה בײַ בֿ און פֿ, ניט בײַ כֿ און תֿ.

## די סיסטעם פון דער ייִוואָ

| | |
|---|---|
| ב (בעטן) | בֿ (עבֿירה) |
| כּ (כּבֿוד) | כ (זאַכן) |
| פּ (פּוצן) | פֿ (פֿים) |
| תּ (תּורה) | ת (שבת) |

נאָענט צו דער ייִוואָ סיסטעם איז די גראַפיק פון גרויסן ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראַך, אויסגעאַרבעט פון די רעדאַקטאָרן פון די ערשטע פיר בענד, יודאַ אַ. יאָפע און יודל מאַרק (יאָפע און מאַרק 1961ב; 1966; מאַרק 1971; 1980). זי נוצט אַ דגש אויך אין בּ, אַזוי אַרום: אין אַלע פיר עקספּלאָסיוון: בּ, כּ, פּ, תּ (און רפה בלויז בײַ בֿ און פֿ).

## די סיסטעם פון גרויסן ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראַך

| | |
|---|---|
| בּ (בּעטן) | בֿ (עבֿירה) |
| כּ (כּבֿוד) | כ (זאַכן) |
| פּ (פּוצן) | פֿ (פֿים) |
| תּ (תּורה) | ת (שבת) |

די סיסטעם גראַפיק פון סאָוועטישן ייִדיש איז וויזועל געגליכן צו דער אַמעריקאַנער פאַרשפּרייטער סיסטעם אין מערב — די מינימאַלע — אַ פּינטל אין פּא און שוין. אין דער זעלביקער צײַט איז דאָ אַ פולע דיפערענצירונג צווישן די פיר פּאָרלעך עקספּלאָסיוון און ספּיראַנטן. אָט דער קונץ



ווערט באַוויזן דורך דער פאָנעטיזירונג פון סעמיטישן קאָמפּאָנענט צוליב וועלכער ס׳איז בכלל נ י ט אָ קיין בֿ, כּ, תּ, תֿ.

## די סאָוועטישע סיסטעם

| | |
|---|---|
| ב (בעטן) | [וו (אַווירע)] |
| [ק (קאָוועד)] | כ (זאַכן) |
| פּ (פּוצן) | פ (פים) |
| [ט (טוירע)] | [ס (שאַבעס)] |

# דער מחיצה⸗אלף

דער מחיצה⸗אלף קומט:

(א) אויסצומײַדן דרײַ נאָכאַנאַנדיקע אותיות: וואו, וואוינען, פּרואוון, פּאַרטייאיש, שנייאיק.

(ב) אָפּצוטײלן צוויי נאָכאַנאַנדיקע וואָקאַלן וואָס זײַנען עלול מ׳זאָל זיי פאַלש לייענען ווי איין דיפטאָנג: דערציאונג, העברעאיש, פּריאיק.

אַדאַנק דעם מחיצה⸗אלף דאַרף מען ניט אין ייִדיש ניט קיין וּ, ניט קיין יִ. אין די איבעריקע פאַלן וואו די סאָוועטישע סיסטעם און דער ייִוואָ אויסלייג נוצן דעם יִ איז ער אויך איבעריק. ווער ס׳קען ניט לייענען: ייִדיש, ייִנגל, פּריִער, קיִעוו וועט אים, אָדער איר, דער חיריק (ייִדיש, ייִנגל, פּריִער, קיִעוו) ניט העלפן. און ווער, פאַרקערט, עס קען זיי יאָ לייענען, אים אָדער איר טויג דאָס פּינטל אויף 777 כפּרות.

עס גייט אַריין אין דער בחינה פון „אָדער ס׳העלפט ניט אָדער מ׳דאַרף ניט“.

## צונויפהעפטן ביי סובסטאַנטיוון

אין אָט דעם ענין קען אין דער איצטיקער סטאַדיע ניט זיין קיין קאַטעגאָרישקייט, איבער אַ פשוטן טעם: גראַדע אין דעם פרט האַלט זיך די שפּראַך איצט אין בייטן. מ׳גייט ביסלעכווייז אַוועק פונעם מקף. צוויי היסטאָרישע טענדענצן שפּילן דאָ אַ ראָלע. ערשטנס, די נטיה פטור צו ווערן פון „איבערמקפירונג“ אין אַ גאַנצער ריי מאָדערנע שפּראַכן; דעם מקף נעמט מען באַטראַכטן פאַר האַמעטנע, אַלטמאָדיש, איבעריק. און צווייטנס באַפרייט זיך די יידישע סיסטעם שרייבן וואָסאַמאָל מער פון די רגילותן פון דייטש, וואָס האָבן גענומען שטאַרק ווירקן אין איר, אָנהייבנדיק אין נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער דייטשישער סטיל טאָלערירט ענדלאָזע קייטן סובסטאַנטיוואַלע צונויפהעפטן, וואָס ווערן אין דער דייטשישער שריפט: „איין לאַנג וואָרט“. אַנדערש איז דער דין אין יידיש.

ערשטנס, טאָלערירט ניט דער יידישער סטיל צופיל צונויפהעפטן. אַז מ׳פאַרפלייצט אַ טעקסט מיט זיי האָט עס דעם טעם פון אַן איבערגעזעצטן דייטש אָדער (צומאָל) אַן איבערגעזעצטן ענגליש (זע אונטן, זז. 229-239, בפרט 233; 268-269).

והשנית: דער יידישער סטיל באַנעמט די טיילן פון אַ צונויפהעפט ווי צוויי באַזונדערע ווערטער וואָס שרייבן זיך



באַזונדער, אַחוץ דאָרטן וואו זיי זיינען גענוואָרן אין דער שפּראַך איין וואָרט, דעמאָלט שרייבט מען צוזאַמען: בענטשליכט, יאָרמאַרק, יאָרצייט, עלטערזיידע, קינדער⸗גאָרטן. דער מקף איז אויפגעקומען ווי אַ קאָמפּראָמיס מיט דייטש, ווייל די ממש דייטשישע פאָרמען זיינען זייער שווער צו לייענען אויף יידיש (וואַקספיגור, ליטעראַטורקריטיקער, שפּראַכקולטור). דער היסטאָרישער יידישער סטיל פאַר⸗לאַנגט: צוויי באַזונדערע ווערטער (וואַקס פיגור, ליטעראַטור קריטיקער, שפּראַך קולטור); דער מקף בלייבט אָבער זייער פאַרשפּרייט ביי אַזעלכע צונויפהעפטן (וואַקס⸗פיגור, ליטעראַטור⸗קריטיקער, שפּראַך⸗קולטור). אַ משונהדיקער קאָמפּראָמיס טרעפט זיך אין די ייוואָ תקנות: ביז דריי טראַפּן שרייבט מען ווי איין וואָרט, צי אַזאַ צונויפהעפט איז באַקאַנט דעם עולם צי ניט, דעריבער: וואַקספיגור, שפּראַכקולטור. ביי די „פאָרשלאַגן“ אויף נייע ווערטער וואָס מ׳טרעפט אין די אויסבויאיסטישע קרייזן (זע אונטן, זז. 229-239), שאַפן די אינאײנעמדיקע שרייבונגען אַ שריפט⸗בילד וואָס איז לחלוטין אומפאַרשטענדלעך (למשל טראַפּמוסטער, טרינקרער, שטאָטאויסצי, שלעפּאויטאָ, אין אוריאל וויינרייכס ווערטערבוך). אַזאַ קאָמפּראָמיס איז געווען פאַרשטענדלעך אין די דרייסיקער יאָרן. אינעם נוסח פון די ייוואָ תקנות פון 1935 רעדט זיך בפירוש וועגן אַ גאַנג וואָס איז „אויפגעבויט אויפן געדאַנק אויסצומיידן אי די אַנגליזירטע שרייבונג כאַראַקטער שטריכן, לייען מאַטעריאַל, קינדער זשורנאַל א.ד.ג., סיי די דייטשמערישע שרייבונג כאַראַקטערשטריכן, לייענמאַטעריאַל, קינדערזשורנאַל א.ד.ג.“ (ייוואָ 1935: 31). פּראַקטיש גערעדט הייסט דאָס, אַז אַ דייטשמערישע שרייבונג ווערט אָנגענומען ביז דריי

טראַפֿן. טעאָרעטיש גערעדט ווערט פֿאַרקוקט אַז דער גאַנצער גאַנג נ י ט שרייבן באַזונדער איז אַ פּועל יוצא פֿון אַ דייטשישער שרייבונג, אַזאַ שרייבונג וואָס מאַכט שווער דאָס לייענען אויף יידיש. אַ דייטשמערישע שרייבונג וואָס איז גראַדע אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין די ענגליש ריידנדיקע לענדער, ווייל ענגליש פֿירט זיך גראַדע אין דעם פּרט ווי דער פֿאַרהשכּלהדיקער יידיש.

מיר רעקאָמענדירן ניט היינט אָדער מאָרגן אַרויס־צוואַרפֿן דעם מקף! אין אַ סך צונויפֿהעפֿטן האָט ער זיך שוין איינגעבירגערט. מיר רעקאָמענדירן יאָ אַז מ׳זאָל ניט זיין פֿאַרשקלאַפֿט צום מקף און אַז אויף וויפֿל ס׳לאָזט זיך, זאָל מען נעמען שרייבן צוויי באַזונדערע ווערטער ווי: צוויי ווערטער (אוניווערסיטעט סטודענט); און צוויי ווערטער וואָס זיינען געוואָרן איין וואָרט ווי: איין וואָרט (זייגערמאַכער). די וייטערדיקע פּונקטן זיינען בלויז אַן ערשטער שטאַפּל. די צוקונפֿטיקע רגילותן וועלן אויסוואַקסן פֿונעם באַנוץ פֿון די נייַנציקער יאָרן און פֿון אָנהייב איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

אַ צונויפֿהעפֿט דאַרף זיך פּ אַ ר ד י נ ע ן מ׳זאָל אים שרייבן צוזאַמען. מ׳קען ניט סתם שרייבן צוזאַמען (מיט אַ מקף אָדער ווי איין וואָרט) און דערמיט נאַרן זיך אַז מ׳האָט געשאַפֿן אַ ניי וואָרט: אויב ס׳איז ניטאָ אַזאַ וואָרט, האָט מען באַשאַפֿן מערניט אַ פֿאַרזעעניש וואָס שטעלט אָפּ דאָס לייענען אינמיטן זאַץ. אָט זיינען צונויפֿהעפֿטן וואָס האָבן זיך שוין איינמאָל כּשר פֿאַרדינט מ׳זאָל זיי שרייבן אינאיינעם: אוראייניקל, הויזגעזינד, זומערפֿייגעלע, טאָגבוך, יאָרצייט, עלטערבאָבע, פֿאָלקסשול, קאָפּדרייעניש, קאָפּווייטיק, שמאַלצגרוב, שרייבמאַשינקע.



אין דער פּאָעזיע, מעג אָבער דער פּאָעט שאַפֿן פּאָעטישע קאָמבינאַציעס, און זיי שרייבן צוזאַמען: הימלקינד, וויגלאַנד, נאַכטלאַנד, פֿידלרויז. אָפֿטמאָל זיינען דאָס איינ־מאָליקע פּאָעטישע שאַפֿונגען.

דעם מקף דאַרף מען אָנווענדן ביי די טאָפּלטע יידישע פּרט־נעמען, ווי אַשטייגער אבא־לייזער, סימע־לאה, יאַנקל־הוד, שרה־בייקע. ס׳איז וויכטיק אַז דער מערבדיקער לייענער וואָס קומט צו יידיש זאָל ניט מיינען אַז „סימע לאה גאָלדשטיין" איז טייטש „סימע ל. גאָלדשטיין" עלעהיי אויף ענגליש. דער מקף, וואָס ביי סימע־לאה, קומט דאָ צו הילף.

ס׳בעט זיך אַ מקף ביי סעמיטיזמען וואָס באַשטייען פֿון צוויי ווערטער וואָס זיינען אויף אַזויפֿל צונויפֿגעוואַקסן אַז זיי זיינען געוואָרן אויף יידיש איין וואָרט (אַשטייגער: יום־טוב, יום־טובים; כּתב־יד, קריאת־שמע). ביי סעמיטיזמען סתם וואָס באַשטייען פֿון צוויי ווערטער, דאַרף מען ניט קיין מקף: בבת אחת, בדרך כּלל, בשעת מעשה, דרך ארץ, חד גדיא, לאחר המעשה, נפֿקא מינה, קל וחומר. דאָ איז דאָס אייגענע: ווער ס׳קען ניט די ווערטער — ועט אָטאָ דעם מענטשן דער מקף קיין רפֿואה ניט זיין! דאָס איבערמקפֿירן גיט נאָר צו צום שלעכטן וויזועלן זע־בילד פֿון צופֿיל פֿינטעלעך און פּאַסיקלעך.

אַ מקף נוצט מען בדרך כּלל ביי צונויפֿהעפֿטן וואו דער ערשטער עלעמענט ענדיקט זיך מיט די סופֿיקסן ־ס אָדער ־ן: פֿאָלקס־אוניווערסיטעט, סטודענטן־פֿאַראיין, פֿרויען־אָרגאַניזאַציע (אַחוץ דאָרטן וואו דער צונויפֿהעפֿט איז געוואָרן איין וואָרט, אַשטייגער: פֿאָלקסמענטש). אַ מקף נוצט מען אויך ביי צונויפֿהעפֿטן וואו דער ערשטער עלעמענט באַשטייט פֿון בלויזן שורש פֿון ווערב: זע־ווינקל,

בלאָז־מאַשין, ברען־שטאָף. אַז דער צונויפהעפט איז געוואָרן איין וואָרט אין דער שפּראַך, דעמאָלט שרייבט מען אינאיינעם: זוכצעטל.

מיר רעקאָמענדירן וואָס נאָך מעגלעך אַריבערגיין אויף שרייבן באַזונדער. אין דער זעלביקער צייט אָנערקענען מיר אַז דער מקף איז ביז גאָר פֿאַרשפּרייט און בלויז די צייט וועט אָפּפּסקענען צי מיר האָבן ריכטיק אָנגעטאַפּט די טענדענץ פון דער שפּראַך אין אונדזער תקופה וואָס שייך אָט דעם פּרט. די דריי ברירות ווערן אויסגעשטעלט גראַפיש אין דער טאַבעלע אויף ז. 145.



| לויטן דייטשישן מוסטער | פשרהדיק | לויטן יידישן שרייב־סטיל |
|---|---|---|
| (ווערט אויפגעהיט אינעם ייוואָ אויסלייג אין ווערטער פון איין, צוויי און דריי טראָפן) | (סאַמע פּאָפּולערסטע שרייבונג) | (ווערט אויפגעהיט אין טראַדיציאָנעלע קרייזן; זעלטן אין דער מאָדערנער ליטעראַטור) |
| בוכפּראָיעקט | בוך־פּראָיעקט | בוך פּראָיעקט |
| גאַסטאַרטיסט | גאַסט־אַרטיסט | גאַסט אַרטיסט |
| געהילפפּראָפעסאָר | געהילף־פּראָפעסאָר | געהילף פּראָפעסאָר |
| יוריספּרודענצסטודענטן | יוריספּרודענץ־סטודענטן | יוריספּרודענץ סטודענטן |
| יוגנטוואָך | יוגנט־וואָך | יוגנט וואָך |
| ליטעראַטורגעשיכטע | ליטעראַטור־געשיכטע | ליטעראַטור געשיכטע |
| לעקציעטור | לעקציע־טור | לעקציע טור |
| קולטורגעשיכטע | קולטור־געשיכטע | קולטור געשיכטע |
| שולדגעפיל | שולד־געפיל | שולד געפיל |
| שפּראַכקולטור | שפּראַך־קולטור | שפּראַך קולטור |

# אַדווערבן

אַדווערבן וואָס זיינען געוואָרן אויף יידיש איינאייניציקע ווערטער דאַרף מען ווייטער שרייבן — ווי איין וואָרט (זע יאָפּע 1948: 50‑61; 1950: 50‑58). די אַדווערבן דיפערענ־צירן זיך אָפטמאָל פון קאָמבינאַציעס פון פּרעפּאָזיציע+אַדיעקטיוו און אַרטיקל+סובסטאַנטיוו און אַנדערע קאָמ־בינאַציעס). דוגמאות:

אָבעראַמאָל („ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל", אָבער: „אַמאָל קומט ער, אָבער אַמאָל ניט");

אַדאַנק („אַדאַנק אים בין איך דאָ היינט", אָבער: „אַ דאַנק!");

אַהערצו („מ'דאַרף קומען אַהערצו", אָבער: „זי איז געקומען אַהער צו גאַסט");

אויפסניי;

איבעראַיאָר („מיר וועלן זיך זען איבעראַיאָר", אָבער: „איבער אַ יאָר מעג מען זיך שפּאַרן, איבער אַ טאָג איז ניט כדאַי);

איבעראַכטאָג;

איבערהויפּט;

איבערמאָרגן;

איינמאָל („שוין איינמאָל אַוועק" אָבער: „איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל");

אינאיינעם („גיין אינאיינעם" אָבער: „אין איינעם אַ טאָג");

אינגאַנצן („אינגאַנצן ניט" אָבער: „אין גאַנצן צימער");

אינדערפרי;



אַזייגער („פיר אַזייגער" ,אָבער: „אַ זייגער וואָס גייט שלעכט");

אינדערוואָכן;

אינמיטן;

אַכלל („אַכלל, מ'דאַרף וואַרטן", אָבער: „אַ כלל אַ שווערער");

אַלעמאָל;

אַמאָל („אַמאָל זאָגט מען אַז יאָ, אַמאָל אַז ניין", אָבער: „געווען דאָרטן אַ מאָל צען");

אַניט („אַניט טויג ניט" אָבער: „ער איז אַ ניט מיט אַ גאָרניט");

אַפּנים („אַפּנים קומען זיי היינט ניט", אָבער: „אַ פּנים פון אַ העלפאַנד");

אַפּשיטא;

אַקיצור („אַקיצור, מ'וועט זיך זען מאָרגן", אָבער: „אַ קיצור פון יעדן אַרטיקל");

אַשטייגער („אַשטייגער וואָס?", אָבער: „אַ שטייגער לעבן וואָס איז ניי");

באַצייטנס;

בייטאָג;

ביינאַכט;

וויאַמאָל („וויאַמאָל, אַמאָל יאָ, אַמאָל ניט", אָבער: „אויפפירן זיך ווי אַמאָל, ניט ווי היינטיקע צייטן", „אַרומפליען ווי אַ מאָל אַרום אַ לאָמפּ");

וויבאַלד;

ווידעראַמאָל;

וויפיל (וויפל);

מיטאַמאָל;

נאָכאַמאָל („מ׳וועט נאָכאַמאָל [׳ווידער׳] פרעגן״, אָבער: מ׳וועט נאָך אַמאָל [׳ווען ניט איז׳] פרעגן״);
פאַראַיאָרן;
פאַראַכטאָגן;
פאַרוואָס („פאַרוואָס קומסטו ניט״ אָבער: „פאַר וואָס און פאַר ווען״);
פאַרטאָג;
פאַרנאַכט;
פאַרצייטן;
פונדעסטוועגן;
צוערשט;
צופיל;
צוריקגערעדט;
צוריקגעשמועסט;
צוריקוועגס;
קיינמאָל.

## די סופיקסן ־קייט און ־הייט

אין טעקסטן וואו מ׳נוצט דעם פּתח צוויי יודן (ײַ) דאַרף מען אים אויך נוצן ביי די סופיקסן ־הײַט און ־קײַט, וואו ביי דער גרעסטער מערהייט יידיש ריידנדיקע הערט זיך aj — סיי אין ליטווישן יידיש סיי אין פוילישן יידיש. די טענה, אַז פאַר פוילישע יידן איז סתם פּתח צוויי יודן ā איז דאָ ניט שייך. דער וואָס רעדט פון דער היים פויליש יידיש וועט דאָך דאָ ניט אַריינפאַלן אין קיין טעות און לייענען ā. נאָר וואָס יאָ: די תּלמידים וואָס קומען צו יידיש ווי אָנהייבער וועלן



לייענען ריכטיק, לויטן סטאַנדאַרדן אַרויסרייד: יידישקײַט = jídiškajt, פרײַהײַט = frájhajt. אמת, די אַרויסריידן מיט ej זיינען אין טיילן דרום־מזרח יידיש בנמצא, נאָר זיי זיינען אין מאָדערנעם יידיש געוואָרן אַ מיעוטא דמיעוטא. ווען דער תּלמיד נוצט די ej פאָרמען נ י ט ריידנדיק קיין דרום־מזרח יידיש מאַכט עס אַ מאָדנעם איינדרוק. אַכלל: אמתדיקײַט, גרויסקײַט, יידישקײַט, פרײַהײַט, שיינהײַט. אַחוץ דעם, דיפערענצירט זיך — אין ליטעראַרישן אַרויסרייד — דער סופיקס הײַט ביי סובסטאַנטיוון פון סופיקס (ער)הייט ביי אַדוועדבן: פרײַהײַט אָבער: פרײַערהייט.

## מ׳, מען, מע

אַלע דריי פאָרמען זיינען באַרעכטיקט פאַרן ווערב: מ׳גייט, מען גייט, מע גייט. דער פאַרשפרייטסטער וואַריאַנט סיי ביי יידישע שרייבער סיי אין גערעדטן יידיש איז: מ׳. מ׳ איז אויך די גלייכסטע ברירה פון פילאָלאָגישן שטאַנדפונקט. ס׳ווערט אַרויסגערעדט פאָנאָלאָגיש ווי אַ פ אָ ר ט ר אַ ף צום ווערב, ניט ווי אַ וואָרט פאַר זיך. אַז מ׳זעט אַ באַזונדער וואָרט מע, לייענט דער תּלמיד פאַלש: „מע״ = mɛ — והקול קול הלעמעלע. אַלע איינטראַפיקע ווערטער אויף ־ע האָבן טאַקע דעם פולן ע קלאַנג, אַשטייגער: מענדעלעס בע; (איך) זע; דער ליטווישער יע; און טאַקע — דעם לעמעלעס מע. דער מע האָט אויך אַנדערע קלאַנגיקע פונקציעס אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַשטייגער ביי ל. שאַפּיראָ אין זיין יידישער מלוכה:

פֿון אַ חולאת האָט זי פֿאַרלוירן דאָס לשון, און דאָס מויל האָט זיך ביי איר אויסגעקרימט, און אַז זי האָט עפּעס געוואָלט האָט זי געזאָגט „מע".
[שפּעטער אַ סך אין דער נאָוועלע]: די רכיצין האָט פֿאַרקרימט מיט די אויגן צו דער טיר און געזאָגט: „מע". דערנאָך איז זי געשטאָרבן.

(ל. שאַפּיראָ 1919: 8, 23)

וואָס שייך פֿאָנעטיק, הערט מען אַמאָל יאָ אַ שוואַקלאַנג, אַמאָל ניט: „אַז מ'זאָגט זאָגט מען" ווערט אַרויסגערעדט zɔktmın אָדער amızɔkt אָפֿטער נאָך: amzɔkt zɔktmın. דאָ איז אָבער פֿאָנעטיק לחלוטין ניט שייך, דאָ איז שייך די באַקוועמלעכקייט פֿון לייענען און שרייבן; אָט די באַקוועמלעכקייט איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער פֿאָנאָלאָגישער סטרוקטור פֿונעם וואָרט. דער מ' איז ביים ריידן תמיד אַ פּרעפֿיקס צום ווערב, ניט קיין וואָרט פֿאַר זיך. באָראָכאָוו איז דאָ אַריינגעפֿאַלן מיט זיין טענה אַז ס'דאַרף זיין דווקא מע (באָראָכאָוו 1913א: 21). זיין פּרואוו אַרויסצוּוואַרפֿן דעם מ' (אַחוץ פֿאַר וואָקאַלן: מ'איז) און נוצן נאָר מע, געהערט יענע פּאָר פּרטים וואָס באָראָכאָווס פֿאָרשלאָגן האָבן גראַדע ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פֿון לעבן. אָבער צוליב עפּעס אַ סיבה האָבן די ייוואָ תּקנות עס אָנגענומען און די אויסנאַבעם וואָס היטן שטרענג דעם ייוואָ אויסלייג דערלויבן נאָר מע און מען. אַ סך שרייבער ביי וועמען די שרייבונג מע איז עסטעטיש ניט אָנגעלייגט, נוצן נאָר מען אין מאַנוסקריפּטן וואָס ווערן געשיקט אין זשורנאַלן וואָס נוצן דעם ייוואָ אויסלייג, כּדי די רעדאַקציעס זאָלן ניט „פֿאַרריכטן" זייער מ' אויף מע. אַ שאָד.
וואָס שייך מען פֿאַרן ווערב: די פֿאָרמע איז אָפֿטער אַ סך



אין דער זשורנאַליסטישער, עסייאיסטישער און וויסנשאַפֿטלעכער פּראָזע איידער אין בעלעטריסטישן יידיש, וואו ס'געוועלטיקט: מ'. טשיקאַווע אַז מיט העכער אַכציק יאָר צוריק, האָט שוין די ווילנער רעדאַקציע פֿון לעבען און וויסנשאַפֿט (רעדאַגירט פֿון א. ליטווין) אין אַ הערה צו זאַמענהאָפֿס אַן אַרבעט, באַמערקט די פּרעפֿערענץ פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין דעם פּרט (לגבי זאַמענהאָפֿס שרייבונג מי):

אין געלויפֿיקן ריידן זאָגט ניט דאָס פֿאָלק: „מי זאָגט", „מי גייט", „מי דאַרף", נאָר: „מזאָגט", „מגייט", „מדאַרף". דערביי האָט דער „מ" אַ מין האַלבן קלאַנג, ענלעך צו אַ „שוואַ נע" אין העברעאיש. די יידישע שריפֿטשטעלער טוען דעריבער גוט, ווען זיי שרייבן אָפֿט אָט די ווערטער צוזאַמען און טיילן אָפּ דעם „מ" מיט אַן אַפּאָסטראָף (') [...]

(„אָנמערקונג פֿון דער רעדאַקציע", זאַמענהאָף 1910: 110)

## די אָרדינאַלע נומערן

אַ נטיה צו איבערפֿאָנעטיזירונג אין דער אָרטאָגראַפֿיע האָט גורם געווען אַז דער ייוואָ אויסלייג זאָל מבחין זיין צווישן טער\טן און סטער\סטן, געווענדט אָן דער פֿאָנעטיק ביי פֿאַרשידענע נומערן (8טן אָבער 30סטן). גלייכער איז די אַלגעמיין אָנגענומענע שרייבונג טער\טן ביי אַ ל ע ציפֿערן: 8טער\8טן, 13טער\13טן, 20טער\20טן, 141טער\141טן.

## די ספּעציאַליזירטע דיפֿטאָנגען

די ספּעציאַליזירטע דיפֿטאָנגען זײַנען אַזעלכע שריפֿטלעכע קאָמבינאַציעס וואָס קומען ניט פֿאָר אין דער געוויינלעכער סיסטעם פֿון דער ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע. זיי זײַנען אַ מין פּאָפּולערע פֿאָנעטישע שריפֿט, ניט אָנקומענדיק צו קיין אַנדער אַלפֿאַבעט אָדער ספּעציעלע סימבאָלן. זיי קומען צוניץ בײַם אויסלייגן פֿרעמדע ווערטער אָדער אַפֿילו זעלטענע ייִדישע נעמען וואו מען קען אַרײַנפֿאַלן אין אַ טעות. די פֿאַרשפּרייטסטע ספּעציאַליזירטע דיפֿטאָנגען זײַנען אַי (aj) און עי (ej), און מ׳טרעפֿט אויך אָי (ɔj), אַו (au), אָו (ou), אָה (ō, ōu). אָט די שרײַבונגען „ציִען אַרויס" אַ וואָרט פֿון דער אינטערדיאַלעקטישער שרײַבונג, לויט וועלכער, אַשטייגער, אַ ליטוואַק קען לייענען ײ ווי ej, אַ פּוילישער ייִד קען לייענען ײַ ווי aj א.א.וו. מיט אַי און עי מײַדט מען אויס טעותן אַפֿילו אין תּחום פֿון ליטעראַרישן אַרויסרייד גופֿא, מחמת די מערהייט נוצט ניט קיין פּתח צוויי יודן.

בײַ ווייניק באַקאַנטע געאָגראַפֿישע נעמען איז בפֿירוש כדאַי „אַרויסצוציִען" די שרײַבונגען פֿון דער אינטערדיאַלעקטישער סיסטעם, כּדי מ׳זאָל לייענען ריכטיק, אַשטייגער: „בעטוסעקאָיד" אָנשטאָט „בעטוסעקויד" אויפֿן וועלשישן שטעטעלע Betws y Coed. דער וואָוו יוד ווערט דאָך געלייענט אין פֿאַרשידענע דיאַלעקטן אַנדערש (ej, ou, ɔj און נאָך). דאָ איז אפֿשר אויפֿן אָרט צו דערמאָנען די לאָנדאָנער צײַטונג דאָס ייִדישע פֿאָלק, רעדאַקטירט פֿון י. א. ליסקי ז״ל, וואו דער אַדרעס פֿון דער רעדאַקציע, 13 Carysfort Road, איז אָנגעגעבן געוואָרן (ווי אין אַ סך אַמאָליקע לאָנדאָנער צײַטונגען) מיט רויד אויפֿן ענגלישן Road. די שרײַבונג שטיצט זיך אויף דער אָפּטער עקוויוואַלענץ פֿון וואָוו יוד מיט ōu אין דעם רעדאַקטאָרס היימישן מזרח־גאַליציאַנער ייִדיש, ד.ה. רויד = Road (rōud), אויפֿן שטייגער למשל פֿון זײַן מויד = mōud. אַנדערע, בתוכם די וואָס נוצן דעם ליטעראַרישן אַרויסרייד, וועלן דאָ לייענען rɔjd. אַכלל: בעסער איז דער „ספּעציאַליזירטער דיפֿטאָנג" אָו: „ראָוד".



די ספּעציאַליזירטע דיפֿטאָנגען האָבן אויך אַ נוץ בײַ פֿרעמדע נעמען: באָלשאָי, טאָלסטאָי. דאָס אייגענע איז אגבֿ אמת — און אפֿשר נאָך וויכטיקער — בײַ זעלטענע ייִדישע דיאַלעקטישע נעמען וואו דער „אַלגעמיינער לייענער" קען לייענען פֿאַלש און ס׳קענען פֿאַרלאָרן גיין אַ וועלט מיט ייִדישע נעמען וואָס זײַנען הײַנט „ניט אין דער מאָדע". דוגמאות פֿון ליטווישן ייִדיש: די מענערישע פּרט־נעמען אַפֿראָימאָרע (פֿון אפֿרים־אהרן), יעיסקע (פֿון יוסף, און כּשעת מעשה מײַדט מען אויס דרײַ יודן), מעינקע, מעישקע; דער פֿרויִשער נאָמען מאָינע (זע למשל אין מעינקע קאַצעס ס׳האָט דאָס וואָרט מײַן באָבע מאָינע = מ. קאַץ 1939). אַזוי אַרום וועט עמעצער, וואָס רעדט אויף אַ דרומדיקן דיאַלעקט, ניט לייענען mőunə.

עטלעכע טאָגטעגלעכע ווערטער שרײַבן זיך מיט אַי און עי: דער חודש מאַי (אויך אַ נאָמען פֿון אַ קוסט); דער אויסרוף: העי! (≠ היי וואָס דער פֿערד עסט).

## קיצורים און ראשי תיבות

(א) ביי ווערטער וואָס שטאַמען פֿון לשון קודש:

ביי אַ פֿאַרקירצונג פֿון אַן איינאיינציקן וואָרט, שטעלט מען אַן איינציק שטריכעלע נאָכן לעצטן אות: וכו׳ (וכולי), ה׳ (השם). ביי ראשי תיבות שטעלט מען צוויי שטריכעלעך (״) פֿאַרן לעצטן אות: ב״ה (ברוך השם), ז״ל (זכרונו לברכה), זצ״ל (זכר צדיק לברכה), נ״י (נרו יאיר), ע״ה (עליו השלום), ע״ש (עיקר שכחתי). ביי ראשי תיבות וואָס זיינען געוואָרן ווערטער פֿאַר זיך מעג מען אויסלאָזן די שטריכעלעך: ש״ס = שס, תנ״ך = תנך, נאָר ביי נעמען פֿון רבנים בלייבן די שטריכעלעך: דער רמ״א (ramó), דער גר״א (gró).

(ב) ביי אַלע אַנדערע ווערטער:

ביי קיצורים וואָס שטאַמען נ י ט פֿון לשון קודש איז גלייכער צו נוצן דעם פּונקט צום סוף פֿון אַ פֿאַרקירצונג פֿון אַן איינאיינציקן וואָרט: ב. (באַנד), ז. (זייט), נ. (נומער), פּראָפֿ. (פּראָפֿעסאָר), פֿגל. (פֿאַרגלייך), רעד. (רעדאַקטאָר). ביים טיטל דאָקטאָר האָט זיך פֿעסט איינגעשטעלט ד״ר אַלס פּאַראַלעלע פֿאָרמע צו דר. ביי פּלוראַלן פֿאַרדאָפּלט מען די פֿאַרקירצונג: בב. (בענד), זז. (זייטן), נב. (נומערן).

ביי ראשי תיבות שטעלט מען אַ פּונקט נאָך יעדן אות וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ באַזונדער וואָרט: א.א.וו. (און אַזוי ווייטער), נ.ב. (נאָכבאַמערקונג), נ.י. (ניו־יאָרק), פּ.ס. (פּאָסטסקריפּטום), צ.ב. (צום ביישפּיל).



אין די ייוואָ קרייזן נוצט מען שטריכעלעך ביי אַלע קיצורים, איין שטריכעלע ביי אַ פֿאַרקירצונג (ב׳, רעד׳), צוויי ביי ראשי תיבות (נ״י = נרו יאָיר, ניו־יאָרק). אַלס אויסנאַם ווערט אָבער ד״ר געשריבן מיט צוויי שטריכעלעך.

## די גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפֿן

מאָדערניסטן מיידן שוין אויס אַ שיינע פּאָר יאָר די „גראַמאַטישע אַפּאָסטראָפֿן" סיי אויף פּאָסעסיוו סיי אויף די אָביעקטיווע בייגפֿאַלן ביי נעמען (סימעס בוך אויף סימע׳ס בוך, געזען דעבין אויף געזען דעבי׳ן). מ׳ווענדט זיי אָן בלויז ווען אָן דעם אַפּאָסטראָף איז לחלוטין ניט קלאָר, מערסטנס צוליב אַ פֿרעמדן נאָמען: קאָזאָ׳ס בוך ווייל קאָזאָ איז ניט קיין באַקאַנטער נאָמען און אָן דעם אַפּאָסטראָף דויערט לענגער זיך אָנצושטויסן; אַזוי אויך געזען קאָזאָ׳ן, ווייל די בייגונג פֿון פּרט־נעמען איז במילא ניט קיין מוז און אָנעם אַפּאָסטראָף איז ניט קלאָר צי הייסט דער מענטש קאָזאָ צי קאָזאָן.

וואו נאָר ס׳איז דאָ אַ ניט־קלאָרקייט (אַפֿילו אַ ניט־קלאָרקייט פֿאַרן אויג צוליב דעם וואָס אַ נאָמען ענדיקט זיך אויף אַ וואָקאַל), איז בעסער צו נוצן דעם אַפּאָסטראָף: גערעדט מיט פֿעלישיאַ׳ן, סט. אַנטאָני׳ס קאָלעדזש (= St. Antonis ≠ Antony's), עלע׳ס יינגעלע, געקומען מיט בלומע׳ן (≠ געקומען מיט בלומען).

אין טראַדיציאָנעלע קרייזן (דער עיקר חסידישע), היט זיך אויף דער אַפּאָסטראָף ווי אַ פֿעסטע גראַמאַטישע קאַטעגאָריע סיי ביים פּאָסעסיוו סיי ביי די בייגפֿאַלן, ניט שייך

צי דער נאָמען איז באַקאַנט צי ניט (משה׳ס בוך, אַ שמועס מיט דבֿורה׳ן).

ביידע סיסטעמען גילטן היינט צו טאָג. גראַדע דאָ, איז דער טראַדיציאָנעלער באַנוץ אויסגעהאַלטן, און דער מאָדערן־ליטעראַרישער — צופֿעליק (געווענדט אין דעם שרײַבערס חוש וועגן דעם וואָס איז קלאָר אָדער ניט קלאָר).

## סעמיטיזמען

אויסערן געוויזענעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד ווערן ווערטער, וואָס געהערן דעם סעמיטישן קאָמפּאָנענט אין ייִדיש, געשריבן לויט זייער טראַדיציאָנעלער אָרטאָגראַפֿיע. אוריאל ווײַנרײַך האָט געהאַלטן, אַז ס׳קען אַמאָל קומען אַ צײַט ווען מ׳וועט די פֿאָנעטיזירונג פֿון סעמיטישן קאָמפּאָנענט שוין ניט פֿאַרבינדן מיטן קאָמוניזם און מ׳וועט ווידער נעמען רייִדן וועגן רעפֿאָרמען (א. ווײַנרײַך 1959: 427).

אין תּחום פֿון דער טראַדיציאָנעלער שרײַבונג גופֿא איז פֿאַראַן וואַריאַציע.

צו דער פֿראַגע חסר צי מלא בײַם יוד, שרײַבט מען פֿאַר אײן קאָנסאָנאַנט מלא: ביטול, חילול השם, כּיבוד אָב, מידה, נידה, קליפּה, שיטה. פֿאַר צוויי קאָנסאָנאַנטן איז גלײַכער שרײַבן אָן דעם יוד פּשוט דערפֿאַר, וואָס אַ פֿעסטע טראַדיציע שרײַבן חסר האָט זיך דאָ אײַנגעשטעלט, און דאָ שאַפֿט דער יוד אַ מאָדנע שריפֿט־בילד, און די מאָדנעקייט איז דוחה וועלכע ניט איז אײַנגערעדטע טײַלווײַזע פֿאָנעטישקייט, ווײַל פֿאָנעטישקייט איז נעגליכן צו



שוואַנגערשאַפֿט, הריון ווי בײַ די ביידע זאַכן איז עס יאָ צי נײַן, ניטאָ קיין „טײלווײַז". ווער ס׳קען ניט לייענען די ווײַטערדיקע ווערטער וועט אים דער יוד שוין ניט העלפֿן: מדבר, מורה, מלחמה, מנוחה, מסחר, נבֿזה, נמאס, נסתּר, פּנים, פּנקס, פּרקי אָבֿות, קנאה.

בײַם מלאָפֿום פֿאַרקערט האָט זיך אײַנגעפֿעסטיקט די טראַדיציע אויף ייִדיש צו שרײַבן מלא אומעטום, ניט שײַך וויפֿל קאָנסאָנאַנטן ס׳קומען דערנאָך: חוש, נוסח, טומטום, יקום פּורקן.

בײַם חולם שרײַבט מען אויך מלא: דוחק, חושך, לומדות, סוחר, עולם הבא, שוטה. נאָר בײַ די ווערטער כּח און מוח איז געבליבן די וואַריאַציע כּח = כּוח און מח = מוח. דעם נאָמען נח און דאָס וואָרט כּהן שרײַבט מען חסר.

אָנהייב וואָרט, דאָרטן וווּ דאָס וואָרט הייבט זיך אָן מיט וי, איז בעסער האַלטן זיך בײַ דער טראַדיציע פֿון איין יוד: יחוד, יחוס, יראת הכּבֿוד, ישובֿ, ישׂראל. די וואַריאַנטן מיט „יי" (ייִחוד, ייִחוס א.א.וו.) זײַנען סײַ ניט די טראַדיציאָנעלע, צו וועלכע דאָס אויג איז צוגעוווינט, סײַ ניט קיין פֿאָנעטישע. ס׳איז פֿון יענע האַלבגעבאַקענע צופּאַסנדיקע רעפֿאָרמען וואָס האָבן געשפּילט יענע אידעאָלאָגישע פּשרה־ראָלע, אַ ראָלע וואָס איז היינט: אויסגעשפּילט.

און צום סוף אַ וואָרט וועגן קמץ־אַלף און פּתח־אַלף: אין דער טראַדיציאָנעלער וועלט, און אויך אין דער מאָדערנער שיינער ליטעראַטור אונדזערער, איז דאָ אַ מנהג **ניט** צו שטעלן דעם קמץ מיטן פּתח בײַ סעמיטיזמען (ניט שײַך צי אויף העברעאיש שטייט די נקודה אונטערן אַלף צי אונטערן פֿריערדיקן קאָנסאָנאַנט), אַזוי אַרום: אבֿידה, אָדם הראשון, אסור, אפּיקורסות, גבֿאות, דוגמאות, רמאות א.א.וו. אַזוי ווי

ביי אַ סך טראַדיציעס איז דאָ דאָ אַ פּראַקטישער נוצן וואָס מ׳קען אויפן ערשטן בליק פֿאַרקוקן: דאָס פֿעלן פֿון קמץ און פּתח איז אַ וויזועלער סיגנאַל דעם לייענער אַז דאָ איז אַ וואָרט אַ סעמיטיזם וואָס לייענט זיך ניט לויט דער פֿאָנעטישער סיסטעם. ער וועט זיך ניט נאַרן אַז דאָס וואָרט, טאָמער קען ער עס ניט, קען מען לייענען פֿאָנעטיש. די=אָ טראַדיציע איז ניט חל ביים אלף אָנהייב וואָרט ביי אַדווערבן, וואָס פֿונקציאָנירט ווי דער אומבאַטאָנטער אַדווערביאַלער פּרעפֿיקס אַ= אין דער פֿאָנעטישער סיסטעם. דערפֿאַר איז דער דין: אַדרבא, אַוודאי, אַכלל, אַפּשיטא, אַפילו, אַקיצור.

# ווערטער

## די היסטאָרישע קאָמפּאָנענטן

אַז ס׳גייט די רייד וועגן אַ היסטאָרישן קאָמפּאָנענט פון אַ שפּראַך, האַנדלט זיך ניט אין אַ וואָרט, ניט אין עטלעכע ווערטער דאָ און דאָרטן, ס׳האַנדלט זיך אין גרויסע בלאָקן פונעם ווערטער־אוצר פון דער שפּראַך. די בלאָקן זיינען אויף אַזויפל פּאַרטראָטן, אַז אָן אָט אַזאַ און אַזאַ קאָמפּאָנענט וואָלט דאָס ניט געווען — די זעלביקע שפּראַך. די היסטאָרישע קאָמפּאָנענטן קען מען סדרן אויף פאַרשידענע אופנים לויט די פאַרשידענערליי נויטווענדיקייטן און כוונות, למשל לויט זייער עלטער, זייער גייסטיק־פּסיכאָלאָגישן מעמד ביי פאַרשידענע גרופּעס, זייער השפּעה אויף תחומען אויסער לעקסיק (אַשטייגער: די פאָנעטישע השפּעה פון סלאַווישן קאָמפּאָנענט), און נאָך. דאָ ווערן די פאָרגעשלאָגענע פיר קאָמפּאָנענטן געסדרט לויט זייער מעגלעכן לעקסישן פאַרנעם אין מערסטע סטילן פון דער היינטיקער שפּראַך, מיט אַ באַוואָרעניש, און אַפילו אַ זיכערקייט, אַז אַ צוקונפטיקע סטאַטיסטישע שטודיע וועט אַריינפירן אַ ריי תיקונים און פאַרפיינערונגען אינעם כמותדיקן סדר (כאָטש אַזאַ סטאַטיסטישע שטודיע קען אויך ניט זיין קיין וויסנשאַפטלעך־אָביעקטיווע: ס׳וועט זיך ווענדן ווי מ׳ציילט און וואָס מ׳רעכנט אין קאָן אַריין, און דאָס

ווידער, זועט זיין געווענדט אין אַ ריי איינשטעלונגען מצד דעם סטאַטיסטיקער).

דער אמת איז, אַז די וואַריאירלעכקייט פון דער רעלאַטיווער שטאַרקייט פון די היסטאָרישע קאָמפּאָנענטן איז אַ יסודותדיקער בוי־שטיין פון אונדזער היינטיקער סטיליסטיק. דער סעמיטישער קאָמפּאָנענט איז אַ סך שטאַרקער, סיי אין טראַדיציאָנעלן פרומען סטיל, סיי אין דער מאָדערנער עסייאיסטיק (אָפּטמאָל ניט די זעלביקע ווערטער!). דער סלאַווישער קאָמפּאָנענט איז אַמשטאַרקסטן אין סטיליזאַציעס פונעם אַמאָליקן שטעטלדיקן יידיש. אין אַזעלכע סטיליזאַציעס איז שוואַכער דער ניי־דייטשישער קאָמפּאָנענט, וועלכער איז אָבער שטאַרקער אין זשורנאַ־ליסטישן סטיל, א.א.וו. דער חומר אויף אַן אויסער־געוויינלעך וויכטיקער פאָרשונג ליגט גרייט אויפן טיש און וואַרט אויפן גואל.

(א) דער גערמאַנישער קאָמפּאָנענט: דער ספּעציפיש־יידישער קאָרפּוס עלעמענטן, וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע שטאָטישע דיאַלעקטן פון מיטל־הויך־דייטש, און וואָס זיינען ברובם אין יידיש אַריין בעת איר סאַמע בראשית. דוגמאות: גיין, זון, טיש, מיידל, מענטש, מויל, נעכטן.

(ב) דער סעמיטישער קאָמפּאָנענט: די נאָכתנכישע עלעמענטן פון העברעאיש און אַראַמיש, וואָס מערסטע זיינען אויך אַריין אין דער שפּראַך ביי איר סאַמע בראשית. דוגמאות: אַוודאי, אפשר, לבנה, מסתמא, פנים, שבת, שטות.

(ג) דער ניי־דייטשישער קאָמפּאָנענט: די ניי־הויך־דייטשישע עלעמענטן וואָס זיינען צום גרעסטן טייל אַריין אין ניינצנטן יאָרהונדערט, דער עיקר דורך דער פּרעסע און די



פאַרשידענע פּאָליטישע און קולטורעלע באַוועגונגען און דורך דער נייער יידישער ליטעראַטור. דוגמאות: באַוועגונג, דערפאָלג, ליטעראַטור, צייטונג, קולטור, צוקונפט, שפּראַך.

(ד) דער סלאַווישער קאָמפּאָנענט: די סלאַווישע עלעמענטן, וואָס זיינען אַריין אין משך פון די הונדערטער יאָרן אין וועלכע יידיש האָט זיך קאָנצענטרירט אין מזרח אייראָפּע. דוגמאות: אָזערע, באָבע, זיידע, זשאַלעווען, טאַקע, פּלימעניצע, קעשענע. נאָכן חורבן האָבן זיך די מערסטע סלאַוויזמען סטיליסטיש איבערגערוקט צום תחום פון עמאָטיווע ליטעראַרישע ווערטער (למשל: גריזשען, סומאַטאָכע, ריטשען).

פאַרגעדענקען דאַרף מען, אַז ניט אַלצדינג אין דער שפּראַך לאָזט זיך קלאַסיפיצירן לויט אָט אָ די פיר קאָמפּאָנענטן. פאַראַן פון גאָר אַלטע צייטן אַ ביסל ראָמאַנישע ווערטער (למשל: בענטשן, לייענען, דער נאָמען יענטל); פון נייע צייטן, ווערטער פון נייעם העברעאיש (סאַברע, עליה, קיבוץ) און אַ סך אינטערנאַציאָנאַליזמען (סאַטעליט, פאַקס, ראַדיאָ וכו').

## די סטיליסטישע קאָמפּאָנענטן

דאָס אַליין (און אָן אַ שיעור נאָך) געהערט אָבער צו דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך, צו דעם וואָס הייסט ביי לינגוויסטן: די דיאַכראָניע. די סטיליסטיק גיט זיך אָבער אָפּ מיט דער סינכראָניע, מיט דער שפּראַך אַלס סיסטעם, אומאָפּהענגיק פונעם אָפּשטאַם פון די

עלעמענטן. זי אינטערעסירט זיך מיט דעם ווי אַזוי דאָס אַלץ וואָס געפינט זיך אין דער שפראַך *פונקציאָנירט*, אין אַוועלכער ניט איז איינאיינציקער תקופה. זי קוקט ניט אויף די יחוס בריוו פון די עלעמענטן, סיידן דאָרטן וואו דער יחוס בריוו איז *שייך* צום איצטיקן באַנוץ. די סטיליסטיק אינטערעסירט זיך ניט, בדרך כלל, מיט דעם וואָס לבנה שטאַמט היסטאָריש פון סעמיטיש און זון פון גערמאַניש, מחמת דעם וואָס דיביידע ווערטער זיינען אין יידיש סטיליסטיש „נייטראַל”: מ׳טרעפט זיי אין אַלע סטילן פון דער שפראַך, זיי לאָזן זיך ניט אידענטיפיצירן מיט אַוועלכן ניט איז ספעציפישן סטיל. זיי געפינען זיך אין די רייד פון אַ פאָלקסמענטש און אַ פראָפעסאָר, פון אַ ייִנגעלע און אַ פאָעט. פאַרשטייט זיך, אַז ביי איטלעכן שרייבער איז אויך איטלעך סטיליסטיש נייטראַל וואָרט מסוגל צו *ווערן* חומר ביד היוצר. פאַר זיך זיינען דאָס אָבער ניט מער און ניט ווייניקער, דאָס וואָס הייסט ביים עולם „פשוטע ווערטער”. ס׳מאַכט גאָרניט ניט אויס פון וואַנעט זיי שטאַמען, ניט אויף יידיש, ניט אויף פראַנצייזיש, ניט אויף טערקיש. דער סטיל בויט זיך פון אַ סך פאַקטאָרן, צווישן זיי: די אומצאָליקע שייכותן — אָפענע, סובטילע, מעגלעכע — צווישן די סטיליסטיש נייטראַלע עלעמענטן מיט די סטיליסטיש *מאַרקירטע*. דאָס „אַריינרוקן” אַן איינאיינציק מאַרקירט וואָרט שאַפט נאָך ניט קיין סטיל. דאָס אָנווענדן אַן אָנזעעוודיקן סכום ווערטער אַזעלכע, צעשפּרייט איבער אַ טעקסט, שאַפט שוין יאָ אַ סטיל. פאַרשטייט זיך אַז דער סטיל באַשטייט ניט נאָר פון ווערטער נאָר פון דעם ווי אַזוי מ׳נוצט זיי.

אַוודאי, בוך, טיש, ים, נעכטן זיינען סטיליסטיש



נייטראַל. האַנדלונג, מעלדן, פאָרשריט, צוזאַמענהאַנג, שריפטשטעלער זיינען זשורנאַליסטיש, און כאַראַקטעריזירן יידישע קולטורעלע און פאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דערגרונטעוועןן, יסודותדיק, ירושהדיקייט, קוצו של יוד, תכלית־הקיצורדיק געהערן דעם עסייאיסטישן סטיל. אָוונטיק, ביינאַכטיקייט, גליעדיק, מאַיאיק, ענד זיינען פאָעטיש. גזירה שווה, געדרונגען, הערה, ראיה, סותר זיין זיינען לומדיש־אַקאַדעמיש. הליצה, יאָרצייט ליכט, מעביר זיין די סדרה, מאַכן אַ ברכה, גידה, געהערן דעם טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן. אונטערוויסיק, אַליינמאָרד, מיגלעך, פרואוול, פירלייגן זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַרן סטיל פון די ניו־יאָרקער אויסבויאיסטישע פובליקאַציעס.

דערנאָך גייען די אַלע עלעמענטן וואָס געהערן אונדזערע דיאַלעקטן און וואָס זייער קאָנצענטרירטער באַנוץ גיט אַ טעקסט אַ דיאַלעקטיש־רעגיאָנאַלע באַפאַרבונג, למשל: אַזאַן, געגאַן, וועמיר, פינעף, צוועלעף אויף צו באַפאַרבן אַ טעקסט דרום־דיאַלעקטיש; אַ פולע, ביזל, די קאָפ, נאַכער, צוואַנציק־צוויי אויף צו באַפאַרבן אַ טעקסט צפון־דיאַלעקטיש. רעגיאָנאַלע באַפאַרבונגען זיינען אויך בנמצא אין דער שפראַך פון די היינטיקע גרויסע צענטערס: אָטשערעד (׳ריי׳), דעפיציט (׳מאַנגל׳), צוויי אָן צען (׳צען מינוט פאַר צוויי׳) ביי רוסישער באַפאַרבונג; אָלרייט, יעס, דזשענטלמען ביי אַמעריקאַנער באַפאַרבונג.

סטיליסטישע קאָמפאָנענטן זיינען פלאַסטיש. די שענסטע פאָעמע קען זיך באַנוצן מיט אַן איינאיינציק וואָרט וואָס איז גראַדע בדרך כלל כאַראַקטעריסטיש פאַרן זשורנאַליסטישן סטיל. דער סטיליסטישער מהות פון אַ וואָרט איז אויב אַזוי אין בעסטן פאַל אַ *רעלאַטי־*

ו ו ע ר. דער שרייבער קען דאָ גובר זיין, און סטיליסטיש מחדש זיין, דורך נעמען אַ וואָרט פון איין סטיליסטישן קאָמפּאָנענט און עס אָנווענדן ביי אַ צווייטן. זע למשל שניידערס שטודיע וועגן דעם „מיסטישן דיאַלעקט" אין דער יידישער דראַמע, וואו ער באַווייזט ווי אַזוי די „זשורנאַליזמען" פילייכט, וואונדערבאַר, אום (׳כדי׳) זיינען געוואָרן פּאָעטיש⸗מיסטישע ווערטער אין די הענט פון דוד פּינסקי (שניידער 1988: 115).

## וואָס הייסט „דייטשמעריש"?

דער קריזיס אין דער הייַנטיקער יידישער סטיליסטיק נעמט זיך פון דעם וואָס די אויסבויאיסטן פירן אַ קאַמפּאַניע אַרויסצוואַרפן מאַסעס יידישע ווערטער וואָס זיי האַלטן פאַר „דייטשמעריש". מיר האַלטן אַז די פּראָבלעם „דייטשמעריש" וואָלט „אין פּרינציפּ" ניט געדאַרפט שטיין אויפן סדר היום פון דער יידישער סטיליסטיק אויף דער שוועל פון איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. וואָס טויגן אָבער פּרינציפּן, אַז די פראַגע שפּילט נאָך די הויפּט⸗ראָלע אין אונדזער נייער סטיליסטישער ליטעראַטור. מיט דעם אַליין שטייט שוין דער ענין הויך אויפן סדר היום ווי „אַן ענין ביי די סטיליסטן".

איידער מ׳גייט פירן דעבאַטע, דאַרף מען אָבער זיך און יענעם געבן צו פאַרשטיין אין וואָס עס האַנדלט זיך. וואָס איז אַזוינס דייטשמעריש? אַז מ׳זאָל פּרובירן דעפינירן דאָס וואָרט ווי ס׳ווערט הייַנט באַנוצט צווישן שרייבער, לערער, 

סטודענטן, יידישע לינגוויסטן, רעדאַקטאָרן, וועט דאָס אפשר זיין „ווערטער פונעם מאָדערנעם דייטש, וואָס מ׳האָט אין נייַנצנטן יאָרהונדערט אַריינגעפירט אין יידיש, און וואָס טויגן הייַנט ניט צו אַ גוטן יידיש". די ווערטער פראַגע, קולטור, שפּראַך זיינען טאַקע פון נייעם דייטש נאָר זיי ווערן ביי אַלע אָנגענומען. פאַרקערט אַרצט (׳דאָקטער׳), מונד (׳מויל׳), שטראַסע (׳גאַס׳), וואָס פיגורירן פּראָמינענט אין דער פּרעסע און דער מאַסן⸗ליטעראַטור פון סוף נייַנצנטן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן זיך ניט איינגעוואָרצלט. דאָס פּשוטע פאָלק האָט זיי ניט גענומען נוצן, אונדזערע קלאַסיקער און זייערע נאָכפאָלגער האָבן זיי ניט גענומען נוצן, און אַז ס׳איז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן די נייע יידישע פילאָלאָגיע, האָט מען שוין במילא אָנגעוויזן, אַז די ווערטער טויגן ניט צו אַ גוטן יידיש. פאַרוואָס ניט? דער עיקר, וואָלטן מיר געזאָגט, ווייל זיי האָבן זיך ניט איינגעוואָרצלט ניט ביים פאָלקסמענטש, ניט ביי שרייבער, זיי זיינען געבליבן פּאָסיליזירטע רעליקן פון דער אַמאָליקער פּאָליטישער פּרעסע, ווי אויך פון דער ביליקער ליטעראַטור. אַנדערע וואָלטן האַלטן אַנדערש, וואָלטן געקומען מיט אַ „לאָגישער" טענה, דהיינו: אַז אָטאָ די ווערטער האָבן קיין זאַך ניט צוגעגעבן יידיש, זיי האָבן מערניט אַרויסגעשטופּט גוטע יידישע ווערטער. צי מען האַלט זיך ביי דער היסטאָרישער טענה („זיי האָבן זיך ניט אָנגענומען און אַזוי איז עס"), צי ביי דער לאָגישער („זיי גיבן קיין זאַך ניט צו") בלייבט די אייגענע מסקנא: פאַראַן אַ דעת הכלל, אַז זיי טויגן ניט. מיר האַלטן אַז דאָ ווי אומעטום אין דער שפּראַך געשיכטע האָט געווירקט דער עיקר דער היסטאָרישער פאַקטאָר (ווערטער האָבן אויך מזל און גורל),

און ניט דער לאָגישער; „לאָגיק” איז נאָר דאָ (אַמאָל) אינעם לינגוויסטס אַנאַליז לאחר המעשה.

דערנאָך איז דאָ די דריטע גרופּע: ווערטער וואָס סיי פאָלקסמענטשן, סיי אונדזערע בעסטע שרייבער נוצן זיי, נאָר טייל מיטגלידער פון דער פילאָלאָגישער סעקציע פון דער ווילנער ייוואָ — אונטער מאַקס ווײַנרײַכס השפּעה — האָבן זיי גענומען „פּסלען”, אַפילו דאָרטן וואו ס׳איז ניטאָ קיין גענויער פאַרבייט מיט אַן אַלטן יחוס בריוו; דאָרטן האָט מען גענומען פאָרשלאָגן נעאָלאָגיזמען אָדער שעפּן פון דיאַלעקטיזמען און אַרכעאיזמען.

איז באַלד אויף אַן אָרט זעט מען, אַז דער פּאָפּולערער באַנוץ פון וואָרט דייטשמעריש טויג ניט צו קיין וויסנשאַפטלעכער, סטיליסטישער דיסקוסיע, ערשטנס צוליב דער עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקייט פון וואָרט, צווייטנס צוליב דער סוביעקטיווקייט אין זיין באַנוץ: „די ווערטער, וואָס מיר געפעלן, זיינען גוטע יידישע ווערטער, אַפילו אויב זיי זיינען אַריין אין יידיש ערשט אין נייַנצנטן יאָרהונדערט; די ווערטער וואָס מיר געפעלן ניט, זיינען באַרבאַרישע דייטשמעריזמען”. אַפּשיטא, אַז מיט אַזאַ דעפיניציע, קען מען קיין שקלא וטריא ניט פירן. . .

עטלעכע מאָל האָב איך זיך באַמיט אָפּצוראַטעווען דעם טראַדיציאָנעלן טערמין דורך געבן אים אַ מער פּרעציזע דעפיניציע. איצטער בין איך זיך מודה ומתוודה, אַז ס׳איז מיר ניט געלונגען. אין דער הקדמה צו דער נייער אויפלאַגע פון האַרקאַווים דרייספּראַכיקן ווערטערבוך האָב איך פאָרגעשלאָגן אָט וואָס:

[...] „דייטשמעריש” אין גענדזנפיסלעך באַנוצט דאָ אין פּאָפּולערן און אין סאָציאָלאָגיש=סטיליסטישן זין:



„ליי=ווערטער פונעם מאָדערנעם דייטש וואָס די קלאַסיקער און זייערע נאָכפאָלגער נוצן ניט און האַלטן פאַר ניט=צוגעפּאַסט צו יידיש”. אָן די גענדזנפיסלעך איז דייטשמעריש אַ לינגוויסטישער וויסנשאַפטלעכער באַגריף וואָס מען קען אָביעקטיוו אָפּמעסטן: אַלע ליי=ווערטער פון דייטש וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרן ערשט אין נייַנצנטן יאָרהונדערט. לויט אָט דער וויסנשאַפטלעכער דעפיניציע איז קלאָר אַז אַזעלכע ליי=ווערטער געפינען זיך אין אַלע סטילן יידיש.

(ה.=ד. קאַן 1988א: xxxiii)

אַ ברייטערע דעפיניציע, וואָס זאָל זיך לאָזן אויסשפּרייטן אויך איבער עלטערע תקופות פון דער שפּראַך, האָב איך פאָרגעשלאָגן אין אַן איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער יידישער לעקסיקאָגראַפיע:

היינט צו טאָג האָט דאָס וואָרט דייטשמעריש אַ סאָציאָלאָגישן פּשט, דהיינו ׳ווערטער אין יידיש וואָס שטאַמען פונעם מאָדערנעם דייטש און וואָס טויגן ניט צו אַ גוטן יידיש׳. ניט אַזוי לאַנג צוריק, היסטאָריש גערעדט, סוף נייַנצנטן אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, בפּרט אָבער לויט דער השגה פון אַ ריי רעדאַקטאָרן און שרייבער, זיינען דאָס געווען ווערטער וואָס מען דאַרף גאָר אַריינפירן אין יידיש. אַזוי צי אַזוי איז די מאָס אַ סוביעקטיווע. פאַרן סאָציאָלאָג זיינען אָט די אַלע מיינונגען העכסט אינטערעסאַנט ווי רוויואַרג אויף וועלכן ס׳כעט זיך אַן אַנאַליז. פאַרן לינגוויסט מוז אָבער זיין אַן אָביעקטיווער טייטש וואָס שפּיגלט אָפּ געוויסע עמפּירישע פאַרהעלטעגישן וואָס לאָזן זיך באַשיימפּערלעך דערווייזן. אָט אַזאַ מין טייטש קען מען טענטאַטיוו פאָרלייגן: דייטשמעריש זיינען די אַלע פאָרמען וואָס זיינען אין וועלכן ניט איז נוסח יידיש אַריינגענומען געוואָרן פונעם קאָטעמפּאָראַלן דייטש, להיפּוך צום גערמאַנישן חלק אין יידיש וואָס איז פון

דור⸗דורות איבערגעגעבן געוואָרן בירושה פון דער קדמון⸗ייִדישער תקופה. [...] אַזוי אַרום קען דער לינגוויסט קלאַסיפֿיצירן אַ ווערטערבוך פון דייטשמעריש ניט געקוקט אויף דעם צי דאָס איז אַ רשימה פסולס צונויפגעשטעלט פון אַ ייִדישן שפּראַך⸗פּוריסט צי אַ רשימה רעקאָמענדירטע ווערטער וואָס אַ משכיל האָט מיט קאַרגע צוויי הונדערט יאָר צוריק אַרויסגעגעבן.

(ה.⸗ד. קאַץ 1990: 203-204)

איך האָב אַפילו אַרייַנגעפירט דאָס וואָרט אויף ענגליש, ווי אַ טערמין אויף צו באַצייכענען יענע אַלע אַלט⸗ייִדישע טעקסטן וואָס טאַנצן נאָך דעם דעמאָלטיקן דייטש אָנשטאָט אָפּצושפּיגלען די דעמאָלטיקע גערעדטע ייִדישע שפּראַך (זע ה.⸗ד. קאַץ 1987ב: 47-48).

כאָטש איך האַלט נאָך הייַנט אַז מען קען דעפינירן דאָס וואָרט דייטשמעריש וויסנשאַפטלעך, זע איך איצטער איין אַז ס'האָט ניט קיין זין: מיט געגנדזנפּיסלעך, אָן געגנדזנפּיסלעך, מיט אַ נאָדל, אָן אַ נאָדל: אַז אַ וואָרט ווערט פּאָפּולער באַנוצט אין אַ געוויסן זין, האָט דער לינגוויסט אַ קנאַפּע רעכט צו קומען מיט „בעסערס”: ער וויל ריידן וועגן עפּעס וויסנשאַפטלעך, טאָ זאָל ער ריידן און נוצן דערבייַ וויסנשאַפטלעכע ווערטער. וויסנשאַפטלעכע טערמינען זייַנען ביסודם — אייַנטייַטשיק און ניט⸗עמאָציאָנעל.

די ווערטער וואָס זייַנען אַרייַן פון ניי⸗הויך⸗דייטש רופן איך אָן, אינאייינעם גענומען: דער ניי⸗דייטשישער קאָמפּאָנענט אין ייִדיש. אים געהערן, ווי מיר האָבן געזען, אַ גרויסע צאָל ווערטער וואָס ווערן גענוצט אין אַלע סטילן ייִדיש. נאָר אַ משוגענער ממש וואָלט וועלן „אויסרייניקן” ייִדיש פונעם ניי⸗דייטשישן קאָמפּאָנענט זייַנעם. דאָ גייט ניט



אין דעם צי מיר (צי אַנדערע) זייַנען „צופרידן” וואָס ייִדיש האָט זיך מאָדערניזירט אין נייַנצנטן יאָרהונדערט אָנקומענדיק צו דייטש און ניט צו קיין אַנדער שפּראַך. דעם פאָרשערס געפילן שפּילן דאָ אַ קנאַפּע ראָלע. אין ייִדיש זייַנען דאָס ייִדישע ווערטער פּונקט ווי אַלע אַנדערע. אַז מ'קעמפט קעגן זיי הייַנט קעמפט מען ניט קעגן דייטשישער השפעה אויף ייִדיש, מ'קעמפט קעגן אַן אָנזעעוודיקן טייל פון מאָדערנעם ייִדיש.

נאָר וואָס, אַחוץ די טויזנטער ייִדישע ווערטער פון ניי⸗דייטשישן קאָמפּאָנענט, זייַנען פאַראַן אַ שלל וואָס געהערן דער קאַטעגאָריע אַרכעאיזמען, טאַקע ווי אַרצט, מונד און שטראַסע, וואָס זייַנען הייַנט נאָר אינטערעסאַנט פאַרן היסטאָריקער פונעם מאָדערנעם ייִדיש, און וויכטיק — פאַר די וואָס שטודירן די פּאָליטישע פרעסע פון יענער צייַט, פאַרן ליטעראַטור היסטאָריקער וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער ביליקער ליטעראַטור פון יענער צייַט, פאַרן לינגוויסט וואָס שטודירט אַלע סטילן וואָס זייַנען געווען.

די מלחמה קעגן יענעם טייל פונעם ניי⸗דייטשישן קאָמפּאָנענט וואָס ד א ָ ס פ א ָ ל ק האָט גענומען רופן דייטשמעריש, האָבן ברמיזא געפירט די קלאַסיקער און בהדיא די פילאָלאָגן. שלום עליכם האָט אַראָפּגעריסן שמר'ס „מהיכא תיתי דייטש” (1888ב: 82). דער אמתער קאַמף קעגן דייטשמעריש אין אַלע שפּראַכיקע תחומען — אויסלייג, ווערטער⸗אוצר, מאָרפאָלאָגיע, סינטאַקס — איז אָבער אָנגעפירט געוואָרן אין די יאָרן באַלד נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, אין אַ גרויסער מאָס אויף די שפּאַלטן פון ליטווינס ווילנער זשורנאַל לעבן און וויסענשאַפט (זע אַשטייגער זאַמענהאָף 1909, 1910;

פרילוצקי 1909; י. ט. 1910; ניגער 1912). ניגער האָט אין 1912 אַנאַליזירט דעם שפּראַך־פּסיכאָלאָגישן מקור פֿון דייטשמעריש: אַן „אויסדרוק פֿון קליינשטעטלדיקער פֿאַראַכטונג צו יידיש און דער נאָכמער קליינשטעטלדיקער דרך ארץ פֿאַר דייטש" (ניגער 1912). וועגן דעם לכתחילהדיקן אַריינשטראָם פֿון דעם ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש האָט מען שוין געשריבן ניט איין מאָל (זע אַשטייגער שלאָסבערג 1937; ראָסקעס 1974; ד.־ב. קערלער 1988). אין זיין עסיי, „דער שורש פֿון דייטשמעריש" האָט זעליק קלמנאָוויטש פּרובירט דיפֿערענצירן אַ שפּראַך־פּסיכאָלאָגישן מאָטיוו ביי די ניי־דייטשישע ווערטער, וואָס טראָגן אַריין נייע באַגריפֿן („גוטע דייטשמעריזמען") און אַזעלכע, וואָס שטופּן אַרויס גוטע יידישע ווערטער („שלעכטע דייטשמעריזמען"). ער שטעלט זיך אָפּ אויף דער צווייטער קאַטעגאָריע און טענהט אַז די דייטשמערישע פֿאַרפּלייצונג איז בעצם געוואַקסן פֿון אַ ביטולדיקער באַציאונג צו יידיש, אַ געפֿיל, אַז דייטש איז עפּעס „העכער" (קלמנאָוויטש 1938).

צו דער פֿראַגע וועגן דעם אורשפּרונג פֿון עלעמענטן וואָס זיינען אַריין אין יידיש פֿונעם דייטש פֿון אַוועלכער ניט איז שפּעטערער תקופֿה (ד.ה. זיי זיינען ניט די אוראַלטע געירשנטע ווערטער פֿונעם גערמאַנישן קאָמפּאָנענט אין יידיש), האָט קלמנאָוויטש רעכט בנוגע דער עלטערער צייט — ביזן נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין דער מאָדערנער תקופֿה זיינען אָבער געווען אַלערלייאיקע מאָטיוון (בתוכם: פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, סאָציאַלע מאָדערניזאַציע, קולטורעלע אויפֿבליאונג, וויסנשאַפֿטלעכע טערמינאָלאָגיע און נאָך). צו דער עלטערער צייט איז גענוג



צו דערמאָנען, אַז די קריסטלעכע געלערנטע וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט יידיש האָבן די נטיה באַמערקט. דער גרויסער אָריענטאַליסט בוקסטאָרף האָט געשריבן אָנהייב זיבעצנטן יאָרהונדערט, אַז די יידן מיט אַ ביסל מער בילדונג באַמיען זיך צוצופּאַסן צו דער דייטשישער שפּראַך (בוקסטאָרף 1609: 652). וואַגענזייל, דער היסטאָריקער פֿון דער יידישער ליטעראַטור, האָט צום סוף פֿון יענעם יאָרהונדערט אָנגעוויזן אַז אין „נייערע ביכער" טרעפֿט זיך דער פּרעפֿיקס ער־ אָנשטאָט דער־ (וואַגענזייל 1699: 87).

ביים אויפֿקום פֿון דער נייער יידישער פֿילאָלאָגיע, און טאַקע באַלד ביי איר אויפֿקום, איז דער ענין דייטשמעריש געשטאַנען אויפֿן סדר היום. אָט שרייבט באָראָכאָוו:

> אַזוי ווי די דריי עלעמענטן, דייטש, העברעאיש־אַראַמעאיש און סלאַוויש, דערפֿילן פֿאַרשיידענע פֿונקציעס אין דער שפּראַך, דעריבער שטערט ניט די געמישטקייט פֿון יידיש צו זיין אַנטוויקלונג: פֿאַרקערט, דורך דעם ווערט אונדזער שפּראַך נאָר רייכער אין ווערטער און אויסדרוק מעגלעכקייטן. ס'געפֿינט זיך אָבער אין אונדזער שפּראַך אויך אַ פֿערטער, אינטעליגענטישער עלעמענט, דער יינגסטער פֿון אַלע, וואָס איז סותר דעם בוי פֿון די אַנדערע עלעמענטן און קאָן זיי כמעט ניט דערגאַנצן. דער עלעמענט רופֿט זיך אָן „דייטשמעריש", ער מאַכט קאַליע אונדזער שפּראַך און קאָן זי טאַקע ברענגען צו דער מדרגה פֿון אַ מיאוסן זשאַרגאָן.
>
> (באָראָכאָוו 1913א: 11)

באָראָכאָוו איז ממשיך און רעכנט אויס אַ ריי פֿאָרמען וואָס מ'דאַרף פֿון זיי פּטור ווערן, צווישן זיי די פּרעפֿיקסן ענט־, ער־ אויף די עכט יידישע אַנט־, דער־, דאָס ניט איבערדרייען קאָנווערבן („זי איבערזעצט" אָנשטאָט „זי

זעצט איבער") און נאָך און נאָך.

באָראָכאָוו האָט אָבער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז ניט אַלץ וואָס דער ניי־דייטשישער קאָמפּאָנענט האָט אין יידיש אַריינגעטראָגן איז שלעכט, אַז ניט פֿון אַלץ דאַרף מען פּטור ווערן. פֿאַרקערט, ער האָט אויפֿגעוויזן מיט קלאָרע ביישפּילן ווי אַזוי אָט דער עלעמענט האָט יידיש ב אַ ר ײ כ ע ר ט. זיין מסקנא:

> פֿאַרשטיין די מעלות און חסרונות פֿון די אינטעליגענטישע שפּראַך עלעמענטן איז דערפֿאַר באַזונדערס וויכטיק פֿאַר דער יידישער פֿילאָלאָגיע [...]

(באָראָכאָוו, דאָרטן: 14)

באָראָכאָוו האָט אויך אָנגעוויזן וואָס פֿאַר אַן עשירות איז צו יידיש צוגעקומען, פֿאַרגלייכנדיק די אַלטע קונץ, קונציק, בווידעם, האַר, מיט קונסט, קינסטלעך, באָדן, הער, וואָס זיינען אַריין פֿון נייעם דייטש ערשט אין ניינצנטן יאָרהונדערט. ער איז געגאַנגען נאָך ווייטער:

> פּונקט אַזוי ווי ביי אַנדערע פֿעלקער, וועט אויך ביי אונדז די רעפֿאָרם מוזן זיין, אויב אונדזער אינטעליגענץ וועט נאָר האָבן דעם מוט אַוועקצוואַרפֿן די שלעכטע שפּראַך געוואוינהייטן, אויסצוראַמען מיט אַ בריימן בעזעם אַלע יענע „דייטשמערישע" עלעמענטן, וואָס פּאַסן ניט צו דער יידישער שפּראַך און באַרייכערן זי ניט. אַריינטראָגן אין אונדזער שפּראַך נייע דייטשע ווערטער — מהיכא תיתי! אָבער זיי מוזן ווערן פֿאַריידישט, צוגעפּאַסט צו די פֿאָנעטישע און גראַמאַטישע פֿאָרמען פֿון אונדזער פֿאָלקס־לשון. [...]

(באָראָכאָוו, דאָרטן: 15)



אין דער צווישן־מלחמהדיקער מזרח אייראָפּע, ווען מ'האָט געקוקט אויף דער יידישער פֿילאָלאָגיע ווי אויף אַ לעבעדיקן גליד פֿון דער נייער יידישער קולטור — הלוואַי וואָלט מען אַזוי היינט אויף דער זאַך געקוקט — האָט מען געהאָפֿט, אַז די וויסנשאַפֿטלעכע שטודיעס וועלן האָבן אַ השפּעה אויף דער פּרעסע שפּראַך, וואו „אַזעלכע עלעמענטן" האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן מער ווי אומעטום.

דעם קאַמף קעגן דעם ניט־אָנגענומענעם טייל פֿון ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט האָבן געפֿירט אַנדערע יידישע פֿילאָלאָגן אַזש ביז דער שוועל פֿון דער צווייטער וועלט מלחמה. נאָך דעמאָלט האָט נח פּרילוצקי, אַרויסלאָזנדיק דעם ערשטן באַנד יידיש פֿאַר אַלע אין 1938, אַרויסגערופֿן ניט מער און ניט ווייניקער צו: „אַ הייליקן קריג קעגן דעם דאָזיקן פֿאַרוואָרלאָזטקייט, שעדיקעריי און וואַנדאַליזם" (פּרילוצקי 1938א: 8). גערעדט האָט ער וועגן דער דעמאָלטיקער פּרעסע.

אַ טשיקאַווער קאַפּיטל זכרונות וועגן דער פֿראַגע, אין דער אָרטאָדאָקסישער פּרעסע, איז לעצטנס דערשינען אין ניו־יאָרקער דאָס אידישע וואָרט:

> דער גערער רבי האָט פֿאַרבעטן די שרייבער פֿון טאָגבלאַט אויף אַ געמיטלעכן שמועס, און איינע פֿון די שאלות, וואָס ער האָט זיי געהאַט צו שטעלן, איז געווען:
> — הלמאַי זענען די מאמרים פֿול מיט פֿרעמדע ווערטער?
> — אַז איך בין עס נישט תופֿס — האָט דער רבי צוגעגעבן מיט אַ שמייכל — איז דאָך במציאות, אַז נאָך אַנדערע יידן פֿאַרשטייען עס נישט?
> — דער תירוץ איז אַ גאַנץ פּשוטער — האָט איינער פֿון די שרייבער זיך געכאַפּט מניה־וביה אויף אַ קלוגן ענטפֿער — מיר אַליין קענען נאָך נישט ריכטיק די מלאכה פֿון שרייבן און

> אַז מיר׳ן, אם ירצה השם, זיך אויסלערנען וועט מען טאַקע וויסן ווי אַזוי צו שרייבן גאָר פּשוט!...
>
> די פֿראַגע „ווי אַזוי צו שרייבן" איז גרייִלעך געווען אַ היפּש קאָמפּליצירטע פֿאַר דער יונגער, אַמביציעזער און זעלבסט־אויסקומערישער אָרטאָדאָקסישער צייטונג. די שוועריקייטן זענען נישט געווען בלויז אויף דעם איינעם פּונקט, פֿון געברויכן ניי־מאָדישע פֿרעמדווערטער. דער גאַנצער עסק מיט אַ פֿרום־אָפּגעהיטענער צייטונג האָט שיער נישט באַדייט אַ „דבר בהיפוכו", אַ שפּיל פֿון קאָנטראַסטן. זייער אָפֿט האָט עס בפֿועל ממש געמיינט אָנכאַפּן דעם שטעקן ביי ביידע עקן, שפּילן זיך מיט פֿייער און נישט אָפּבריען די פֿינגער.
>
> (פֿראַגער 1992: 69)

לייענענדיק צווישן די שורות, ווערט קלאָר אַז די „פֿרעמדע ווערטער" זיינען די אַלע וואָס ווערן אין פֿאָלקס־באַוואוסטזיין, סיי ביי פֿרומע סיי ביי פֿרייע, אויפֿגענומען ווי יענע וואָס כאַראַקטעריזירן דעם שיכט פֿון דער שפּראַך וואָס שטעלט מיך זיך פֿאָר די נייע וועלטלעכע קולטור פֿון נײַנצנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

דאָ גייט די רייד, פֿאַרשטייט זיך, וועגן יענע טיילן פֿון ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט וואָס זיינען געוואָרן כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן פּרעסע סטיל און די פּאָליטישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס (בתוכם — די יידישיסטישע). וועגן דעם אַז טייל פֿון אָרטאָדאָקסישן סעקטאָר האָט ביי די סעקולאַריסטן איבערגענומען די „פּרעסע שפּראַך", איז געגאַנגען די רייד ביי באַשעווויסן אין זיין בעל תשובה:

> ניין. דאָס איז נישט געווען דער סאָרט רבי, וואָס מאָדערנע אָרטאָדאָקסן קאָנען פֿירן אויף קאָנפֿערענצן, נעמען פֿון אים פּיקטשורס און לאָזן אים האַלטן רעדעס אויף באַנקעטן, וואו



> מען גרייט צו הויכע בודזשעטן. דאָס איז געווען אַ ייד פֿון אַלטן שניט. ער האָט גאָרנישט געברויכט אַחוץ אַ גלאָז טיי, אַ ביסל האָבערגריין, אַ פּאָר אַלטע ספֿרים און אַ מנין. ער האָט נישט געוואָלט פֿאַרזאָרגן די וועלט אָדער אַפֿילו דעם כלל ישראל מיט פֿרומקייט. ער האָט נישט געלייענט קיין צייטונגען. ער האָט נישט געקאָנט דעם יידיש, וואָס די מאָדערנע אָרטאָדאָקסן האָבן איבערגענומען פֿון די אַפּיקורסים.
>
> (באַשעוויס 1974: 58)

אַלץ איז געווענדט אין מאָס, אַלץ איז רעלאַטיוו. אין דער קאָנפֿיגוראַציע פֿון אונדזערע גדולים ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז באָראָכאָוו, רייזען און פּרילוצקי זיינען געווען די מ ע ס י ק ע: זיי האָבן געקעמפֿט קעגן ווערטער וואָס האָבן זיך ביים פֿאָלק און אין דער שיינער ליטעראַטור נ י ט אָנגענומען און וואָס זיינען געבליבן אין דער ביליקער פּרעסע. אַ סך ווייטער זיינען געגאַנגען יענע פֿילאָלאָגן וואָס האָבן זיך אויפֿגעהאָדעוועט אין דייטש ריידנדיקע סביבות, אָדער זייער העכערע בילדונג באַקומען אין דייטש ריידנדיקע אוניווערסיטעטן (אין די מערסטע פֿאַלן — די ביידע זאַכן). ביי זיי איז דער ענין געוואָרן אַ פּערזענלעכער קאָמפּלעקס. עס פֿאַרמינערט אויף קיין האָר ניט זייערע וויסנשאַפֿטלעכע אויפֿטוען, דאָס וואָס אויפֿן סטיליסטישן פֿראָנט האָבן זיי געליטן פֿון אַ מין געפֿיל אַז מ׳דאַרף כסדר פֿירן מלחמות קעגן דעם ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש. די מער עקסטרעמע דאָ זיינען געווען גראַדע שלמה בירנבוים און מאַקס ווײַנרייך. ביי בירנבוימען איז די קעגנערשאַפֿט צום ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט וואָס אין יידיש געווען ניט אָפּצוטיילן פֿון זיין ליבשאַפֿט צום טראַדיציאָנעלן יידישן

פֿאַר־משכּילישן רעליגיעזן לעבן, זײַן גלויבן, אַז די מאָדערנע ציוויליזאַציע האָט קאַליע געמאַכט דאָס לעבן מיט דער שפּראַך אינאיינעם (זע בירנבוים 1979: 79–81). ז ײַ נ ע טעאָרעטישע יסודות האָט ווײַנרײַך אַוועקגעשטעלט אין זײַן עסיי „דײַטשמעריש טויג ניט" (מ. ווײַנרײַך 1938ב). קודם כּל, זײַן דעפֿיניציע פֿון „דײַטשמעריש":

> „דײַטשמעריש איז שעטנז; דאָס זײַנען אַזוינע שפּראַכיקע עלעמענטן וואָס קומען פֿון דײַטש און ווילן מאַכן דעם אָנשטעל פֿון ייִדיש; עלעמענטן, וואָס אין דער אמתן זײַנען זיי ניט קיין ייִדיש און ניט קיין דײַטש.
>
> (מ. ווײַנרײַך 1938ב: 98)

אין יענער אַרבעט באַווײַזט דער גאון ווײַנרײַך אַ — רדיפֿה מענטאַליטעט. ער איז מודה אַז דאָס וואָרט „פֿאָלקסטימלעך" קען מען ניט אַרויסטרײַבן „דערווײַל": הייסט דאָס אַז דאָס איז אַ מין אויפֿגאַבע אויף „שפּעטער". ווײַנרײַכס קאָמפּלעקס וועגן דײַטש האָט ער אויסגעדריקט בזה הלשון:

> כּל זמן ייִדיש איז געגאַנגען ווי עס גייט זיך, כּל זמן עס איז ניט געווען בײַ ייִדן קיין תּשוקה צו אַ קולטורווירטער כּלל־שפּראַך, איז קיינמאָל קיין שאַרפֿע מחיצה צווישן די ביידע שפּראַכן ניט געווען. עס איז געווען ניכער אַ דעמאַרק־ליניע ווי אַ גרענעץ. וויבאַלד מיר ווילן אויף אַן אמת פֿירן אַן אייגענע שפּראַכיקע באַלעבאַטישקייט, איז איצט געקומען די צײַט אײַנצושטעלן אַ פֿעסטן גרענעץ מיט אַלע סימנים פֿון אַ גרענעץ, און דער עיקר: מיט אַ שאַרפֿן גרענעץ קאָנטראָל.
>
> (מ. ווײַנרײַך, דאָרטן: 100)



אַזאַ צוגאַנג צו ייִדיש איז אומגלייבלעך בײַ דעם מעמד פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור ערב דער צווייטער וועלט מלחמה. דאָ רעדט ניט ווײַנרײַך דער געניאַלער שפּראַך היסטאָריקער פֿון ייִדיש, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען בעסער ווי אַ ל ע ווי אַנדערש ייִדיש איז געווען פֿון דײַטש פֿון דער סאַמע ערשטער רגע ווען ייִדן זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין שטח וואָס האָט זיך גענומען רופֿן אַשכּנז (זע למשל מ. ווײַנרײַך 1954). דאָ רעדט ווײַנרײַך דער שפּראַך פּוריסט וואָס רעאַגירט פּסיכאָלאָגיש אויף זײַן דײַטש־שפּראַכיקער קינדהייט (פֿגל. מ. ווײַנרײַך 1923: 199), אַ ראיה דערויף ווי מ׳טאָר ניט פֿלאָנטערן די גאונות פֿונעם היסטאָריקער פֿון ייִדיש מיט דער טענדענציעזקייט פֿון זײַן סטיליסטישער אײַנשטעלונג. דאָס זײַנען צוויי גאָר באַזונדערע געביטן.

מאַקס ווײַנרײַך האָט פֿאָרגעשלאָגן אַ כּלל אַז „ענגע דיאַלעקט ווערטער וואָס זײַנען אין דער זעלבער פֿאָרם פֿאַראַן אין דער נײַ־הויך־דײַטשער שרײַבשפּראַך מוזן אויסן בלײַבן פֿון דער ייִדישער כּלל־שפּראַך" (1938ב: 101). די בײַשפּילן וואָס ווײַנרײַך ברענגט (בעהערדע, מאַגער און נאָך) זײַנען טאַקע ענגע דיאַלעקט ווערטער, און ד ע ר פֿ אַ ר טויגן זיי ניט צו דער סטאַנדאַרדער שפּראַך. פֿאַר ווײַנרײַכן טויגן זיי ניט ווײַל זיי געפֿינען זיך אויך אויף דײַטש. צוויי גאָר באַזונדערע טעמים פֿאַרן ניט אָננעמען אַ וואָרט אין דער ליטעראַרישער שפּראַך.

אָט דאָ ליגט דער סלע המחלוקת. ווײַנרײַך פֿירט אַרײַן ד ײַ ט ש ווי אַ קריטעריע פֿאַר י י ד י ש! סטײַטש! בײַם אָפּשאַצן אַ וואָרט, איז עס לחלוטין נ י ט ש ײַ ך צי אַן ענלעך וואָרט טרעפֿט מען אויך אויף דײַטש (צי אויף טאָטעריש)! ווען מען אַרט עס? וואָס קען זײַן מער טעותדיק

פּאַר אַ שפּראַך ווי פּסקענען אירע שאלות אויפֿן סמך פֿון — אַן *אַנדערער* שפּראַך. ס׳האָט געננוי אַזאַ טעם, ווי אַ רב זאָל פּסקענען איבער אַ טאָפּ צי איז ער מותר, אויפֿן סמך פֿונעם — קאָראַן.

נח פּרילוצקי האָט ווײַנרײַכן געענטפֿערט מיט זײַן „מעטאָדאָלאָגישע באַמערקונגען צום פּראָבלעם דײַטשמעריש" (פּרילוצקי 1938ד). פֿון אויבן געבראַכטן ציטאַט איז קלאָר, אַז פּרילוצקי איז ניט קיין „דײַטשמעריסט". ער האָט אָבער קלאָר געזען אַז דער עקסטרעמער פּוריזם וואָס שאַצט אָפּ יידיש לויט דעם וואָס עס איז פֿאַראַן אין דײַטש טויג ניט:

איך האַלט נישט פֿון לאָזן זיך פֿירן דורך אויסנווייניקסטע קריטעריזמס (איוואַן טראָגט געפּוצטע שטיוול און אַ האַלדזטיכל, טאָר איך נישט...). איך זוך תמיד אָנווײַזונגען רק אינעם אינגעווייד פֿון דער שפּראַך גופֿא.

(פּרילוצקי 1938ד: 207)

פּרילוצקי האָט אונדז אָבער פֿאָרט מזכּה געווען מיט *זײַן* דעפֿיניציע פֿון „דײַטשמעריש":

דײַטשמעריש — פֿאַר דעם וואָרט־אוצר פֿון דער נײַער יידישער שריפֿטשפּראַך — זענען יענע עלעמענטן, וואָס ס׳לאָזט זיך וועגן זיי פֿעסטשטעלן מיט באַשטימטקייט, אַז זיי זענען אַרײַנגעדרונגען צו אונדז פֿון אָנהייב 19טן יאָר־הונדערט אָן, אָדער דרינגען ווײַטער אַרײַן — אין קאָרעקטן געשטאַלט צי אין פֿאַרקריפּלטן — פֿון דער ניי־הויך־דײַטשער שריפֿטשפּראַך.

(פּרילוצקי, דאָרטן: 209)

ווי אומבאַהאָלפֿן עס איז אויך *די* דעפֿיניציע, איז צו



זען פֿון די ווערטער אין אָט דעם זאַץ גופֿא, וואָס וואָלטן ניט געווען אין יידיש ווען ניט יענער „אַרײַנדרונג" פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט: שריפֿטשפּראַך, עלעמענט, אַרײַנדרינגען (= דרינגען ׳אָפּלערנען׳) יאָרהונדערט, קאָרעקט, געשטאַלט, ניי־הויך־דײַטש. אַז מ׳זאָל אַרײַנציען אין קאָן קאַלקעס און סינטאַקטישע השפּעות, איז דאָך פּרילוצקיס אַנטי־דײַטשמערישער זאַץ אַ מוסטער פֿון דײַטשמעריש לויט זײַן אייגענער דעפֿיניציע! איבערשרײַבן אָן אַזעלכע השפּעות קען מען זיכער, נאָר דעמאָלט וואָלט עס געווען געשריבן אין אַ פֿאָלקסטימלעכן, ניט אין קיין וויסנשאַפֿטלעכן סטיל, למשל:

וואָס איז שייך אָט אָ די ווערטער, וואָס מ׳באַנוצט זיך מיט זיי אַז מ׳גייט שרײַבן יידיש, קען מען אָנרופֿן מיטן וואָרט „דײַטשמעריש" אָט אַזעלכענע, וואָס מ׳קען ברענגען ראיות אויף געוויס, אַז זיי זײַנען צו אונדז אַריבער ערשט פֿון בערך שנת תק״ם און ווײַטער, צי ריכטיקערהייט, צי סקעלעטשעטערהייט, פֿון דעם ווי אַזוי מ׳האָט גראָד יעמאָלט געשריבן אַז מ׳האָט געשריבן דײַטש.

שוין נאָך דער מלחמה האָט געענטפֿערט די טענה א. גאָלדסטיק מיט אַ געלונגענער פֿראַגע:

איך וואָלט וועלן זײַן אַ בעלן צו וויסן, וואָס פֿאַראַ פּנים אונדזער יידיש וואָלט האָבן, אַז מיר זאָלן טאַקע ממש אַרויסוואַרפֿן פֿון אונדזער לעקסיק אַלע דײַטשע ווערטער וואָס מיר האָבן אַרײַנגענומען זינט 1800.

(גאָלדסטיק 1946: 15)

פֿון די טיפֿסטע — און פּשוטסטע — אָבזערוואַציעס איז בירנבוימס:

קען די וויסנשאַפט זיין אַ פוסק ביי דער יידישער לשון־פּאָליטיק? ניין. וויסנשאַפט פאַרנעמט זיך מיט פאַקטן. למשל: די ניי־הויך־דייטשע השפעה איז אַ פאַקט. אָבער צי מע האַלט זיך ביים משכילישן וואָרט שפּראַך, אָדער צי מע קערט זיך אום צום יידישן וואָרט לשון, דאָס איז שוין מחוץ דעם גדר פון וויסנשאַפט.

(בירנבוים 1938: 245)

בירנבוימס זאָג (אַריינזאָג?) איז מיט אַ כיוון צווייטייטשיק. ערשטנס, דער פשט פון זיינע רייד: די „וועלטלעכע יידישיסטן" נאַרן זיך אַז זיי מיינען, אַז זיי זיינען פעאיק צו פאַרוואַנדלען סטיליסטיק און שפּראַך פּאָליטיק אין „וויסנשאַפט". דער רמז אין זיינע רייד: זיי אַליין נוצן אָן אַ שיעור ווערטער וואָס שטאַמען פון ניי־הויך־דייטש, נאָר דאָס וואָס געפעלט זיי (אָדער דאָס וואָס זיי ווייסן, אַז מ׳קען פון דעם ניט פטור ווערן אין זייער סביבה) איז כשר ויושר, דאָס וואָס געפעלט זיי ניט, ווערט געשטעמפּלט: דייטש־מעריש. והא ראיה: צווישן זייערע באַליבטסטע ווערטער איז דאָך דאָס וואָרט שפּראַך וואָס שטאַמט דאָך פון ניי־הויך־דייטש: דאָס אַלטע יידישע וואָרט איז דאָך לשון. אגב: צי איז ניט פאַראַן אַ שמץ סאַטירע אין בירנבוימס קאָנסטרוקציע לשון־פּאָליטיק?

אין סך־הכל קען מען די דיסקוסיעס אַרום דעם ענין דייטשמעריש אין די דרייסיקער יאָרן אויפנעמען ווי אַ פאַרשטענדלעכן קאָמפּאָנענט פונעם דעמאָלטיקן דראַנג צו איבערנאָרמירטקייט. אָט אַזוי האָט זיך מאַקס וויינרייך אָפן אַרויסגעזאָגט:

[...] דאָס געבאָט פון דער צייט איז אַ נאָרמירטע



כלל־שפּראַך. ניט קיין איינגעשנורעוועטע אין אַ שניר־לייבל פון פישביינערנע חוקים — מיר זאָלן אַפילו וועלן, קענען מיר ביי אונדזער סיטואַציע ניט דערגיין דערצו אַפילו אין הונדערט יאָר — אָבער אויך ניט קיין הפקר־לשון, וואו יעדער איינער איז אַ מושל בכיפה. [...] דאָס וויכטיקסטע פאַר דער יידישער שפּראַך איז איצטער צו דערשלאָגן זיך צו אַ געוויסן מינימום נאָרמעס. דאָס איז אַ פראַגע פון איר ס אָ צ י אַ ל ן פ ר ע ס ט י ז ש, ממילא אַ פראַגע פון איר קיום ממש.

(מ. וויינרייך 1938ג: 286)

ווי מ׳זאָל ניט האַלטן היינט וועגן אַזאַ און אַזאַ וואָרט, איז קלאָר אַז וויינרייכס מאָטיווירונג גיט אונדז צו פאַרשטיין די אינטעלעקטועלע סביבה אין די דרייסיקער יאָרן וואָס האָט געפירט צום פּוריזם. טעפּער האָט געהאַלטן אַז שלאָסבערגס אַספּיראַנטור אַרבעט „קען ברענגען אַ גרויסן נוץ דער יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און בפרט דער יידישער פּרעסע" (טעפּער 1936: 824). שלאָסבערג האָט אַליין אויך געהאָפט צו קענען אָפּלערנען פון שפּראַך געשיכטע אויף סטיליסטיק. זיין סך־הכל איז אָבער געווען אַן ערלעכער:

דער אידעאַל איז צו קענען געבן דורך אַנאַליזירן די שפּראַך פון אַ געוויסער צאָל שרייבער פון ניינצנטן יאָרהונדערט אַ קלאָרע און פשוטע דעפיניציע, וואָס איז אַזוינס אַ דייטשמעריזם און ווי אַזוי מען קען אים דערקענען, כדי מען זאָל וויסן, וועלכע דייטשמעריזמען וואָס זיינען שוין אַריין אין אונדזער שפּראַך קענען אָדער מוזן אין איר בלייבן און וועלכע מען דאַרף זיך באַמיען אויסצוואָרצלען. [...] דאָ מוז זיך דערוועקן אַ פראַגע: וויבאַלד די אַרבעט דאַרף ערשט פּרואוון אַרויסברענגען וואָס איז אַזוינס אַ דייטשמעריזם, ווי אַזוי זשע האָב איך געקענט אויסזוכן דייטשמעריזמען, איידער

איך האָב געהאַט דעם קריטעריום, ווי זײ צו דערקענען? דער אמת איז טאַקע, אַז קײן אָביעקטיװן קריטעריום װי אַזױ זײ צו דערקענען האָב איך ניט געהאַט, איך האָב זײ געמוזט אָפּקלײַבן װעדליק מײַן אײגענעם אײנזען, װעדליק מײַן סוביעקטיװן שפּראַך געפֿיל. פֿונדעסטװעגן האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז כמעט אַלע װערטער, פֿאָרמען און קאָנסטרוקציעס, װאָס איך האָב אױסגענאָטירט װי דײַטשמעריש, קומען אױס דײַטשמעריש פֿאַרן געשמאַק פֿון מענטשן מיט אַן אױסגעשאַרפֿטן שפּראַך געפֿיל.
(שלאָסבערג 1937: 65)

בײַ די הײַנטיקע אױסבױיִסטן איז די דעפֿיניציע פֿון דײַטשמעריש אַװעק אױף נײַע עמאָציאָנעלע דרכים. אין שעכטערס גלאָסאַר א.נ. „טעכנישע טערמינען אין דעם באַנד" (צו זײַן לײַטיש מאַמע־לשון), װאו מערסטע טערמינען װערן דעפֿינירט מיט פּרעציזער װיסנשאַפֿטלעכער קלאָרקײט, װערט דײַטשמעריש באַנומען װי אַ מאָנסטער־האַפֿט װעזן:

דײַטשמעריזם, דײַטשמעריש — װאָרט צי פֿאָרמע װאָס מע האָט געבערענגט פֿון נײַ־הױך־דײַטש („ליעבענדעם הערץ"), כאָטש אָדער מיר פֿאַרמאָגן דערפֿאַר אײגן שפּראַכװאַרג, אָדער ס'איז גלאַט איבעריק (למשל: קריסטלעכע אָדער אַפֿילו אַנטיסעמיטיש־אינספּירירטע װערטער אין אײבעלסאָנס װערטערבוך: „יודען־אױער"!).
(שעכטער 1986א: 336)

און װאָס בלײַבט אונדז מכח דער פֿראַגע: װאָס איז אַזױנס דײַטשמעריש? היות װי אונדזערע פּוריסטן, און אַפֿילו די עקסטרעמסטע צװישן זײ — די אױסבױיִסטן — נוצן עמערס מיט יידישע װערטער װאָס שטאַמען פֿון



נײַ־הױך־דײַטש (ליטעראַטור, צײַטונג, קולטור, שפּראַך וכו'), בלײַבט נאָר אײן דעפֿיניציע פֿונעם װאָרט װי עס װערט בײַ ז י י באַנוצט: יענע װערטער פֿון נײַ־דײַטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש, װאָס אַ פּיצינקער קרײַז נאָרמאַטיװיסטן װאָס שטרעבן צו „מאַכט" איבער דער שפּראַך, האָבן מיט זײער חכמה און אײנזען באַשלאָסן צו „פּסלען". שװער זיך פֿאָרצושטעלן אַז אַ שרײַבער זאָל װעלן אױף אַלע אַנדערע שרײַבער אַרױפֿצװינגען ז י י ן סטיל, זײַנע פֿאָראורטײלן לגבי װערטער. על אחת כמה וכמה איז ניטאָ די קלענסטע באַרעכטיקונג, אַ גרופּע נאָרמאַטיװיסטן זאָל זײער תורה פּרובירן אַרױפֿצװינגען אױף דער יידישער ליטעראַטור.

## די װערטער אין חרם

די „װערטער אין חרם" זײַנען די אַלע װערטער װאָס מ'טרעפֿט אױף טריט און אױף שריט סײַ אין גערעדטן יידיש, סײַ אין דער יידישער ליטעראַטור, נאָר װאָס אוריאל װײַנרײַכס מאָדערן ענגליש־יידיש יידיש־ענגליש װערטערבוך האָט זײ אַרײַנגעלײגט אין „חרם" מיט אײנעם פֿון די סימנים פֿון „פּגם": ● אױף „אַ ספֿק צי דערלאָזלעך אין דער כלל־שפּראַך" און רחמנא לצלן, ▼ אױף „ניט־דערלאָזלעך אין דער כלל־שפּראַך" (א. װײַנרײַך 1968: xl).

להיפּוך צו אַזעלכע עקספּערימענטאַלע זשורנאַלן װי יידישע שפּראַך און אױפֿן שװעל, װאָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַן עקסטרעם פּוריסטישע שיטה װאָס איז דעם לײענער גוט באַקאַנט, איז אַ װערטערבוך אַ װערק פֿאַרן כ ל ל, און

דערמיט אַליין איז דער צוגאַנג אין אַ ווערטערבוך פרינציפיעל אַנדערש. אוריאל וויינרייכס ווערטערבוך איז אַ גרויס וויסנשאַפטלעך ווערק, וואָס האָט אויפגעטאָן אַ וועלט מיט גוטס פאַרן לימוד פון יידיש. אינעם ווערטערבוך קומט צום אויסדרוק אוריאל וויינרייכס גאונות אויך ווי אַ טעאָרעטישער לינגוויסט. ס'איז צו זען אין דער סעמאַנטיק, אין דער סטרוקטור און אין דער מאָס גראַמאַטישע אינפאָרמאַציע, וואָס ליגט אַריינגעפרעסט צווישן זיינע טאָוולען. מ'מעג אָננעמען דעם ווערטערבוך פאַר איינעם פון די גרעסטע אויפטוען פון דער יידישער לעקסיקאָגראַפיע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און בשעת מעשה זיין מחולק מיט דער סטיליסטישער איינשטעלונג פונעם ווערטערבוך (פגל. ה.־ד. קאַץ 1991ב).

דער ענין „פסלען ווערטער" אין ווערטערבוך איז אָבער אַ היפשער פגם. נאָך פאַרן צוקומען צו די ווערטער גופא דאַרף מען זיך אָפשטעלן אויפן גרויסן חידוש, אַזאַ גאון ווי אוריאל וויינרייך זאָל פסלען אמתע ווערטער וואָס זיינען אַזוי אָנגענומען סיי אין גערעדטן יידיש, סיי אין דער ליטעראַרישער שפראַך. די מיסטעריע ווערט נאָך גרעסער אַז מ'נעמט אין באַטראַכט אַז אוריאל וויינרייך אַליין האָט אַ גאַנץ לעבן בכלל ניט געשריבן „יענעם יידיש" וואָס אין ווערטערבוך. אַז ער האָט גערעדט וועגן אַ 'שטאַנדפונקט' האָט ער עס אָנגערופן: שטאַנדפונקט (א. וויינרייך 1960א: 50, 53). און אַז ער האָט געוואָלט אויסדריקן דעם באַגריף 'דאַנקבאַר' האָט ער געשריבן: דאַנקבאַר (1960ב: 86). וואָס נאָך דאַרף מען אַז אין זיין אייגענעם „אַ וואָרט פריער" אין ווערטערבוך ג ו פ א נוצט ער אויפריכטיק (ז. ט), וואָס ווערט אין ווערטערבוך באַצייכנט מיט אַ גרויסן שוואַרצן ●.



נמצא אַז אוריאל וויינרייך האָט אָנגענומען די קריטיק וואָס שעכטער האָט אויסגעדריקט אין פריערדיקע יאָרן צו זיין, וויינרייכס, יידיש. אַז אוריאל וויינרייך האָט צוגעגרייט דעם יידישן חלק פון ווערטערבוך פון די זיבן וועלט שפראַכן פאַר דער ענציקלאָפעדיאַ בריטאַניקאַ, האָט אים שעכטער אַטאַקירט אַלמאַי ער האָט דעמאָלט, סוף פופציקער יאָרן, אַריינגענומען אַזעלכע „דייטשמעריזמען" ווי אָנשליסן זיך, באַזיגן, באַהערשן, ביישפיל, ענלעך, צאָלרייך, צופאַל, קינדהייט (שעכטער 1959: 104). שעכטער האָט אים נאָך אויסגעזידלט אַלמאַי ס'איז דאָ אין ווערטערבוך צייט־פאַרטרייב:

> איי, די דייטשן נוצן Zeitvertreib ? ווילן מיר דאָך טאַקע רעדן יידיש און ניט דייטשיש!

(שעכטער 1959: 104-105)

ביים סאַמע סוף פון זיין לעבן, אינעם ענגליש־יידישן יידיש־ענגלישן ווערטערבוך, האָט אוריאל וויינרייך אָבער אַפנים גאָר אָנגענומען שעכטערס שפראַך חוש, און אינעם „וואָרט פריער" האָט ער באַמערקט אַז „מער ווי וועלכער עס איז אַנדער פאַקטאָר האָט די מוסר־נפשדיקע, בקיאותדיקע מיטהילף פון פראָפעסאָר מרדכי שעכטערן פאַרזיכערט, אַז אין ווערטערבוך זאָל זיך אָפשפיגלען דער בעסטער מאָדערנער באַנוץ" (א. וויינרייך 1968: י). נעמענדיק אין באַטראַכט: ערשטנס, אַז אוריאל וויינרייך אַליין האָט זיין גאַנץ לעבן נ י ט געהערט צו דער עקסטרעמער „וואָס ווייטער פון דייטש" שיטה; צווייטנס, אַז ער איז געווען שווער קראַנק ביים סוף פון זיין לעבן; און דריטנס, אַז דער ווערטערבוך איז אַרויס נאָך זיין טויט,

בלייבן בײַ דער גאַנצער פראַגע פון אוריאלס „תשובה טאָן" אַ ריי פראַגע⸗צייכנס. ס׳וואָלט געווען אַ ריזיקער בייטראָג צו דער געשיכטע פון דער יידישער סטיליסטיק אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ווען סיי בינה ווײַנרײַך סיי מרדכי שעכטער זאָלן אָנשרײַבן אַ קאַפּיטל זכרונות וועגן דעם גאַנצן ענין, עם אויפצוקלערן פאַר דער געשיכטע.

אָט איז אַ רשימה פון ווערטער, וואָס ווערן „געפּסלט" אין אוריאל ווײַנרײַכס ווערטערבוך, אָדער מיט ● אָדער מיט אַ ▼. מיר האַלטן זיי פאַר גוטע יידישע ווערטער, אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע יידישע ווערטער; פונקט ווי בײַ אַנדערע ווערטער, זײַנען דאָ אַזעלכע וואָס פּאַסן זיך בעסער צו געוויסע סטילן.

אָבערגלויבן. אויגנבליק. אויסברוך. אויסבילדונג. אויסדריקן. אויסוואַל. אויסווײַלן. אויסזיכט. אויסנאַם. אויסער. אויסער דעם. אויסערלעך. אויסערן⸗. אויספירלעך. אויסשפּראַך. אויפגאַבע. אויפגעבן. אויפגערעגט. אויפמערקזאַם. אויפמערקזאַמקייט. אויפריכטיק. אויפריכטיקייט. אויפרעגונג. אויפרעגן זיך. אומבאַדינגט. אומבאַזיגלעך. אומגאַנג⸗שפּראַך. אומגליק⸗פאַל. אומגעפער. אומגערן. אומדאַנקבאַר. אומדערהערט. אומזין. אומענדלעך. אומענדלעכקייט. אומפאַראַנטוואָרטלעך. אומפאַרשטענדלעך. אומשטערבלעך. אומשטערבלעכקייט. אונטערבאַוואוסטזיין. אונטערבאַוואוסטזיניק. אונטערדריקונג. אונטערדריקן. אונטערדריקער. אונטערזוכונג. אונטערזוכן. אור⸗. אוראַלט. איבונגען. איבעראַל. איבערראַשונג. איבערראַשן. אויבערפלעכלעך. אײַננאַרטיק. אײַננטלעך. אײַנגשאַפט. אײַנגיין (׳נאָכגעבן׳). אײַנגעשלאָסן. אײַנדרוק. אײַנזאַם. אײַנזאַמקייט. אײַניקע. אײַנלאַדונג. אײַנלאַדן. אײַנפאַך. אײַנפלוס. אײַנפלוסרײַך.



אײַנקלאַנג. אין אַלגעמיין. אינערלעך. אַלזאָ. אַלטערטום. אַלס. אַם. אָנגעהעריקייט. אַנונג. אַנטדעקונג. אַנטדעקן. אַנטציקן. אַנטמוטיקן. אַנטשולדיקן (זיך). אָנשטענדיק. אָנשטענדיקייט. אָנשליסן זיך. אַרבעטזאַם. אַרויפצווינגען. אַרט.

באַאײַנפלוסן. באַגיין. באַגרײַפן. באַדײַטונג. באַדײַטן. באַדינגונג. באַהערשן. באַזונד. באַזוכן. באַזוכער. באַזיגן. באַזיץ. באַזיצן. באַזיצער. באַטאָנען. באַלאַנגען. באַערן. באַצווינגען. באַרירן. באַשטאַנדטייל. באַשלוס. ביטע. בײַלאַגע. בײַשפּיל. בילדן. בינע. בירגער⸗קריג. בלײַפעדער. בלײַפענדל. ברויכן. ברוכטייל. ברוכצאָל.

גאָטלאָז. גוטהייסן. גיפט. גיפטיק. גלאָררײַך. גלײַכבאַרעכטיקט. גלײַכגעוויכט. גלײַכצײַטיק. געבורטסטאָג. געביט. געבער⸗מוטער. געברויך. געברויכן. געהאַלט. געהיים. געוואַגט. געוואוינהייט. געלונגען. געפאַר. געריכטלעך. גערן. גראַדע. גרויזאַם. גרינדונג. גרינדן. גרינדער. גרינטלעך.

דאַן. דאַנקבאַר. דאַנקבאַרקייט. דאָפּלט. דורכזיכטיק. דורשט. דיכטונג. דערוואַרטונג. דערוואַרטן. דערווײַלן. דערלײַדיקן. דערמאָרדונג. דערמאָרדן. דערמוטיקונג. דערמוטיקן. דערמעגלעכן. דערנידעריקונג. דערנידעריקן. דערנערונג. דערנערן. דערפאָלג. דערפאַרונג. דערפאַרן. דערפינדונג. דערשטוינונג. דערשטוינט. דערשטוינען. דערשיטערונג. דערשיטערן. דערשײַנונג. דערשײַנען. דרוקפעלער.

האַנדלונג. האַנדלען (׳אויפפירן זיך׳). האַנדלען זיך. האַנטשריפט. האַס. האַסן. האַפן. האָפענונגסלאָז. הײמלאָז. הײַנט צו טאָג. הילפלאָז. הילפס⸗. העכסט (׳זייער׳). העפלעך. העפלעכקייט. הערשאַפט. הערשן.

וואַגן. וואַרע. וואונטש. ווידמונג. ווידמען. ווידערדערווײַלונג. ווידערשטאַנד. ווײַטזיכטיק. ווירקלעכקייט. וועכנטלעך. ווערטפול.

זאָרגלאָז. זיג. זינגרייך. זיגן. זיגער. זילב. זין (׳זינען׳). זעלבסטמאָרד. זעלבסטמערדער. זעלבסטפאַרשטענדלעך.

טאָפּלפּונקט. טויפונג. טויפן. טעטיק. טעטיקייט.

יידנטום. יעדנפאַלס.

לאַגע. ⸗לאָז. לאַנדווירטשאַפט. לאַסט⸗אויטאָ. לויערן. לייד טאָן. לייזונג. לייזן. לייכטזיניק. לייכטזיניקייט. לעכערלעך.

מאַן (׳מאַנסביל׳). מאַסשטאַב. מאָרדן. מוט. מוטיק. מיטלמעסיק. מיספאַרשטענדעניש (עס שטייט נאָר: מיספאַר⸗שטייעניש). מעסיק. מעסיקייט. מערהייט. מערץ.

נאָכפאָלגן. נאָכפאָלגער. נאָכפאָלגערשאַפט. נידערטרעכטיק. נייגונג. ניצלעך.

עגיפּטיש. עגיפּטן. עטוואָס. ענד. ענדגילטיק. ענדערונג. ענדערן. עקל. עקלהאַפט (עס שטייט: עקלדיק). עקלען.

פרעכטיק.

פאָלקסטימלעך. פאָלקסטימלעכקייט. פאַראַכטונג. פאַראַכטן. פאַראַנטוואָרטלעך. פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פאַרבאָט. פאַרבאָטן. פאַרגאַנגענהייט. פאָרגייער. פאַרגיפטונג. פאַרדאַכט. פאַרדאַמען. פאַרדעכטיק. פאַרהעלטעניש. פאָרוואָרט. פאַרוואונדן. פאָרוואָרף. פאַרוויסטונג. פאַרוויסטן. פאַרווירקלעכן. פאָרזיכטיק. פאַרלויף. פאַרלוסט. פאָרם. פאַרנאַכלעסיקן. פאַרניכטן. פאַרענדערונג. פאַרענדערן. פאַרעפנטלעכן. פאַרפאָלגונג. פאַרפאָלגן. פאַרפליכטונג. פאַרפליכטן. פאָרקומען. פאַרראַטן. פאַררעטער. פאַררעטעריש. פאַרשווינדן. פאָרשלאָגן. פייערן. פלאַנץ. פלאַנצן. פליכט. פליסן. פריציייטיק.

צאָלרייך. צווידייטיק. צווייפל. צווייפלען. צוועקמעסיק. צוזאַמענהאַנג. צויבער. צוקונפט. צוקונפטיק. צוריקגעהאַלטן. צוריקגעהאַלטנקייט. צושטאַנד. ציגאַרעט. צייטווייליק.

קונד. קורצזיכטיק. קייסערלעך. קין. קינדהייט. קירך.



קירכלעך. קלעטערן. קעגנזאַין. קעגנזייטיק. קעגנזייטיקייט. קעלנער. קריין. קרייצונג. קרייצוג. קריסטנטום. קרעפטיק.

רוים. רונד. רייזע. רייף. רעדאַגירן. רעטונג. רעטער.

שאַנדע. שוואַנגערן. שוואַנגערשאַפט. שוואונג. שוישפיל. שוישפילער. שול⸗וועזן. שוץ. שטאַנדפונקט. שטאָק. שטוינונג. שטוינען. שטוינענדיק. שטייגן. שטילשטאַנד. שילדערונג. שילדערן. שילער. שלאָפלאָז. שלאָפלאָזיקייט. שראַנק. שריט. שריפטשטעלער.

אַנדערע „געפּסלטע ווערטער“ זיינען היינט אַרכעאיש געוואָרן און וואָלטן געדאַרפט סטיליסטיש באַצייכנט ווערן אַלס ווערטער וואָס זיינען געווען פּאָפּולער אין דער פּרעסע און אין די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס (גענאָסע, ווידערהאָלן, פּיליכט). נאָך אַ גרופּע טרעפט מען אין ניט⸗ליטעראַרישן יידיש (דענקען ׳מיינען׳, טאַנטע, שטונדע). אַכלל: די „געפּסלטע ווערטער“, פּונקט ווי אַלע יידישע ווערטער, שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנצע ריי סטילן. אָנווייזן אויף סטיליסטישע אייגנשאַפטן, מהיכא תיתי. נעמען און פּסלען סתם צוליב היסטאָרישן יחוס איז אָבער קיין גאַנג ניט.

## ס׳האָבן דאָס וואָרט די שרייבער

ווייל מען זיך דערגרונטעווען צו אַ פּערספּעקטיוו, דאַרף מען שטעלן אָט וועלכע קשיא: וואָס פאַראַ פּנים וואָלט עס האָבן ווען העברעאישע פּוריסטן, אַשטייגער, וואָלטן וועלן

אַרויסוואַרפֿן פֿון דער ליטעראַרישער העברעאישער שפּראַך ווערטער וואָס זײַנען באַליבט בײַ ביאַליק און עגנון, און פֿאַרבאָטן יונגע שרײַבער זיי צו נוצן? אָדער, לאָמיר אָנכאַפּן, אַז אַ גרופּע ענגלישע נאָרמאַטיוויסטן וואָלטן געקעמפֿט קעגן די ווערטער פֿון העמינגוועי און אָרוועל? אין סאַמע בעסטן פֿאַל, וואָלט דאָס געווען אַ גרופּע נישקשהדיקע עקסצענטריקער, וואָס קהל איז צופֿרידן וואָס דעם ירגזון מיט די מאַכט־קאָמפּלעקסן לאָזט מען גאָט־צו־דאַנקען אויס צו די ווערטער — על העצים ועל האבנים — און ניט צו די בני עיר.

און בײַ אונדז? אונדזערע פּוריסטן האָבן אויפֿגעבויט מעכטיקע קאַרטאָטעקן מיט וועלכע זיי באַווײַזן אַז די ווערטער וואָס זײַנען בײַ זיי באַליבט (נעאָלאָגיזמען, דיאַלעקטיזמען, אַרכעאיזמען) האָט עמעצער שוין גענוצט, זאָל זײַן — אין טייל פֿאַלן — זיי אַליין אָדער שרײַבער אויף וועלכע זיי האָבן געדריקט מיט בריוו, קאָמיסיעס, קאָמיטעטן, ליגעס און כּיבודים (פֿגל. סדן 1979ב: 257). היות ווי קיינער לייקנט ניט אַז מ'קען ערגעץ געפֿינען אויך ייִענע ווערטער, האָט מען דערמיט באַוויזן אַז: וואַסער איז נאַס. קאַרטאָטעקן ווערן אַ וויסנשאַפֿטלעכער מכשיר בלויז דעמאָלט ווען זיי ווערן באַנוצט אָביעקטיוו, ד.ה. אויף צו ווײַזן ביידע זײַטן פֿון אַ מטבע, ניט ווי פּראָפּאַגאַנדע מיטלען אויף פּוריסטישער טענדענציעזקייט.

די פֿראַגע דאַרף מען שטעלן פֿאַרקערט: פֿאַרוואָס זשע דערציילן אונדז ניט די קאַרטאָטעקן וועגן דעם אַלעמען וואָס מען „פּסלט"? צי ווערן די „דײַטשמעריזמען" באַנוצט אָדער ניט באַנוצט דורך די גרויסע ייִדישע שרײַבער פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? בײַ אַ פֿראַגע איבער אַ וואָרט,



צי איז עס אַ ליטעראַריש וואָרט, ד. ה. אַ וואָרט וואָס איז צוגעפּאַסט צו אונדזער ליטעראַרישער שפּראַך, האָט ניט קיין שום שייכות אויפֿצואַווײַזן אַז אַנדערע ווערטער זײַנען אויך בנמצא. ס'האָט אויך ווייניק שייכות מיט סטאַטיס־טיק. סטאַטיסטיק איז אויפֿן אָרט בײַ אַ שטודיע וועגן דער פֿאַלנדיקער אָדער דער שטײַגנדיקער פּאָפּולערקייט פֿון אַזאַ און אַזאַ וואָרט, ניט בײַ דער פֿראַגע, צי מעג מען אַ וואָרט נוצן אין אונדזער ליטעראַטור שפּראַך, צי ניט. בײַ ענינים פֿון מותּר און אָסור, קען אַ פּסק נאָר אָננעמען צוויי פּנימער: כּשר און טרייף.

וואו נאָר מ'עפֿנט אַ בוך פֿון די מײַסטער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, געפֿינט מען בארבע כּנפֿות הדף — די „ווערטער אין חרם".

אָפּאַטאָשו: „נישט געוואָלט אויף זיך ציען די אויפֿמערקזאַמקייט"; „איר פֿאַרגאַנגענהייט וויקלט זיך פֿאַנאַנדער" (1927: 81, 95).

באָרײַשאָ: „שונא מײַנער, פֿײַניקער, פֿאַררעטער — וואָרט. \ העלפֿער מײַנער, אויסלייזער און רעטער — וואָרט" (1929: 380).

באַשעוויס: „וואָס רופֿט אַרויס דעם נאָענדיקן טרויער, דעם פֿאַרלאַנג צו זעלבסטמאָרד, די לאַנגווײַל, די גלײַכגילטיקייט צו דער משפּחה, די כראָנישע קריגערייען מיט הדסהן, וואָס נעמען אָן דעם כאַראַקטער פֿון אַ משוגעת?"; „כ'בין דער גרינדער פֿון אַ געזעלשאַפֿט צו פֿאָרשן מעטאַפֿיזישע דערשײַנונגען" (1950: II, 643, 629).

בערגעלסאָן: „זי האָט באַדאַרפֿט עפּעס טאָן, כּדי צו באַפֿרײַען זיך פֿון איר איצטיקער לאַגע, און האָט נישט

נעוואוסט וואָס"; „אין משך פון דער גאַנצער אַכצן־שעהדיקער באַן־רייזע האָט זי זיך געפילט אַזוי גרינג און פריש, גלייך ווי פיל פון אירע אַמאָליקע און איצטיקע האָפענונגען הענגען אָפּ דווקא אָן דער נסיעה, און גלייך ווי פון איצט אָן הייבט זי אָן צו לעבן פונסניי, לחלוטין פונסניי". (1923: 19, 73).

**גלאַטשטיין**: „אַן אַלטער, דאַרער בוים, אַן איינזאַמער, \ אויף מיילן און מיילן, \ שטייט איבערן קוואַלכל געבויגן \ און וויינט זיינע בלעטער אין שוואַרצן קוואַלכעל אַריין"; „דער אייבער־האַר האָט מיט דעם הימל־בלוי \ די גאַנצע ערד אַרומגערינגלט \ און ניטאָ קיין רעטונג" (1920: 51, 61).

**גראַדע**: „בית־יוסף האָט זיך ברייט ביים רב אין שטוב צעלייגט, \ ווי די לוויים רונד אַרום דעם אוהל מועד"; „ס'פאַרמאָגט דער יצר־הרע שמד־שטיק די והותר. \ אַ ביסל גאווה, זאָגט ער, איז ניט קיין געפאַר, \ ביז ס'ווערט פון קליינעם שד אַן אַשמדאַי אַ גרויסער" (1977: 6, 7).

**גרינשפּאַן**: „עס שפּרייטן פעלדער זייער אויפגע־פּראַלטע רייפקייט \ קעגן פרילינגדיקער זון \ און בענקען נאָך פאַרזייאונג"; „איצט — \ אויף אַ נאַקעטן פעלז \ ווי אויף אַ גיגאַנטישן צאָן \ פון אַ פאַנטאַסטישער, גרויזאַמער חיה, \ וואָס שפּיצט זיך מיט רוגזא אַרויף צו דער זון, \ וואָס איז שטעקן געבליבן אינמיטן צעפּריעטן הימל" (1931: 11, 34).

**דילאָן**: „דאָך ווערסטו געלייטערט און ס'לויכט דיין געזיכט, \ ווייל אין דיר זינגט די ווייט און רופט ווי אַ פלייט. \ נאָר דו ווייסט ניט וויסן, ווי ווייט זי פאַרגייט, \ און אַלץ אין דער ווייט פאַרשווינדט און צעקריכט"; „נאָר עס ווייט



אַזויפיל פרייד פון יעדן פלאַנץ און בלימל, \ און פון יעדן ווערעמל, וואָס אָטעמט קוים, \ עס איז ברייט די ערד, אומענדלעך איז דער הימל, \ נאָר איך בין נאָך אומענדלעכער מיט מיין וואונדער, מיט מיין טרוים" [נ.ב. דער לעצטער ציטאַט איז פון דילאָנס לעצט ליד, „פאַרוואָס?", וואָס מעינקע קאַץ האָט אָפּגעשריבן פון זיין מויל ביי זיין טויטנבעט, אָנהייב אָקטאָבער 1934] (1935: 91, 92).

**משה־לייב האַלפּערן**: „נאָר דער לענדלאָרד ביינאַכט, דער אָרעמער מאַן, \ חלומט פון רויטע בערן. \ ער זעט אַ געשפּענסט אין אַ רויטן טורבאַן — \ מיט די בערן אין אַ פייערנעשפּאַן — \ און ער קען ניט אַנטשלאָפן ווערן" (1934: 45).

**הירשביין**: „זאָל די וועלט אַפילו פון דעם קיין אַנונג נישט האָבן, אָבער ער ווייסט דאָך, אַז זיין מהות ווערט אָנגעקוואָלן"; „אַפילו זי באַגרייפט שוין אויך, אַז אַ רעוואָלוציע איז נישט קיין מלחמה" (1930: 91).

**לייוויק**: „מיך עקלט פון מיין לייב, \ פון מיינע אויגן די פאַרגלעזערטע, \ און פון מיין שטום־לשון דעם פינצטערן"; „דיין גאַנץ לעבן איז נאָר איין דערוואַרטונג \ אויף יענע רגעם, ווען דו ווערסט מיר נייטיק" (1922: 132, 168).

**לעיעלעס**: „דייטשער מאָרד־מבול, ווענזאָוויזסן טעוווטאָנישער טעראָר; \ רוסלאַנדס אוראַכזריותן, מיט נייסטן רוזש פאַררונדיקט"; „ווי דאָס לעבן — אָט אַזאַ דער לויף פון דעם, וואָס כ'שילדער: \ דאָ אַ נעענטערער אַריינ־קוק, דאָרט אַ ווייטער בליק; \ פינצטערע פאַרדראָסן, ליכט פון מענטשלעכקייט פון מילדער" (1962: 76, 77).

מאָלאָדאָווסקי: „הערן פעלדער אויפמערקזאַם זיך צו צו מיינע רייד \ און ענטפערן מיט שטילקייט און מיט דורכזיכטיקן רוים, \ קומען מיינע ווערטער צוריק צו מיר צו פליען \ און פאַלן צו, ווי זומערפייגעלעך צום קלייד" (1927: 209).

מאַני לייב: „שפּעט ביינאַכט אין שוואַרצע האָלן זעט מען יונגע מיידלעך לויערן, \ קומען איינציקווייז און פּאָרווייז יונגע „טאַפּים" שטיל אַהין, \ טרינקט מען „וויסקי" מען צעברענט זיך, מען פאַרגעסט אין לעבן טרויערן, \ קליידלעך פלאַטערן, בריסטלעך ברענען, ליפּן זויגן אָן אַ זין"; „וואָלט ער כאָטש געהאַט ציגאַרעטלעך, \ וואָלט ער איצט גערייכערט זיי שנעל — עס ברענט איצט אין פלאַמען דער וואַסער, \ דער הימל שיסט ליכט־שטראַלן העל" (1937: 9).

מאַרקיש: „דער פאַרוואונדעטער איז געלעגן אָן באַוואוסטזיין"; „פּאַסטעכער ווערן ביי אונדז גרויסע גע־לערנטע, דערפינדער, און זיי מאַכן באַרימט אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד אויף דער גאַנצער וועלט" (1939: 20, 98).

נסתר: „מיר וועלן נאָר זאָגן, אַז אַפילו גאָר פאַר אַ גרויסן דאָקטער וואָלט אָט די ענדערונג, ווען ער זעט זי, געווען אַ רעטעניש"; „און ערשט דאָ האָט משה געפּאָלגט דעם ברודערס איינלאַדונג זיך צוזעצן און צו דערציילן דאָס, וואָס ביי אים קומט פאָר די לעצטע צייט אין געשעפט" (1939: 318, 359).

אברהם־משה פוקס: „ס'איז געווען קאַלט און אומהיימלעך אין זיינע ד' אמות"; „האָט זיך עפּעס אַ פרעמדער מאַן אַנידערגעזעצט לעבן מיר אויף דער באַנק" (1961: 19, 37).



פעפער: „אַזוי פּשוט און געוויינלעך, \ אַזוי מאָדנע — אומפאַרשטענדלעך, \ ס'זיצט דיין טאַטע ביי דיין וויגל, \ און זיין ניגון איז אומענדלעך"; „זאָגסט מיר, איך בין די פּרינצעסין \ פון די קרומע געסלעך, \ נאָר דו קאָנסט מיך לייכט פאַרגעסן, — \ דאָס איז פּשוט העסלעך, \ נאָר אַזאַ מין ליבע ליב איך, \ וואָס איז אומפאַרגעסלעך" (1948: 17, 194).

ראַוויטש: „צייט צו פאַרשטיין זיך — דו ביסט אוראַלט. איך אויך נישט מער יונג, \ און צייט שוין צו טאָן אַן ערנסטן רעד"; „דיין פּנים בייט זיך, ווי דאָס הייליקע פּנים פון אַ מענטש, \ האָסט פאַרבאָטן עס דערפאַר צו קריצן אין שטיין, \ און אַזוי ווי עס בייט זיך אייביק דיין פּנים, \ דאַרף אַזוי דיין וואָרט אויך זיין" (1939: 225, 226).

רייזען: „איך, יאָ, איך געטרוי אייך. אָבער איך טאָר עס נישט... — ענטפערט ער געשעפטסמעסיק — עס מוז איינגעשריבן ווערן אין די ביכער, מוז מען געבן מזומנים... איך בין פאַראַנטוואָרטלעך" (1926: 793).

ל. שאַפּיראָ: „אַ פּאָר בלויע אייגעלעך האָבן זיך אַן עפן געטאָן גלייך אַרויף, צו דער בלויער און שווינדלדיק־וויטער אומענדלעכקייט, און פונעם מיילעכל וואָס איז געווען קליין און בלוטיק ווי אַ שניט אין אַ וויינשל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ דין, אויסגעצויגן געשריי — הילפלאָז, רחמנותדיק, מיזעראַבל, ווי דער פּישטש פון אַ קראַנק אָדער הונגעריק פייגעלע. ביי טאָני'ן זענען די אויגן געוואָרן גרויס ווי צוויי רייפע פלוימען" (1935: 335).

שומיאַטשער: „הילפלאָז אויף רוקן געלעגן מיט מאַכטלאָזע הענט \ ווען טעג האָבן אין פריי פונעם סטעפּ געברענט. \ געבוירן אַן עופהלע גרינג ווי אַ שפריי. \ חלום

צערונען אין ערשטן געשריי"; „בינד מיינע שעהן אָן פלוך, אָן פּאָרוואורף — \ זיי מיר דער פייער וואָס צערט, וואָס ברענט, \ ווענד אָפּ דעם טראָט, וואָס סמט און פאַרבלענדט" (1927: 169).

שטאָלצענבערג: „ער איז געווען אַן איינזאַמער מאַן, \ שטאָלץ און צוריקגעצויגן. \ אין ענגן צימער די גרייס פיר שפּאַן, \ האָט ער געשפּאַנט פון דער שוועל צו דער וואַנט, \ און קיינמאָל ניט אַריבערגעשפּאַנט, \ מיט פייער דאָס אָנגעצייכנטע ראָד"; „עס שמעקט דאָס מויל, און פון די ווינקלען \ אַ שטראָם פון ליבשאַפט לויפט האַלב רונד. \ די ציין אין האַלבן שמייכל פינקלען, \ די ליפּן ברענען ווי אַ רויטע וואונד" (1941: 65, 82).

שניאור: „די לעצטע ווערטער האָט ער, מיט געשלאָסענע אויגן, האַלב געמורמלט צו זיך אַליין. און סאָלאַנש, אַנטוישט פון זיין גלייכגילטיקייט צו דער, וועלכע האָט אים ביז אַהער אַזוי טריי געדינט, אַזוי געוויסנהאַפטיק אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט, האָט זיך גיך גענומען אָנטאָן. ער האָט אויף איר איצט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שיכורן . . . באַטרונקען איז ער פון זיין געלונגענער אַרבעט. ער זעט מער קיינעם ניט אַרום זיך און וויל קיינעם ניט זען. בעסער איז איצט אינגאַנצן פאַרשווינדן, איבערלאָזן אים איינעם אַליין" (1948: 128).

כדי ס'זאָל קלאָר זיין, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט אין ווערטער וואָס מ'האָט „דעמאָלט" גענוצט און וואָס זיינען היינט „אַראָפּ", איז כדאַי כאַפּן אַ קוק צי די ווערטער אין חרם טרעפט מען ביי אונדזערע היינטיקע בעלעטריסטן.



אייזנמאַן: „ס'האָט אים פאַרדראָסן די גרינגשעצונג. מען האָט געקענט מיינען פון מי יודע וואָס פאַראַ אַדללייט זיי שטאַמען"; „דאָס אָבער ענדערט ניט דעם פאַקט, אַז קיינער פון די הויכגעשעצטע תושבים פונעם שרייבטיש, קאָן אים ניט פאַרטרעטן אין די אַלע זאַכן וואָס זענען שייך צום טאָגטעגלעכן לעבן" (1992: 113, 114).

בירשטיין: „יעדעס יאָר איז ד.ד.'ס געבורטסטאָג געווען ביי אים אַ תענית"; „דאָרע לעווענסאָן האָט געהאַט אַ שיינע קאַליגראַפישע האַנטשריפט און אַליין איז זי געווען אַ מיאוס מיידל" (בירשטיין 1991: 191, 196).

בערגער: „פון שטענדיק אָן, נאָך פון דער קינדהייט, האָט זי ליב געהאַט צו לייענען אין בעט, בפרט נאָך ווען דער דרויסן דערמוטיקט נישט אויפצושטיין" (1991: 24).

וואָרזאָגער: „מיט מאָדנער, אומפאַרשטענדלעכער פאַרריסנקייט און נסתרער גאווה, קולטיווירן זיי זייער פרימיטיוו — אַן איינגאַרט פון די ווייטע, מיטלאַזיאַטישע מזרח פעלקער" (1992: 121).

וויזעל: „מיר זענען געלעגן איינער לעבן צווייטן און די קערפּערס אונדזערע האָבן זיך אָנגעפילט מיט דערוואַרטונג"; „איך האָב געפילט אַז איך לעב און אַז ס'איז פאַראַן אַ מאָרגן, אַז צוויי מענטשן קענען לעבן נאָענט איינער לעבן אַנדערן און ליב האָבן די נאָענטקייט, אַז מ'קען אויסברעכן אַ טיר אין דער איינזאַמקייט פון מענטשן, און אַז איטלעכער מענטש קען מיט זיין לעבן אָנצינדן דעם פונק וואָס ווערט צומאָל פאַרלאָשן אין אַן אַנדער מענטש, וואָס דאָס לעבן איז אים נמאס געוואָרן" (1990: 25).

חרץ: „דעם איינגאַרטיקן פאַרשוין, \ וואָס טאָג ווי נאַכט דו ביסט פאַרטראַכט \ און פילסט די משא פון אַ

קרוין \ אויף זיך, פאַר קיינעם נישט געדאַכט"; „און פון בויבעריק צוריק \ מיט אַ לופטבאַלאָן, \ נאָך דעם אין איין אויגנבליק \ אין אַ פּאַעטאָן" (1992: 32, 59).

טעלעסין: „נאָכדעם איז פון יעדער איי \ ווי פון האַרטע ווינדעלעך \ אַרויסגעקראָכן כלערליי \ פּיצעמאָנצע הינדעלעך — \ טונקעלע און העלינקע, \ נאָר די מערהייט געלינקע"; „די איינגעשפּאַרטערע פון זיי, \ אויך דעמאָלט ווען די ווינטן שטייגן, \ זיך האַלטן ביזן סאַמע שניי \ אויף די פאַרשטאַרטע הוילע צווייגן" (1992: 26, 37).

לעמפעל: „ווען איך האָב אים ענדלעך אַ פרעג געטאָן, האָט ער מיך אָנגעקוקט, ווי איך וואָלט געווען חסר־דעה"; „צו אָט דעם בילד דאַרף מען קומען אָנגעגורט מיט דערפאַרונג, מיט וויסן, דער עיקר מיט אינטואיציע" (1991: 164).

מאַש: „אומעטום האָט ער געהאַט באַגלייטערס, סיי אין שפּאָר־קאַסע אַרויסצונעמען דאָס געלט זיינס, סיי אין די געשעפטן כדי איינצוקויפן ווערטפולע זאַכן אויף מיט־צונעמען"; „צעברעכט מיך ניט אויף דער עלטער, נעמט נישט צו ביי מיר מיינע געוואוינהייטן, מיינע חברים, מיינע אַלטע גוטע־פריינט" (1992: 16, 18).

סאַנדלער: „וואָס פלעגט אים, אַ קראַנקן, מידן מענטשן, צווינגען יעדן טאָג אַרומטאָפּקען איבער די פאַר־בלאָטיקטע בעלצער גאַסן און ליקלעך, באַזוכן איין שטוב נאָך אַן אַנדערער און ערשט פאַרנאַכט זיך אומקערן אַהיים?"; „פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ זיינען בלויז מיינע ערשטע איינדרוקן — ניט מער" (1986: 36; 122).

סוצקעווער: „פון זינט מ'האָט אין לאַנד אויסגע־רופן אַ טויטאורטייל אויפן פּאַפּיראָס, ווייל זיין רויך, האָט



מען זיך געכאַפּט, האַלט אין טייטן אומשולדיקע מענטשן, איז די קאַפּעטעריע מלכּא ביים ים־ברעג, וואו כ'האָב ליב זיך צו פאַרווינקלען און לייענען פּנימער, אויסגערייכערט געוואָרן פון אירע שטענדיקע רייכערערס"; „אונדזער לייבעלע האָט אויסגעגאָסן פאַר איר זיין האַרץ. דערציילט וואָס מיט אים און זיין כּלה נעמי איז יע און איז ניט פאָרגעקומען" (1990: 214, 217).

סימכאָוויטש: „דיין הילף איז כהרף־עין, \ דיין שטראָף איז גרויזאַם און לאַנג; \ דו פירסט מיך אַרויס פון אַלע \ טאָלן פון טויט און פאַרגאַנג"; „אינעם טונקלבלאָ, וואָס זיך שפּרייט \ איבערן חלל ווייט און ברייט. \ אַ שטערנלאָזע נאַכט קומט אָן, \ כמאַרעדיק, אין זיך פאַרטאָן" (1990: 58, 78).

עלבערג: „פאָרוואָס האָט ער זי געלאָזט אַנטלויפן? אַריין און באַלד פאַרשוואונדן מיטן געלט"; „דער צימער איז געווען אויף אַן אייבערשטן שטאָק" (1991: 88, 89).

עסטרייך: „שרייבן שרייבט ער אַ דיסערטאַציע ביזן היינטיקן טאָג. אַ מענטש דאַרף אויסקלייבן פאַר זיך אָט אַזאַ טעמע: 'קוואַנטיטאַטיווע אַספּעקטן פון אונטעררייכטן כעמיע אין דער מיטלשול'! אויב רעדן אויף אַ מענטשלעכן לשון, וויל ער וויזן, וויפל און וואָסערע אויפגאַבעס עס דאַרף לייזן אַ שילער, כדי באַהערשן דעם אָדער יענעם מאַטעריאַל" (1988: 37).

פיין: „בען האָט ווי יעדער פּליט געטראָגן אין זיך אַ פאַרטיליקטע וועלט. פאַרלוסט איז געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין לעבן. און ר'האָט געוואָלט אין דער גרויסער, צענטראַלער וועלט שטאָט, אויפשטעלן אַ מאָנומענט צו דער דאָזיקער דערפאַרונג" (1992: 79).

פ ע ל ז ע נ ב אַ ו ם: „איז ווײ צו מײַנע יאָרן, \ וואָס ס'וועט זיך טאָן בײַנאַכט, \ ווען אָט די צוויי דערפֿאַרונגלאָזע פֿייגל \ וועלן זיך אויפֿהייבן"; „אַלע דײַנע וואַכע נעכט \ אַלע דײַנע טרײסטלאָזע טרערן, \ יעדער טראָפּ פֿון דײַן בלוט, — \ דאָס אַלץ \ איז אײַנגעזאַפּט אין דעם פֿאַרמעט" (1992: 43, 74).

צ אַ נ י ן: „האָט דער טאַטע געענטפֿערט, אַז דאָס וואָס איך פֿרעג איז צווישן די מילי־מיליאַסן סודות וואָס ער אין הימל האָט מגלה געווען בלויז פֿאַר דעם תּנא רבי שמעון בר יוחאי. אַז איך וועל רײַף ווערן און מעגן עוסק זײַן אין די קבלה ספֿרים, וועל איך, ווי ער, מײַן טאַטע, העלפֿן דערגיין אויך דעם סוד פֿון פֿליגל פֿאַר פֿייגל און נישט פֿאַרן מענטש, וואָס ער האָט באַשאַפֿן אין זײַן געשטאַלט"; „צום סוף בין איך געקומען צום אויספֿיר, אַז דער פּסיכאָלאָג גופֿא איז אַ פּאַציענט פֿאַר אַן אַנדער פּסיכאָלאָג. איך האָב נישט געהאַט קיין אונטערדריקטן אונטערבאַוואוסטזײַן" (1992: 20, 22).

קאַ ר פּ י נ אָ װ י ט ש: „דער שױשפּילער אײַזיק סאַמ־בערג, פֿון די ווירדיקסטע אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע צווישן בײדע וועלט מלחמות, איז קראַנק געוואָרן. געשפּילט האָט ער אין דער ראָל פֿון משולח, אין אַנסקיס „דיבוק". אין די דרײַסיקער יאָרן, אין פּוילן, איז אָט די פֿאָרשטעלונג געשפּילט געוואָרן מיט גרויס דערפֿאָלג" (1991: 257).

ק ע ר ל ע ר: „און בלויז די פּוריעס, די ניט גוטע \ האָבן נאָכגעלאַכט \ הינטער די פּלײצעס פֿון אַנטלויפֿנדיקע \ רוצחים און פֿאַררעטער"; „אַזוי ווי דעם זאָמען — די ערד, \ געכאָוועט ·האָב איך אויפֿן שלאַכטפֿעלד \ דעם טרוים איך זאָל קומען אַהער \ פֿון בלוטיקע הימלאָזע שליאַכן" (1992: 53, 55).



ש ע כ ט מ אַ ן: „זי איז, הייסט עס, אַרעסטירט געוואָרן, כּדי אַ סוף מאַכן צו איר קאָנטערעוואָלוציאָנערער טראָצקיסטישער שפּיאָנישער טעטיקייט — ניט מער און ניט ווייניקער!"; „און פּלוצעם פֿאַרשווינדט דער אולי ירחם, און פֿאַר אירע אויגן, אויף דער טיר, דערזעט זי אַ בלוטיקן שאָטן פֿון אַ זקן" (1992: 27, 32).

און לסוף, עטלעכע בײַשפּילן וועגן דעם וואָס עס האָבן טאַקע געזאָגט יידישע שרײַבער וועגן דעם פּוריזם אין משך פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט:

אַלמי:

מאַקס ווײַנרײַך האָט אַמאָל אין אַן אַרטיקל אין דער ביכער וועלט [= מ. ווײַנרײַך 1922 — ה.־ד. ק.] געפֿסלט אַזעלכע ווערטער ווי איבונג, קרײַז א.א. אָנשטאָט קרייז הייסט ער אונדז שרײַבן (און זאָגן) ראָד. נו, קענט איר זיך פֿאָרשטעלן ווי עס וועט קלינגען „עס האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפֿטלעך ראָד", אָדער „אַ דראַמאַטיש רעדל"? [...] די אַלע פֿריער אויסגערעכנטע ווערטער, וואָס זײַנען בײַ ז. קלמנאָוויטשן טרײף־פּסול, זײַנען יידיש, פֿאַריידישט, אַסימילירט אין אונדזער לשון, און אַרויסוואַרפֿן זיי וואָלט געווען אַ פֿאַרברעך. זיי זײַנען נייטיק, ווײַל זיי באַרײַכערן אונדזער לשון און קענען דינען פֿאַר אַן אָפּוועקסלונג (יאָ, אָפּוועקסלונג) בעתן שרײַבן און רײדן, אָנשטאָט איבערצוקײַען עטלעכע מאָל דאָס זעלביקע וואָרט. [...] איך בין מסופּק איז טאַקע יידיש; אָבער כ'צווייפֿל איז נישט ווייניקער יידיש אַן האָט זיך זײַן אייגנאַרטיקע קאָליר און טעם.

(אַלמי 1925: 150)

ציטלין:

אַלזאָ, דאַרף מען די דערמאָנטע פוריסטן צו וויסן טאָן, אַז דאָס וואָרט [אַלזאָ] איז יידיש שביידיש. אַזוי *רעדן* פוילישע יידן.

(ציטלין 1938: 57)

דער רייפער ל. שאַפּיראָ, קוקנדיק שוין צוריק אויף די פאַרשידענע סטיליסטישע עפּאָכעס אין זיין שעפערישער ביאָגראַפיע, בתוכם אַ פוריסטישע, האָט געמאַכט אַזאַ מין סך⸗הכל:

די ברירה איז געווען דייטש — דאָס הייסט, דייטשמעריש. עס איז טאַקע געווען אַ געפאַר פאַרפלייצט צו ווערן פון פרעמדע ווערטער, און דערפון האָט זיך גענומען מיין איבערגעטריבענער פוריזם. [...]
ביסלעכווייז — ביסלעכווייז — ביסלעכווייז האָט זיך מיין יידיש באַפרייט פון די פענטעס. איך האָב ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז אַ שפּראַך איז אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אַ באַשעפעניש וואָס איר לעבן באַשטייט אינעם באַשטענדיקן, אומאויפהערלעכן *אויסטויש פון שטאָפן*: זי נעמט אַריין, אַרבעט איבער און פאַרדייט וואָס עס לאָזט זיך — און וואַרפט אַרויס דאָס וואָס פאַר איר איז אָפּפאַל. אויך האָב איך באַגריפן, אַז עס איז קיין שכל ניט סתם צו זאַמלען ווערטער ווי אַ וואָראָנע זאַמלט און טראָגט אין איר נעסט שטיינדלעך און שטיקלעך גלאָז, הגם זי קאָן בלא יודעים אַריינפּאַקן אויך אַ דימענט, וואָרעם — וואָס ווייסט אַ וואָראָנע? . . . די שפּראַך הייבט זיך אָן נישט פונעם וואָרט, נאָר פונעם זאַץ, פּונקט ווי מוזיק הייבט זיך אָן נישט פון דער איינצלנער נאָטע, נאָר פונעם אַקאָרד. [...]

(שאַפּיראָ 1945: 14-17)



# די פערספּעקטיוו פון צייט

דער שטח פון *צייט* איז דער וויכטיקסטער תחום, ביים באַטראַכטן דעם ניי⸗דייטשישן קאָמפּאָנעט בכלל (ליטעראַטור, קולטור, שפּראַך וכו׳), און די ווערטער אין חרם בפרט (אויסנאַם, געפאַר, רייזע וכו׳). אין נײַנצנטן יאָרהונדערט זיינען דאָס אַלץ געווען „נייע ווערטער״, אַריינגענומענע פונעם מאָדערנעם דייטש, וואָס זיינען דער פאָלקסשפּראַך געווען שטאָק פרעמד, פונקט ווי יענע פרעסע ווערטער, די וועלכע זיינען היינט פאַרבליבן אַרכעאישע צייטונגס⸗ווערטער (אימער, דיזער, מאָנד).

צו דער טעמע זיינען שייך יענע ווערטער וואָס זיינען *געבליבן* אין יידיש. מיט יעדן פאַרבייגייענדיקן טאָג, חודש, יאָר, זיינען זיי געוואָרן מער און מער יידיש. היינט צו טאָג האָבן די אַלע ווערטער (אויסער אין די אויסבויאיסטישע קרייזן וואו מ׳מאַכט אַ טאַראַראַם פון זייער אָפּשטאַם און מען „פּסלט״ זיי) קיין שום ביי⸗טעם ניט פון „פרעמדקייט״. אָט דער פּראָצעס פון פולשטענדיקער איינבירגערונג אין דער סטרוקטור פון דער שפּראַך, איז אין תוך גענומען ניט אַנדערש איידער דער לעבנסוועג פון אַלע יידישע ווערטער: וואָס לענגער זיי געפינען זיך אין אונדזער שפּראַך, אַלץ מער אינטעגרירט ווערן זיי מיט אַלע אַנדערע ווערטער פון אַלע היסטאָרישע קאָמפּאָנענטן און מיטן לשון גאַנצערהייט. דער מהלך איז אַ מהלך וואָס פירט פון פרעמדוואָרט צו וואָרט, פון ניי וואָרט צו אַלט וואָרט.

די געשיכטע פונעם פוריזם (און עווענטועלן אויסבויאיזם)

צווישן יידישע נאָרמאַטיוויסטן אין דער צווייטער העלפט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שטעלט מיט זיך אָבער פאָר אַ פראָצעס, וואָס פירט פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג איידער די געשיכטע פון דער שפראַך גופא. אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָרהונדערט, איז דער פוריזם געווען אַ רעאַקציע קעגן דער ניי⸗הויך⸗דייטשישער פאַרפלייצונג אין דער שפראַך פון דער פרעסע. נאָכדעם ווי יענע פאַרפלייצונג איז אָפגעטראָטן, האָבן די פוריסטן אָבער ניט שלום געמאַכט מיט יענע אַלע ווערטער וואָס זיינען אַריין אין ניי⸗דייטשישן קאָמפאָנענט אין יידיש, אלא וואָדען, זיי האָבן גענומען פירן קעגן זיי נייע מלחמות.

דער סאַמע אַבזורד: אויף דער שוועל פון איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַן ערך הונדערט יאָר נאָכדעם ווי עמעצער האָט דאָס לעצטע מאָל בכלל גענומען אַ וואָרט פון דייטש און עס אַריינגעפירט אין יידיש, אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָך אונדזער חורבן, אין אַ תקופה ווען מ׳דאַרף שטאַרקן די דעמאָגראַפישע און אינסטיטוציאָנעלע יסודות פון דער שפראַך אָנשטאָט אויסזוכן אין איר פנימות, פירט מען גאָר נייע מלחמות „אויסצורייניקן” יידיש פון מאַסעס מיט ווערטער וואָס זיינען באַליבט ביי אונדזערע גרעסטע שרייבער. לא די וואָס מ׳פירט מלחמות קעגן די ווערטער, מ׳אַטאַקירט אויך פערזענלעך יעדן וואָס דערוועגט זיך אַרויסזאָגן אַן אַנדער מיינונג. אויף מיין ערשטן אַרטיקל דערוועגן (ה.⸗ד. קאַץ 1991ב), האָט זיך פריינט שעכטער אָפגערופן מיט אַן אַרטיקל עלף פאָליאָ קאָלאָנעס די לענג, וואו עס שוועבן די וואָלפיש⸗פערל „אומאמתן”, „גניבת דעת”, „פינף און דרייסיק יאָריקער יונגערמאַנטשיק”, „עגאָ⸗



מאַנישער בעל⸗גאווהניק” א. א. (שעכטער 1991–1992: 36, 37). ביי זייטיקע איז נאַטירלעך אויסגעקומען מאָדנע וואָס אַ הילוקי דעות איבערן היינטיקן סטיליסטישן מעמד פונעם ניי⸗דייטשישן קאָמפאָנענט אין יידיש זאָל אַרויסרופן אַזאַ עמאָציאָנעלן אָפרוף. כאַראַקטעריסטיש איז עס אָבער פאַר דער מעטאָדאָלאָגיע פון דער אויסבויאיסטישער מחנה, וואָס בויט זיך אויף אָפשרעקן אונדזערע שרייבער, בכדי זיי זאָלן ניט נוצן די ווערטער אין חרם, און פאַרקערט זיי זאָלן יאָ נוצן די אויסבויאיסטישע פאָרשלאַגן (זע אונטן, זז. 229–239).

דעם האַרבסטן עונש ווענדט מען אָבער אָן קעגן די וואָס וואָגן אַרויסזאָגן אַ צווייטע מיינונג. פריינט שעכטער רופט זיינע שילער צו אַ פערזענלעכער מלחמה, ניט קעגן שונאים פון יידיש, נאָר קעגן דעם כופר בעיקר הירשע⸗דוד קאַץ וואָס איז באַגאַנגען דעם חטא הקדמון: געשריבן אַן אַרטיקל א.ט. „אַ שטעקעלע אַריין, אַ שטעקעלע אַרויס, די דייטשמערישע געפאַר איז — אויס” (ה.⸗ד. קאַץ 1991ב).

> דוד קאַצן וועט גאָרנישט נישט שאַטן, אַפילו נישט די אומברחמנותדיקסטע שפראַכיקע און וויסנשאַפטלעכע דעמאַסקירונג. ס׳איז גאָר אַ מצווה, וכל המרבה הרי זה משובח.
> (שעכטער 1991–1992: 38)

שעכטער פאַרגינט זיך דאָרטן אויסצולאַכן מיין ווינטשן מיין פאָטער מעינקע קאַץ „ביז הונדערט צוואַנציק” האָרט פאַר זיין טויט (ז. 40), אויך מיין קדיש⸗עסיי וואָס איז אַרויס באַלד נאָך זיין טויט (זז. 39–40).

פאָלעמישע ענטפערס קען מען לייכט אויסזוכן פון פינגער. דאָ איז פאַראַן אַ מער יסודותדיקע סיבה: די שפראַך

גייט אין איין ריכטונג און די אויסבויאיסטן ווילן זי בגוואַלד שלעפּן פּונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. זיי ווילן דאָס צוליב פּערזענלעכע דייטש⸗קאָמפּלעקסן וואָס זיי פּרובירן פאַרוואַנדלען אין אַ חוק ולא יעבור פאַר אַ גאַנצער שפּראַך. ווי מיר האָבן געזען, זיינען די דאָזיקע ווערטער גראַדע כשר וישר ביי די גיגאַנטן פון דער יידישער ליטעראַטור און ביי אַלע היינטיקע שרייבער וועמען זיי האָבן ניט באַוויזן אָנשרעקן. אָט דאָס בקיצור, איז דער קאַטאַסטראָף פון דער יידישער שפּראַך פּלאַנירונג סוף יאָרהונדערט: דאָס „פּסלען" די שפּראַך פון די פּרינצן פון אונדזער ליטעראַטור, און פּראַלן ביים היינטיקן עולם עלטערע, אָפּט עלנטע, אַנט⸗מוטיקטע יידישע שרייבער, אַז דאָס נעמט זיך פון „וויסנ⸗שאַפט" (פגל. סטעקין⸗לאַנדאַו 1992; ה.⸗ד. קאַץ 1992ב).

אַ באַזונדערער ווייטיק איז עס, וואָס דער ייוואָ דערלויבט אַז אויך זיין זשורנאַל יידישע שפּראַך זאָל אויסגענוצט ווערן אַלס איינע פון די כלים אין דעם אויסבויאיסטישן פּרואוו צו לייקענען אַז עס קען זיין אַ צווייטע מיינונג, און צו באַשמוצן פּערזענלעך דעם בר פּלוגתא. דאָרטן וואו מ׳קען שוין ניט לייקענען. אַז מ׳האָט דאָרטן איבערגעדרוקט מאַקס ווײַנרײַכס „דייטשמעריש טויג ניט" (מ. ווײַנרײַך 1975), פון דער פּערטער העפט פון ווילנער ייוואָ זשורנאַל יידיש פאַר אַלע (מ. ווײַנרײַך 1938ב), האָט מען דעם היינטיקן לייענער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט אַפילו אַז אין דער אַכטער העפט פון זעלביקן יידיש פאַר אַלע איז דערשינען נח פּרילוצקיס תשובה: „מעטאָדאָלאָגישע באַמערקונגען צום פּראָבלעם דייטשמעריש" (פּרילוצקי 1938ד), וואו ער באַוואָרנט קעגן „פּסלען" ווערטער אויפן סמך פון איין פּילאָלאָגס געפיל אַז זיי זיינען רחמנא לצלן דייטשמעריש:



> געפיל — באַזונדערס אין שפּראַך⸗ענינים — איז אַ דורך און דורך סוביעקטיווע דערשיינונג. ממילא קען עס מחייב זיין נאָר דעם, אין וועמען עס לעבט. מער אַבסאָלוט קיינעם נישט.
>
> (פּרילוצקי 1938ד: 201)

דאָרטן וואו מ׳קען שוין ניט „אויסבאַהאַלטן" אַן אַנדער צוגאַנג, דעמאָלט נעמען די אויסבויאיסטן און באַשמוצן פּערזענלעך דעם בר פּלוגתא. דער גרויסער יידישער לעקסיקאָגראַף אַלכסנדר האַרקאַווי, ווערט אָנגערופן „זשאַרגאָניזירער למעשה", אַ מענטש וואָס האָט „ניט געלייענט די שפּראַך מייסטערס פון זיין דור", „חולה" און נאָך (שעכטער 1984–1986: 36, 38). האַרקאַווים גראַנדיעזער יידיש⸗ענגליש⸗העברעאישער ווערטערבוך, וואָס קיין שום אַוואַנסירטער סטודענט פון יידיש קען עד היום ניט אויסקומען אָן אים, ווערט זידלעריש אָנגערופן „האַרקאַווי⸗ליפּשיץ" (דאָרטן, ז. 36), אַ בייזע אָנצוהערעניש אַז האַרקאַווי איז גאָר געווען אַ מין פּלאַגיאַטאָר. טאָ זאָל די זאַך דאָ פאַרריכט ווערן. ווי יעדער געניטער לעקסיקאָגראַף, האָט האַרקאַווי געשעפּט פון זיינע פאָרגייער, און ער האָט ליפּשיציעס יידיש⸗רוסישן ווערטערבוך פּראָמינענט אַקרע⸗דיטירט אין זיין „ביבליאָגראַפיע פון מקורים" (האַרקאַווי 1928: v = 1988: xliv). תיקו בלייבט אַ קשיא, ווי קומט דאָס וואָס דאָס אינקאָרפּאָרירן מאַסעס ווערטער פון ליפּשיץ אין אוריאל ווײַנרײַכס ווערטערבוך ווערט פאַרקערט באַטראַכט ווי די גרעסטע מעלה: „עמערוויז האָט אוריאל ווײַנרײַך געשעפּט דעם אַלטן גוטן וויין וואָס אין ליפּשיצעס ווערטערביכער" (שעכטער 1969א: 242). דער פּאָלאַריש⸗פאַרקערטער אָפּרוף אויף איין און דער זעלביקער דערשיינונג וואַקסט, פאַרשטייט זיך, פון שעכטערס מסכים

זיין מיט ווײַנרײַכס פּוריסטישן צוגאַנג, און זיין מחולק זיין מיט האַרקאַווים דעסקריפּטיוויזם. עס איז, דאַכט זיך, שוין צײַט, אַז חילוקי דעות זאָל מען לערנען אויסדריקן און בשעת מעשה ניט פֿאַרלירן צום אָפּאָנענט דעם דרך ארץ. אויך דער ווילנער ייוואָ האָט זיך כּידוע געהאַלטן בײַ גאָר אַן אַנדער סטיליסטישער אײַנשטעלונג איידער אַלכּסנדר האַרקאַווי. מ׳האָט אים אָבער ניט באַשמוצט אַלס „חולה", „זשאַרגאָניזירער" און מ׳האָט זיין ווערק ניט אָנגערופֿן „האַרקאַווי־ליפּשיץ". מ׳האָט באַגריסט דעם ניו־יאָרקער קאָלעגע און אַרויסגעהויבן זיין „מסירת נפש", זיין „אידעאַליזם", זיין „אומפֿאַרגלײַכלעכן פֿליים" און „גרויסן וויסן" (ייוואָ 1934: 1; פֿגל. ה.־ד. קאַץ 1988א: xxix).

דער דאָגמאַטיזם פֿון דער הײַנטיקער אויסבויאיסטישער מחנה שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קאָלאָסאַלן קוריאָז פֿאַר פֿאָרשער פֿון שפּראַך פּלאַנירונג בכלל און ס׳איז אַ סימן מובהק פֿון דעם דורכפֿאַל פֿון דער ייִדישער שפּראַך פּלאַנירונג אויף דער שוועל פֿון איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. בעת די „דײַטשמעריזמען" זײַנען סינכראָניש געוואָרן גוטע ייִדישע ווערטער וואָס ווערן באַנוצט בײַ די בעסטע שרײַבער, פֿירן די אויסבויאיסטן מלחמות סײַ קעגן די ווערטער, סײַ קעגן יעדן וואָס היט ניט דעם חרם.

אַן אַמאָליקער פֿאַרשטענדלעכער קאַמף קעגן דער פּרעסע שפּראַך איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומ־שכלדיקן — און צום באַדויערן: ניט־אָנשטענדיקן — קאַמף קעגן: ייִדישע ווערטער און ייִדישע שרײַבער וואָס באַנוצן זיך מיט זיי (זע קאַזשדאַן 1973).

די היסטאָרישע שפּאַלטונג צווישן דער שפּראַך און דעם פּוריזם לאָזט זיך רעקאָנסטרויִרן.



בער באָראָכאָוו האָט אין 1913 געוואָרנט קעגן די פּרעסע דײַטשמעריזמען און אָנגעוויזן בשעת מעשה אויף וויפֿל דער נײַ־דײַטשישער קאָמפּאָנענט אין ייִדיש האָט באַרײַכערט און מאָדערניזירט די שפּראַך (1913א: 13-15).

נח פּרילוצקי האָט אין 1938 אַטאַקירט די פּרעסע שפּראַך און בשעת מעשה געוואָרנט קעגן פּסלען ווערטער לויטן סוביעקטיוון חוש (1938א, 1938ד). אין די דרײַסיקער יאָרן איז געווען אַשטײַגער אַ חילוקי דעות צווישן מאַקס ווײַנרײַך, וואָס האָט געהאַלטן אַז אַלס טויג „קיינמאָל ניט" כּלפּי זלמן רייזענס מיינונג: „ווען מ׳זאָל אַפֿילו אײַנזען אַ פּוריזם אין דער טענדענץ דורכאויס אויסצוקומען אָן דעם ווערטל אַלס, מוז מען אָבער מודה זײַן, אַז מע ניצט עס שוין בײַ אונדז איבער דער מאָס, אין פֿאַלן, וואו ס׳איז אינגאַנצן איבעריק" (מ. ווײַנרײַך 1938א; ז. רייזען 1938א). הײַנט ווייס מען, אַז אַלס איז יאָ געבליבן, און הײַנט האָט ניט קיין זין אַזאַ וואָרט רודפֿן. הײַנט האָט ניט קיין זין אויסצוזידלען שרײַבער און לערער וואָס נוצן דאָס וואָרט. וועגן אַס אַשטײַגער, האָט פּרילוצקי געזאָגט עדות, אַז מ׳נוצט עס „גראָד אין דער פֿאָלקס־שפּראַך" (פּרילוצקי 1938ג: 94). אויבּ דעמאָלט, איז אַפּשיטא שוין הײַנט.

מאַקס ווײַנרײַך האָט אין די דרײַסיקער יאָרן אין ווילנע געפֿירט אַ קאַמף קעגן די ווערטער וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר „דײַטשמעריזמען" (למשל: 1938ב). וויל מען אָבער געוואָר ווערן מאַקס ווײַנרײַכס ר ײ פֿ ן צוגאַנג צו אַ וואָרט, דאַרף מען עס לויט נחום סטוטשקאָווס מײַסטערווערק, זײַן אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס איז אַרויס אונטער מאַקס ווײַנרײַכס רעדאַקציע (סטוטשקאָוו 1950). דאָרטן ווערן טאַקע „געפּסלט" מיט אַ ▼ (וואָס

באַצייכנט: „ניט רעקאָמענדירט אין דער קולטור שפּראַך" — דאָרטן, ז. lvi) — געשפּרעך, קעגנוואַרט, שטונדע, אָבער: אויסנאַם, דערפֿאָלג, זעלבסטמערדער, רונד, רייזע און הונדערטער אַנדערע ווערטער פֿון נײַ־דײַטשישן קאָמפּאָנענט ווערן אָנגעגעבן פּונקט ווי אַלע אַנדערע יידישע ווערטער. פֿאַרשטייט זיך אַז ניט יעדער וואָרט וואָס ווערט דאָרטן אָנגעגעבן האָט מאַקס ווײַנרײַך פּערזענלעך באַנוצט. ווי נאָך עטלעכע יידישע לינגוויסטן האָט ער אין זײַן פּערזענלעכן סטיל געפּרואווט אויסמײַדן דעם נײַ־דײַטשישן קאָמפּאָנענט. ער האָט זײַן סטיל און זײַנע פּערזענלעכע פּרעפֿערענצן אָבער ניט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מיטאָלאָגיע וועגן „ריכטיקייט" פֿאַר דער שפּראַך בכלל. אין סטוטשקאָווס אוצר ווערט געגעבן אַן אָפּשפּיגלונג פֿונעם צוגאַנג פֿון ד ע מ אָ ל ט י ק ן פּוריזם.

מיט קאַרגע צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען די פּרשה „דײַטשמעריש" וואָלט שוין לחלוטין געדאַרפֿט זײַן אַראָפּ פֿון מאַרק — ווײַל אַלץ וואָס איז געבליבן איז שוין זיכער געווען מ ע ר יידיש איידער אין דער צײַט פֿון סטוטשקאָווס אוצר, איז געקומען א. ווײַנרײַכס ווערטערבוך וואו דער צוגאַנג איז שוין אָן אַ שיעור מער עקסטרעם. דאָרטן ווערן געפּסלט, ווי מיר האָבן געזען, עמערס מיט ווערטער וואָס זײַנען באַליבט בײַ אונדזערע בעסטע שרײַבער, מיט ● („אַ ספֿק צי דערלאָזלעך אין דער כלל־שפּראַך") אָדער ▼ „ניט־דערלאָזלעך אין דער כלל־שפּראַך" (א. ווײַנרײַך 1968: xl). דער איבערגאַנג פֿון „ניט רעקאָמענדירט", בײַ סטוטשקאָוון (און מאַקס ווײַנרײַכן) אין 1950, ביז „אַ ספֿק צי דערלאָזלעך" און „ניט־דערלאָזלעך" בײַ אוריאל ווײַנרײַכן אין 1968, קען דינען פֿאַרן סימבאָלישן קער צום אַנטי־היסטאָרישן



עקסטרעמיזם. דעם פּראַקטישן אונטערשייד געפֿינט מען, פֿאַרשטייט זיך, בײַם צוגאַנג צו ספּעציפֿישע ווערטער. סײַ בײַשפּיל, האַנטשריפֿט, קינדהייט, וואָס אוריאל פּסלט מיט ●, סײַ וועכנטלעך, גרויזאַם, שווישפּילער, וואָס ער פּסלט מיט ▼, זײַנען שוין אין 1950 אָנערקענט געוואָרן בײַ מאַקסן פֿאַר כשר ויושר. אַלע יאָר דערווײַטערט זיך דער נײַ־דײַטשישער קאָמפּאָנענט וואָס אין יידיש מער און מער פֿון זײַן מקור, און — אַלע יאָר ווערן די שוין־לאַנג־יידישע ווערטער גערודפֿט וואָסאַמאָל מ ע ר. די קליינע צאָל ווערטער וואָס זײַנען „ניט רעקאָמענדירט" בײַ מ. ווײַנרײַכן אין 1950 האָבן ווי ניט איז מקיים געווען די מצווה פֿון פּריה ורביה און זײַנען צעוואַקסן אין די חיילות מיט ווערטער וואָס זײַנען „ניט־דערלאָזלעך" (אָדער: „אַ ספֿק צי דערלאָזלעך") בײַ א. ווײַנרײַכן אין 1968. דאָס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן ניט אין דײַטשלאַנד אָדער אַוועלכן ניט איז אַנדער לאַנד וואו ס׳איז דאָ אַ סכּנה אַז יידיש זאָל פֿאַרפֿלייצט ווערן פֿון דײַטש נאָר — אין די געקליבענע קרײַזן פֿון די ניו־יאָרקער פּוריסטן.

אוריאל ווײַנרײַך איז, אויב אַזוי, געוואָרן אַ פּוריסט צום סאַמע סוף פֿון זײַן לעבן. ער איז אָבער ניט אַריבער דער שוועל וואָס פֿירט צום אויסבויאיזם. דעם אונטערשייד צווישן דעם פּוריזם און דעם אויסבויאיזם קען מען געבן צו פֿאַרשטיין סײַ טעאָרעטיש (דער עצם באַנעם פֿון יידיש), סײַ פּראַקטיש (צוגאַנג צו אַזאַ און אַזאַ וואָרט).

טעאָרעטיש גערעדט, האָט דער פּוריזם קאַטעגאָריזירט אַ באַשטימטן בלאָק פֿון דער יידישער לעקסיק פֿאַר „שלעכט" און אָנגענומען מיטלען אויף פּטור צו ווערן פֿון יענעם בלאָק. ווי ס׳איז תּמיד דער פֿאַל אין דער געשיכטע פֿון געדאַנקען, גיט מען אַ נאָמען דעם „יש" וואָס מ׳שטעלט

אויף, אין דעם פאַל: דייטשמעריש. ביי די פּוריסטן הייסט דייטשמעריש דער טייל פון ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט וואָס זיי האָבן באַשלאָסן אַז עס „טויג ניט“, און דאָס איבעריקע אָנגענומען פאַר „כשר“. דער אויסבויאיזם, דערקעגן, קוקט אויף גאַנץ יידיש ווי אַ דיאַלעקט פון דייטש, וואָס זיי, די אויסבויאיסטן, דאַרפן „אויסבויען“: „פונאַדערבויען די אַנדערשקייט, די ספּעציפישקייט פון אָט דעם לשון אַקעגן אַ קרובהשן, שטאַרקערן לשון, וואָס אין זיין שאָטן קומט דעם קלענערן אויס צו שטיין“ (שעכטער 1980: 212).

פּראַקטיש גערעדט, האָבן זיך די אויסבויאיסטן, מיט מ. שעכטערן בראש, געלאָזט אויף צוויי שפּאָגל נייע ווערטער־רדיפות אין די יאָרן נאָך אוריאל וויינרייכס טראַגיש־פריצייטיקן טויט.

ערשטנס, האָט שעכטער גענומען „פּסלען“ ווערטער וואָס פיגורירן אַפילו אין א. וויינרייכס ווערטערבוך אָן אַוועלכן ניט איז סימן פון פּגם, צוליב דעם וואָס זיי געהערן דעם ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש, אַשטייגער: דער־לויבעניש (1985: 13), יוגנט, מוסטער (1986א: 149, 155).

צווייטנס — און טאַקע ווי אַ ווייטערדיקער שטאַפּל ביים דורכפירן דעם אויסבויאיסטישן פּרינציפּ („אויסבויען“ יידיש עס זאָל „ווערן“ ווייטער פון דייטש) — האָט שעכטער גענומען פאַרלאַנגען אַז אונדזער ליטעראַטור שפּראַך זאָל פאַרבייטן אויך ווערטער פונעם טויזנטיאָריקן גערמאַנישן קאָמפּאָנענט פון יידיש מיט אַרכעאיזמען און דיאַלעקטיזמען, ווייל — ווייטער פון דייטש. אַזוי אַרום: אילע אויף אַלע, ביכל אויף בוך (כאָטש ביי אַ סך יידישע שרייבער איז ביכל געוואָרן אַ זידלוואָרט אויף ‘שלעכט בוך’), ברונע

די אויסבויאיסטישע מעטאָדאָלאָגיע: מען „באַשמוצט“ יידישע ווערטער דורכן דערלאַנגען דעם לייענער ניי־הויך־דייטשישע פּאַראַלעלן, ניט באַמערקנדיק אַז די זעלביקע „חכמה“ קען מען אָנווענדן לגבי טיש, עסן און שלאָפן. די דוגמאות זיינען פון מ. שעכטערס רובריק א. נ. „לייטיש מאַמע־לשון“ אין זשורנאַל אויפן שוועל.

1978: געברענגט צו פירן פון ניי־הויכדייטש Ausdruck, gründen, Gründer,

1979: ווער סע וויל זיך באַגיין אָן ändern, איבערגעשריבן מיט

1980: **דייטשיש זאָגט מען** grau, blau, **ד״ה דער יידישער**

1982: **משכּיליש: Eröffnung. דאָס צוגעבן אַ דלד פון פאַרנט מאַכט**

1984: unverantwortlich, **איבערגעשריבן מיט יידישע אותיות (אין**

1987: וואָלט געווען אַנדערשקייט פאַר Eigenartigkeit).

1990: **(אין 19טן י״ה?) איז צוגעקומען Bewunderung**

1990: Schriftsteller) אַ סופר שרייבט ספר־תורות, מזוזות אאַז״וו.

1992: דייטשמעריזם „פערדריסליך/פאַרדריסלעך“ (verdriess-lich) און רעקאָמענדירט פאַרדראָסיק, אַ וואָרט, אַ פּנים, פון

1992: היפּשלעך פאַרשפּרייטן דייטשמעריזם „פאָרזיכטיק“ (vorsichtig): סע („סע קומען“). אָנברעגיק (נישט „ברעגלאָד“):

אויף ברונעם א. א. וו. (שעכטער 1986א: 129-130, 132-135, 138-139).

וועגן דיאַלעקטישע פאָרמען לגבי די ליטעראַרישע אין אונדזער ליטעראַטור שפּראַך, גייט די רייד אונטן, זז. 271-281. דאָ גייט אין דער שטרעבונג, היינט צו טאָג, צו רייניקן ייִדיש פון ווערטער וואָס האָבן דעם ע ל ט ס ט ן יחוס בריוו וואָס אונדזער שפּראַך קען געבן, און וואָס ווערן גערודפט צוליב דער פאָרגעשטעלטער „נעענטערקייט” צו דייטש. דער סוף־פּונקט קען נאָר זיין אַ נייע צונויפפּלעכטונג פון ווערטער וואָס איז ווערטערווייז און סטאַטיסטיש טאַקע ווייטער פון דייטש און סטרוקטורעל באַנומען, אָן אַ שיעור ווייטער פון — ייִדיש. ס׳גייט דאָ אין די פּערזענלעכע דייטש־קאָמפּלעקסן פון עטלעכע יחידים וואָס ווילן די־אָ קאָמפּלעקסן פאַרוואַנדלען אין נאָרמעס פון אַ שפּראַך.

אַכלל, ס׳איז געוואָרן אַ דייטש־אָבסעסיווע ווערטער־רדיפה וואָס מאַכט ייִדיש צו שפּאָט און צו שאַנד. ווען די שיטה וואָלט זיך געהאַלטן אין די ד׳ אמות פון עקספּערימענטאַלע זשורנאַלן, וואָלט דאָס געווען אַן עקספּערימענט וואָס טוט קיינעם ניט אָן קיין שאָדן. די צרה איז, וואָס דאָס שיטער ווערן פונעם לעצטן דור מזרח־אייראָפּעאיש געבאָרענע קענער, האָט געעפנט אַ וועג פאַר די אויסבויאיסטן צו פירן אַ קאַמף קעגן יעדן שרייבער און געלערנטן וואָס פאָלגט זיי ניט נאָך. נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט ח. ש. קאַזשדאַן ז״ל געשטורעמט קעגן דער סטיליסטישער דיקטאַטור (קאַזשדאַן 1973). שוין עטלעכע צענדליק יאָר וואָס דער הויך טאַלאַנטירטער ניו־יאָרקער ייִדישער שרייבער אברהם שולמאַן, אים צו לאַנגע יאָר, טוט דאָס אייגענע אין זיינע פעליעטאָנען אין פאָרווערטס וואו עס



קומט צום אויסדרוק דעם שרייבערס גאָט־געבענטשטער שפּראַך חוש. אינעם איצטיקן בוך, זיינען מיר אויסן גיין אין זייערע פוסטריט: זיך אַקעגנשטעלן דעם דאָגמאַטיזם, אויפווייזן אַז דער אויסבויאיזם איז ניט מער ווי איין שיטה אין דער היינטיקער ייִדישער סטיליסטיק. זי איז, לויט אונדזער מיינונג, אַ טעותדיקע שיטה וואָס שטאַמט פון דער סאַמע טעותדיקסטער גרונט־הנחה: אַז מ׳דאַרף ייִדיש „אויסבויען”. פון אַ קרומער גרונט־הנחה קען קיין גלייכע שיטה ניט שפּראָצן.

וואָס דאַרף מען נאָך, אַז דער סאַמע פאָלקסטימלעכער שבפאָלקסטימלעכער ליפשיץ, וועלכער האָט אַזוי געטריי איבערגעגעבן דאָס לחלוטין ניט־דייטשמעריזירטע לשון פון דער אַמאָליקער ייִדישער אוקראַינע, ווייס אָנצוגעבן, גלייך מיט אַלע אַנדערע ייִדישע ווערטער: אויגנבליק (1876: 7); אויסנאַם (21); אויסשפּראַך [ביי ליפשיצן: אָיסשפּראַכֿע] (24); אויפריכטיק [אָפּרעכֿטיג] (39); ביישפּיל (58); גיפט (67); געהאַלט (69); דורכזיכטיק [דערכֿזעכֿטיג] (78); האַנטשריפט (83); וואונטש [ווינטש] (91); פאָרזיכטיק [פֿאָרזעכֿטיג] (149); קינדהייט (187); רונד (203); שילדערן (213) און נאָך און נאָך. דאָס זיינען אַלין שוין ד ע מ אָ ל ט געווען גוטע ייִדישע ווערטער, אין 1876, איז על אחת כמה וכמה היינט.

אויב אַ וואָרט אַרום וועלכן מ׳האָט זיך געאַמפּערט איז געבליבן לעבן פון דעמאָלט ביז היינט אין מויל פון די וואָס ריידן ייִדיש, און ביי אונדזערע בעסטע שרייבער, האָט עס אַ סגולה צו — אריכת ימים. גיין רודפן היינט די אַלע ווערטער וואָס ווערן „געפּסלט” ביי די אויסבויאיסטן, — אויסנאַם, איינלאַדן, באַזוכן, ביישפּיל, דערוואַרטן, האַסן, וואַכן, לאַגע,

מיספאַרשטענדעניש, פאָלקסטימלעך, רייזע, שאַנדע און הונדערטער אַנדערע, דאָס איז: אומזין. גיין לערנען מיט סטודענטן פון ייִדיש, אַז די ווערטער זיינען קיין ייִדיש ניט, ראָס איז: לערנען ניט־דעם־אמת.

צו דער טעאָריע איז וויכטיק יודל מאַרקס פּרואוו, אין זיין קלאַסישער זאַמלונג „כלומרשטע, ספקדיקע און ניצלעכע דייטשמעריזמען" (י. מאַרק 1964), אָפּצוראַטעווען פון דער פּוריסטישער תליה הונדערטער ניצלעכע ווערטער. שפּראַך איז אָבער אַן איידעלע סטרוקטור פון פּאַראַנענקייטן, ניט נאָר פון „ניצלעכקייטן".

הלכה למעשה, איז דער אויסבויאיזם נוטה למפּלה. מ'קען ניט לערנען מיט אינטעליגענטע סטודענטן אַז די שפּראַך פון די גרויסע שרייבער, פון די וואָס ריידן ייִדיש פון דער היים, איז גאָר אַ „בעל מום". צו דעם קומט צו נאָך אַ מאָמענט. דער גרויסער סאָציאָלאָג פון שפּראַך שיקל פישמאַן, וועלכער נוצט אַליין די Ausbau טערמינאָלאָגיע (למשל 1972: 138; 1987: 68-69), האָט קורץ און שאַרף — און ריכטיק — באַשריבן די סיבה צוליב וועלכער די אויסבויאיסטישע מלחמות קעגן ייִדישע ווערטער קענען קיין דערפאָלג ניט האָבן, אַפילו ביי די וואָס ווילן „נאָכגעבן".

In our own day and age, the continued drive to combat New-High Germanisms is constantly complicated by the fact that most Yiddish speakers are out of touch (or have never been in touch) with German and therefore face additional difficulty in 'recognizing the enemy'.
(פישמאַן 1981: 57)



## אין פּרדס פון ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט פון ייִדיש

באַקעמפן דעם ניי־דייטשישן קאָמפּאָנענט אין ייִדיש האָט געענוי אַזאַ שכל ווי, לאָמיר אָנכאַפּן, אַ העברעאישער לינגוויסט זאָל וועלן „אויסרייניקן" העברעאיש פון זיין כנעניש ("געצנדינערישן") קאָמפּאָנענט. אַזעלכע פּרואוון וואַקסן פון פּרע־סטרוקטוראַליסטישע שפּראַך פילאָזאָפיעס, וואָס פּערזאָניפיצירן ווערטער אַזש ביזן מעמד פון „שונאים", קוקן נאָר אויף זייער יחוס און פאַרקוקן זייער לעבעדיקן באַנוץ אין דער סינכראָניע פון דער שפּראַך. אַכלל: דער ניי־דייטשישער קאָמפּאָנענט וואָס אין ייִדיש — און דער חלק דערפון וואָס די פּוריסטן „פּסלען" — האָט שוין לאַנגע יאָרן קיין שום שייכות ניט מיט דייטש. דאָס זיינען אַלץ י י ד י ש ע ווערטער, וואָס אַנטוויקלען זיך אינאיינעם מיט דער ייִדישער שפּראַך גאַנצערהייט, וואָס שפּרודלען מיט אַלע חנען פון מאַמע־לשון.

דעם סינכראָנישן מעמד פון די „דייטשמעריזמען" האָט ריכטיק, אָן פּניות און אָן קאָמפּלעקסן, באַשריבן יודל מאַרק:

> מ'דאַרף אָבער לכתחילה אָפּוואַרפן די אוממאָטיווירטע מיינונג אַז יעדער וואָרט פון דייטש קען גענומען ווערן בשעת הדחק און מגולגל ווערן אין אַ ייִדיש וואָרט. אָבער ד י י ט ש מ ע ר י ש איז יאָ אַ באַשטאַנדטייל פון איצטיקן ייִדיש.

(מאַרק 1953: 139)

צו דער באַרייכערונג פֿון ייִדיש דאַרף צוערשט דערמאָנט ווערן דער היסטאָרישער פֿאַקט, אַז ייִדיש איז אין אַ לפֿי ערך קורצער צײַט, אין משך פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט, פֿעאיק געוואָרן צו יענע אַלע תחומען פֿון דער מאָדערנער מערבדיקער קולטור וואָס זײַנען ניט געווען קיין טייל פֿון טראַדיציאָנעלן אַשכנז, אַדאַנק דעם ניי⸗דײַטשישן קאָמפּאָנענט. אָטאָ דער קאָמפּאָנענט האָט ייִדיש געגעבן אויטאָביאָגראַפֿיש, אוניווערסיטעט, אינטערעסאַנט, אינטעליגענט, אינטערנאַציאָנאַל, אַנטוויקלונג, אָרגאַניזירן, אַרמיי, באַוועגונג, גרופּע, דיפּלאָם, דירעקט, דעבאַטע, דערציילונג, הומאָר, וואָקאַל, זיצונג, טעאַטער, ליטעראַטור, מאָדערן, נאַטור, פּאָליטיק, פּאַרטיי, פּראָבלעם, פּראָזע, פֿאַרלאַג, פֿראַגע, צײַטונג, קולטור, קונסט, קינסטלער, קריטיקער, רעדאַקטאָר, שטודיע, שפּראַך א.א.וו. דעם פּוריסט קען עס פֿאַרשאַפֿן קאָמפּלעקסן וואָס ייִדיש האָט דורכגעמאַכט איר מערביזאַציע אין אַ גרויסער מאָס דורך דײַטש, דאָס איז אָבער ז ײ ן, דעם פּוריסטס, פּריוואַטע פּראָבלעם. דעם היסטאָריקער איז עס אַ נייטראַלער פֿאַקט. און פֿאַר דער שפּראַך גופֿא, און די וואָס ריידן היינט אויף איר, איז עס ניט שייך, ניט אינטערעסאַנט, ניט גורם גאָרנישניט.

דעם מעמד פֿון ניי⸗דײַטשישן קאָמפּאָנענט אין ייִדיש קען מען אַמבעסטן משׂיג זײַן בײַ זײַן לינגוויסטישער פֿאַראייניקונג און אינטעראַקציע מיט די אַלע אַנדערע קאָמפּאָנענטן אין דער שפּראַך. פֿאַר דער לינגוויסטיק איז קלאָר, אַז קיין פּערפֿעקטע סינאָנימען קענען אין פּרינציפּ ניט עקזיסטירן, מחמת דעם וואָס בײַ איטלעכן לעבעדיקן לשון נעמען זיך אַזעלכע „סינאָנימען“ און שיידן זיך באַלד אונטער, אין דער באַדײַטונג, צי אינעם ניואַנס, צי אינעם סטיל אין וועלכן



מ'ווענדט זיי אָן. דאָס „אַרויסוואַרפֿן“ די „דײַטשמעריזמען“ האָט דריי פּעולות: ערשטנס, די פֿאַראָרעמונג פֿון דער שפּראַך; צווייטנס, דאָס פֿאַלש נוצן אַן עלטער וואָרט, אַבי ניט אָנקומען צום נײַערן וואָרט; דריטנס, דאָס ניט קענען וואַריאירן צווישן כמעט⸗סינאָנימען און דאַרפֿן כּסדר קלאַפּן מיטן זעלביקן וואָרט.

צו דער באַרייכערונג פֿון דער שפּראַך דאַרף מען דערמאָנען די היסטאָריש אידענטישע אָדער ענלעכע דײַטשישע עטימאָנען וואָס ייִדיש האָט צ ו ו י י מאָל אַרײַנגענומען, איין מאָל מיט אַן ערך טויזנט יאָר צוריק — דער אַלטער גערמאַנישער קאָמפּאָנענט וואָס אין ייִדיש — און איין מאָל אין נײַנצנטן יאָרהונדערט, אַשטייגער: אויסנווייניק ≠ אויסערלעך; אויסנעם (אָן אַן אויסנעם = 'אָן אַ סוף') ≠ אויסנאַם; אינעווייניקסט ≠ אינערלעך, וואָכעדיק ≠ וועכנטלעך; לאַבעדיק ≠ לעבערלעך; מאָס ≠ מאַסע; נאָכלאָזן ≠ פֿאַרנאַכלעסיקן; (אַ) פֿרעג ≠ פֿראַגע; קונץ ≠ קונסט; קונציק ≠ קינסטלער; קלאָג ≠ קלאַגע; שפּראָך ≠ שפּראַך.

אַריבערגייענדיק צו דער סינכראָניע פֿון דער היינטיקער שפּראַך, וואַרפֿט זיך אין די אויגן אַז די ווערטער וואָס די אויסבויאיסטן ווילן אַרײַנפֿירן אויף צו פֿאַרבײַטן די „דײַטשמעריזמען“, זײַנען לחלוטין ניט אידענטיש מיט זיי, און דערבײַ ווערט דער סטיל געשלאָגן מיט צוויי קלעפּ: מ'פֿאַרלירט אַ ניואַנס אָדער אַ באַדײַט, והשנית, דאָס „געצוואונגענע“ וואָרט קלינגט געקינצלט, ניט אויפֿן אָרט. אָט זײַנען עטלעכע דוגמאות פֿון „רעקאָמענדירטע“ ווערטער וואָס קענען ניט אין אַלע פֿאַלן פֿאַרבײַטן די „געפּסלטע“.

אויבנאויפֿיק ≠ אויבערפֿלעכלעך. אַן אויבנאויפֿיקער

אַנאַליז; אַן אויבערפלעכלעכער מענטש. דאָרט וואו מ׳וויל אויסדריקן עמאָציאָנעלקייט און ביטול, דאַרף מען: אויבערפלעכלעך.

אָפּגעהיט ≠ פּאָרזיכטיק. אָפּגעהיט אין שמירת הלשון; פּאָרזיכטיק! מ׳קען דאָרטן אַריינפּאַלן.

אָפּשטאַם ≠ מקור ≠ אורשפּרונג. „וואָס איז דער אָפּשטאַם פון וואָרט? צו דיין השערה דאַרפסט ברענגען אַ מקור. מיטן אורשפּרונג פון דער שפּראַך האָט עס ווייניק צו טאָן...״

אַרויסגעבן ≠ פאַרעפנטלעכן. מ׳גיט אַרויס אַ בוך און מ׳פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, אַ ליד, אַ מעשה, דאָרטן וואו דאָס פאַרעפנטלעכטע איז נאָר איין טייל פונעם בוך, צייטונג אָדער זשורנאַל.

געראָטן ≠ געלונגען. „געלונגען איז אַ רעזולטאַט פון אַן אָנשטרענג, אַ טואונג, אַ ווילן, געראָטן איז פון גאָט״ (ליטווין 1992: 59).

דורכזעעוודיק ≠ דורכזיכטיק. אַ דורכזיכטיק העמד; אַ דורכזעעוודיקער אַרגומענט.

ווי (בתורת \ מעשה) ≠ אַלס. אויפפירן זיך ווי אַ מענטש; אָנגעשטעלט אַלס לערער.

מוחל זיין ≠ פאַרגעבן. מוחל זיין איז אוניווערסאַל; פאַרגעבן איז אַ סך מער צוגעפּאַסט צו ערנסטע פּערזענלעכע ענינים: „נאָכן ברעכן די תנאים, האָט דער חתן געבעטן, די כלה זאָל אים פאַרגעבן״.

לעצטגילטיק ≠ ענדגילטיק. לעצטגילטיק קען אויך הייסן ׳דאָס וואָס איז הל דערווײַלע׳ בעת ענדגילטיק איז — ענדגילטיק.

מאַנסביל ≠ מאַן ≠ מענטש. מאַן פאַרנעמט אַ מיטלפּונקט צווישן מאַנסביל און מענטש בנוגע אַבסטראַקטקייט און ספּעציפיצירטקייט. מענטש איז גענעריש: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט״; מאַן (אַחוץ דעם באַדייט: ׳מאַן פון אַ ווייב׳), איז די אַלגעמיינע באַצייכענונג פאַרן זכר פון מענטשלעכן מין: „פאַרוואָס זאָל ער גורם זיין, אַז יידישע קינדער זאָלן פאַרזינדיקן די יאָרן פאַר זידלען אַן אַלטן מאַן?״ (גראַדע 1961: 177); מאַנסביל נוצט מען נאָר אַז ס׳גייט די רייד וועגן אַ שטריך וואָס ווערט אַסאָציאירט מיטן זכר פון מענטשלעכן מין: „דער קאָפּ איז איר נייערט פאַרנומען מיט מאַנסבילשע ענינים״ (באַשעוויס 1982: 131). מאַנסבילש איז אַגב ברייטער איידער דער אַדיעקטיוו מענעריש וואָס איז מער פיזיש=סעקסועל: „איר האָט דער חתן אויסגעזען זייער מענעריש״. ביי טייל שרייבער, ווערט מאַנסביל פאַררעכנט פאַר אַן אַרכעאיזם וואָס קען ביטראָגן צו אַן אַרכעאיזירנדיקן סטיל. מאַן איז סטיליסטיש גערעדט דאָס אוניווערסאַלע, ניט=מאַרקירטע וואָרט.

מינאָריטעט ≠ מינדערהייט. אַ מינאָריטעט פון שטימען; די מינדערהייטן אין געוועזענעם ראַטנפאַרבאַנד.

מצרים ≠ עגיפּטן. פּרעה אין מצרים; דער עגיפּטישער אויסערן=מיניסטער.

ניט צום פאַרשטיין ≠ אומפאַרשטענדלעך. ס׳איז ניט צו פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט; דאָס וואָרט איז מיר אומפאַרשטענדלעך.

סכנה ≠ געפאַר. געפאַר איז אוניווערסאַל, סכנה איז אַ ביסל לומדיש. אַחוץ דעם האָט געפאַר אַ ריי פיגוראַטיווע אָנווענדונגען („די פאַריזער געפאַר איז אַריין אין צימער״ — וועגן אַ פאַריזער פרוי אַ געוויסער. דאָ קען ניט זיין קיין „סכנה״).

סם ≠ גיפֿט. עס דאָס ניט, ס׳איז סם; היט זיך פֿאַר איר, זי איז גיפֿט; די גיפֿטיקע כתבים.

עלנט ≠ איינזאַם. פֿאַראַן כלערליי אויסדרוקן וואו איינס פֿון די צוויי ווערטער האָט זיך איינגעפֿונדעוועט: עלנט ווי אַ שטיין; אין אַן איינזאַמער שעה.

פּראַכטפֿול ≠ פּרעכטיק. פּרעכטיק פּאַסט זיך בעסער צום מער אַבסטראַקטן באַנוץ: אַ פּראַכטפֿולע פּאַנאָראַמע; אַ פּרעכטיקע טראַדיציע.

פֿאַרדראָסיק ≠ פֿאַרדריסלעך. וועגן דעם פּאָרל איז לעצטנס געגאַנגען די רייד אין דער דעבאַטע אין אונדזער פּעריאָדיק (זע שעכטער 1991-1992: 36-37; ה.־ד. קאַץ 1992ב: 41-42).ביידע צדדים האָבן אַפֿנים פֿאַרקוקט אַז דאָס דיאַלעקטישע וואָרט פֿאַרדראָסיק, וואָס עקזיסטירט בכלל ניט פֿאַרן ווייט גרעסטן רוב וואָס רעדט און שרייבט היינט יידיש, איז אָפֿט גענוצט געוואָרן אַנדערש איידער פֿאַרדריסלעך. למשל ביי שניאורן: „דערזעט מען אין ווינדער דעם וואַלד־סוחרס שטוב דעם ׳ממזר׳ אין שצערעס דאַרע אָרעמס, ווערט מען דאָרטן פֿאַרדראָסיק: וואָס הייסט? די בעזדעטניצע גייט גאָר קאָנקורירן מיט אַזאַ טייערן יתומל ווי דאָנקע איז?” (שניאור 1957: 95). פֿאַרדראָסיק הייסט דאָ ׳אומעטיק׳, ׳ניט־פֿאַרגינעריש׳, ׳אייפֿערזיכטיק׳, גאָרניט דאָס וואָס פֿאַרדריסלעך. אַחוץ דעם, איז פֿאַרדראָסיק האַמעטנע אַלס בייגעוודיקער אַדיעקטיוו. אַ פֿאַרדראָסיקער טעות טייטש ׳אַ פֿאַרדריסלעכער טעות׳ האָט דערפֿאַר דעם טעם פֿון בכיוונדיקער אומפּינקטלעכקייט און סטיליסטישער ניט־צוגעפּאַסטקייט, אַבי ניט אָנקומען צום „דייטשמעריזם”.

פֿיינט האָבן ≠ האַסן. שטאַרקער אַ סך איז האַסן: „ניט



מ׳האָט זיי פֿיינט נאָר מ׳האַסט זיי”.

צייטיק ≠ רייף. „זי האָט באַשיימפּערלעך געשפּירט ווי די הענט, די פּיס, דער בויך, די ברוסט האָבן זיך אָנגעבלאָזן און אויסגעברייטערט ווי ביי אַ צייטיקער פּרוי. די געדאַנקען אירע זענען אויך געוואָרן רייף” (באַשעוויס 1964: 18).

קדמוניש ≠ אוראַלט. קדמוניש איז אַ לומדיש וואָרט וואָס האָט אויך דעם ביי־באַדייט פֿון ׳אויף אַ גאָר אַלטפֿרענקישן שטייגער׳, ׳ווי ס׳איז געווען פֿון קדמונים׳, בעת אוראַלט באַציט זיך בלויז צום עלטער.

קיילעכ(ד)יק ≠ רונד. „מיט אַ קיילעכיק פּנים, אַ רונדער שוואַרצער באָרד” (באַשעוויס 1964: 16).

צו די סעמאַנטישע ניואַנסן קומען אויך צו די סטיליסטישע קאַטעגאָריעס. אַ שיינער חלק פֿון די „כשרע” ווערטער זיינען פֿאַר דער היינטיקער שפּראַך לומדיזמען, וואָס פּאַסן זיך צו אַן עסיי, צו אַ וויסנשאַפֿטלעכן ווערק, אָבער טויגן אויפֿן פּייער אַז אַ מיידל מיט אַ בחור ריידן זיך צוזאַמען אין אַ קאַפֿע. אַז אָך און אַז ווי צו יידיש אויב מ׳פֿאַרלירט דעם טאָגטעגלעכן שיכט פֿון דער שפּראַך, דאָס שמעקט שוין מיט — טויטקלאַפּ, מיט אַ יידיש וואָס טויג נאָר צו אַרטיקלען און רעפֿעראַטן. פֿאַרגלייך דעם טאָגטעגלעכן אינהאַלט מיטן לומדיש־משׂכּילישן תּוכן; באַאיינפֿלוסן — משפּיע זיין; באַזיגן — מנצח זיין; ביישפּילן — דוגמאות; דרוקפֿעלער — טעות הדפוס; האַנטשריפֿט — כּתב; זילב — טראַף; לאַגע — מצב; מערהייט — רוב; פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט — אחריות; פֿאַרגאַנגענהייט — עבֿר; רייזע — נסיעה.

ניט אומעטום גייט עס אָבער אין דער איינפֿאַכער אָפּאָזיציע „פּשוט” כּנגד „געלערנט”. ס׳גייט אין דער

ס י ס ט ע ם פון דער יידישער סעמאַנטיק. פֿאַרגלײַך, למשל, דעם טאָנגטעגלעכן אָן אַ סוף, דעם קאָלאָקוויאַלן אָן אַן עק, דעם באַשרײַבערישן ענדלאָז, דעם עסײאיסטיש=פּאָעטישן אומענדלעך, דעם פּאָעטיש=קאַבאַליסטישן אין=סופֿיק.

אַ סך פון די „ווערטער אין חרם״ גיבן צו בילדערישקייט, עכט=איבערצייגנדיקע געפילן: אַן אויפריכטיקער ענטפער. אַן אָנשטענדיקער מענטש. אַ געוואַגטער אַרטיקל. די גרויזאַמע מלחמה. דערשיטערט געוואָרן פון דער מעשה. עקלהאַפטו! פאַרנאַכלעסיקן די קינדער.

אַנדערע האָבן הײַנט אַ הומאָריסטיש=סאַטירישן טעם, ווי אַשטייגער: ער איז אַ נידערטרעכטיקער יונג! אַ הויכגעשעצטער מענטש! אַ פֿאַרדעכטיקער פאַרשוין! אַחוץ זיין געוויינלעכן באַדייט האָט פאָלקסטימלעך אַ צווייטן פשט ווי אַן אייפעמיזם אויף פּראָסט, ניט=געלערנט: דאָרטן איז אַ פאָלקסטימלעכער ישוב (ד.ה. איבעריקע חכמים וועט מען דאָרטן אומזיסט זוכן).

בײַ אַנדערע איז שוין דאָ אַ קאָמפּליצירטע וואָרט=סאָציאָלאָגיע. בײַ גרויסע טײלן פון טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן יידנטום דיפערענצירט מען צווישן לעזן אַ צײַטונג און לייענען די תורה. בײַם יידיש=באַוואוסטזיניקן סעקולערן סעקטאָר פאַרקערט, האָבן לעזן, לעזער בלויז אַ סאַטיריש=ביטולדיקן באַדייט: ער שרייבט ווידער די אַרטיקלען פאַר זיינע לעזער, געמיינט: זיינע אומוויסנדיקע, פּראָסטע לייענער.

די יידישע אידיאָמאַטיק שפּרודלט מיט אַ ל ע טײלן פון יידיש, מיטן ניי=דייטשישן קאָמפּאָנענט בתוכם: אַנטדעקט אַמעריקע! גיפטיק ווי אַ שלאַנג; אַ שרייבער איז אַ דרוקפעלער אַ האַרצפעלער; רונד ווי אַ ראָד; אַ שאַנדע און אַ חרפה.



דעם פּראָצעס פון פאַראייניקונג און צונויפשמעלצונג וואָס איז אַ סימן מובהק פון דער יידישער שפּראַך האָט מאַקס ווײַנרײַך גאונותדיק געשילדערט אין זיין געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך (מ. ווײַנרײַך 1973א: II, 261-320; IV, 314-363). צוליב זיין פּוריסטישער אײַנשטעלונג (אויסבויאיסטיש קען מען ניט זאָגן, ווייל דער אויסבויאיזם איז געבאָרן געוואָרן בײַ מ. שעכטערן, ניט בײַ די ווײַנרייכס), האָט ווײַנרײַך ניט באַשריבן דעם שמעלץ=פּראָצעס בײַם ניי=דייטשישן קאָמפּאָנענט (וואָס ער האָט אויך ניט אָנערקענט פאַר אַ קאָמפּאָנענט). זיין שטעלונג איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין צייט און זיין ביאָגראַפיע.

לסוף אַ וואָרט צו דער יידישער ריטמיק פונעם ניי=דייטשישן קאָמפּאָנענט. ווערטער פונעם אַלט=דייטשישן קאָמפּאָנענט אין יידיש האָבן דורכגעמאַכט היסטאָריש די אָפּהאַקונג פון אומבאַטאָנטע וואָקאַלן סוף וואָרט (זאַך, איך זאָג), אַחוץ דאָרטן וואו דער וואָקאַל איז אַ טייל פון דער מאָרפאָלאָגיע (אַ פיינע זאַך). בײַ ווערטער פון ניי=דייטשישן קאָמפּאָנענט, פאַרקערט, האָט מען זעלטן באַוויזן די אָפּהאַקונג אַדורכצופירן (למשל: קלאַס, שפּראַך). אין די מערסטע פאַלן, איז דער וואָקאַל געבליבן: אויסגאַבע, אויפגאַבע, באַזע, טעמע, לאַגע, ליגע, מאָדע, לעגענדע, מאַסע, פרעסע, פראַגע, קלאַגע, ראַסע, שאַנדע וכדומה. אָטאָ די סעריע איז ניט סותר די מוזיק פון יידיש, פאַרקערט זי האָט זיך ריטמיש פאַראייניקט מיט סובסטאַנטיוון פון סעמיטישן און סלאַווישן קאָמפּאָנענט מיטן אייגענעם משקל (וואָס ווערן באַטאָנט איין טראַף פאַרן לעצטן, מיט אַן אומבאַטאָנטן שוואַ קלאַנג אַלס לעצטער טראַף), אַשטייגער: בוינע, בעל=עגלה, כמאַרע, קאַשע, קליאַטשע, קשיא,

רדיפה, שאלה, שמאַטע. דאָס אייגענע ביי אַדווערבן וואו גראַדע גייט מיט אַוודאי און מסתמא.

דער ניי=דייטשישער קאָמפּאָנענט אין יידיש איז אַריין אויך נ אָ כ ד ע ם ווי עס האָבן זיך פאַרלאָפן די היסטאָרישע פאָנאָלאָגישע פּראָצעסן וואָס האָבן דערפירט צו דער סינכראָנישער פאָנאָלאָגיע פון אונדזערע היינטיקע דיאַלעקטן. ביי אַלטע ווערטער גילטן די באַקאַנטע איסאָגלאָסן, למשל בוך וואָס איז bux ביים ליטוואַק און bīx ביים פּוילישן יידן; בוים וואָס איז bejm ביים ליטוואַק און bɔjm אין די דרומדיקע דיאַלעקטן. אין ניי=דייטשישן קאָמפּאָנענט זיינען די וואָקאַלן אוניווערסאַלע אין אַלע יידישע דיאַלעקטן, אַזוי אַרום אַז אין ליטעראַטור, מוזיק, מוסטער און קולטור הערט זיך u, כאָטש פאַרשטייט זיך אַז די פאָנעטיק איז וואַריאירלעך לויטן דיאַלעקט, פגל. ליטוויש litəratúr אַנטקעגן (רעגיאָנאַל) פּויליש litəratū́ə. דער ניי=דייטשישער קאָמפּאָנענט שטעלט מיט זיך פאָר אַן א י י ב ע ר=דיאַלעקטישן שיכט פון דער סינכראָנישער יידישער פאָנאָלאָגיע.

פון אַמאָליקן אימפּאָרטירטן רוויוואַרג האָט יידיש, מיט איר כאַראַקטעריסטישער גאונות, געמאַכט שפּראַכוואַרג וואָס איז ניי, וואָס איז אַנדערש פון דעם פון וואַנעט מ׳האָט עס גענומען, און וואָס איז געוואָרן אַ לעבעדיק גליד פון דער שפּראַך. אויסרייסן דאָס גליד איז ניט מער און ניט ווייניקער: רייסן אבר מן החי.



# פאָרשלאַגן אויף נייע ווערטער

אַלעמערשטנס, דאַרף מען זיך קלאָר מאַכן דעם חילוק צווישן נעאָלאָגיזמען און פאָרשלאַגן. אַ נעאָלאָגיזם איז אַ ניישאַפונג וואָס איז אויפגעקומען אין יידיש גופא, זאָל זיין פון רויוואַרג פון די פאַראַנענע היסטאָרישע קאָמפּאָנענטן. יידיש איז רייך מיט נעאָלאָגיזמען, וואָס זיינען היינט געוואָרן — וואו אין געוויסע סטילן און וואו איבעראַל — ווערטער ווי אַלע יידישע ווערטער. אַנדערע זיינען הונדערטער יאָרן אַלט (דרשה=געשאַנק, זוכצעטל), אַנדערע זיינען ביז גאָר ניי און מ׳ווייס ווער עס האָט זיי געשאַפן (בלאָז=מאַשין — עדוואַרד חייט, שבת=יאָר — יהודה עלבערג). צווישן די הונדערטער נעאָלאָגיזמען פון די לעצטע הונדערט יאָר געפינט מען: אויפבלי, אומקום, אָנקום, אָפּרוף, געבאָרנטאָג, מנחם=מענדלדיק, פרט=פאָרשונג, פאַרמעסט, פאַרנעם, צונויפ=העפט, קליינלדיקייט (זע מאַרק 1952א; שעכטער 1986א: 244-257). אויב מ׳זאָל צורעכענען די מאָרפאָלאָגישע אינאָוואַציעס (די טיפן באַטויען, האַלדזונג), וואָס זיינען אַזוי באַליבט ביי אונדזערע פּאָעטן (און וואָס בלייבן בדרך כלל באַגרענעצט צום פּאָעטישן סטיל), שטייגט די צאָל אָן אַ שיעור (זע. י. מאַרק 1954).

גאָר אַנדערש אײדער די נעאָלאָגיזמען, וואָס זיינען געוואָרן יידישע ווערטער, זיינען די פאָרשלאַגן אויף נייע ווערטער, וואָס פאַרפּלייצן די שפּאַלטן פון די פּוריסטישע ווערטערביכער און די אויסבויאיסטישע אויסגאַבעס, און וואָס ווערן דערלאַנגט דעם וואָס לערנט זיך די שפּראַך אָן

קיין שום באַוואָרענישן אַז דאָס געגעבענע איז ניט קיין וואָרט אין דער שפּראַך נאָר דעם פּוריסטס אַ פֿאָרשלאַג. די פֿאָרשלאַגן זיינען קאָמבינאַציעס פֿון קלאַנגען, שרשים, פּרעפֿיקסן, סופֿיקסן און באַדייטן, וואָס שטאַמען ניט פֿון ציבורס נויט, ניט פֿון יחידישן באַשאַפֿונגס־כּח.

די פֿאָרשלאַגן לאָזן זיך איינטיילן אויף צוויי ברייטע קאַטעגאָריעס: אַזעלכע וואָס קומען פֿאַרבייטן „דייטשמעריזמען"; און אַזעלכע וואָס קומען „קאָנפֿראָנטירן" ענגליש.

אין א. ווײַנרייכס ווערטערבוך, למשל, ווערט דערפֿאַרונג „געפּסלט" מיט אַ ▼ וואָס באַדייט „ניט־דערלאָזלעך אין דער כּלל־שפּראַך". צווישן די „דערלויבטע" ווערטער וואָס דער באַנוצער וועט טרעפֿן ביים אויפֿמישן דאָס ענגלישע וואָרט experience איז געפּרואוו, וואָס ווערט געבראַכט אָן קיין שום סימן אויף צו באַוואָרענען דעם באַנוצער אַז דאָס איז קיין וואָרט ניט, נאָר אַ: פֿאָרשלאַג (אַזוי אויך: געפּרואוויק). דאָ באַווייזן זיך צוויי קאַרדינאַלע טעותן. ערשטנס, דאָס „פּסלען" י י ד י ש ע ווערטער צוליב פּוריזם, און צווייטנס, דאָס צוקלערן „כּשרע" ממלא־מקומס וואָס קיינער נוצט ניט, און זיי דערלאַנגען דעם וואָס לערנט זיך די שפּראַך אָן באַוואָרענישן. דער ערשטער פֿעלער איז אַ טרויעריקער אויסדרוק פֿון שפֿלות קאָמפּלעקסן לגבי דייטש (וואָס דאַרף גאָרניט זיין שייך ביים באַטראַכטן אַ יידיש וואָרט). דער צווייטער פֿעלער געהערט דעם תּחום פֿון וויסנשאַפֿטלעכער אָרנטלעכקייט. אויב אַ פּוריסט איז מחויב איבערגעבן דעם לינגוויסטישן אמת זיינע סטודענטן, איז דאָס אַ ווערטערבוך, וואָס איז פֿאַרן כּ ל ל, הונדערט מאָל מער מחויב. אין אַלקלעיס העברעאיש־ענגלישן ווערטערבוך, אַשטייגער, ווערן געבראַכט דעם מחברס פֿאָרשלאַגן



מיט אַ ספּעציעלן סימן, דער באַנוצער זאָל וויסן אַז דאָס האָט ער — פֿאָרגעשלאָגן (אַלקלעי 1965: [iv]).

אָט זיינען כאַראַקטעריסטישע יידישע ווערטער וואָס ווערן „געפּסלט" (מיט איינעם פֿון די צוויי קין־צייכנס) אין ווערטערבוך, לעבן די ווערטער פֿון דער הפֿטורה וואָס דער ווערטערבוך דערלאַנגט אַלס „די ריכטיקע ווערטער": אונטערבאַוואוסטזיין—אונטערוויסיקייט; גלאָררייך—גלאָריעדיק; היימלאָז—אָנהיימיק; וועכנטלעך—וואָכנדיק, פֿאָלקסטימלעך—פּשוט־פֿאָלקיש; פֿאָרגייער—פֿאָראויסגייער \ פֿירגייער; צוקונפֿט—קומעדיקייט; צייטווייליק —דערווייליק; שלאָפֿלאָזיקייט—אומשלאָף.

אַ סך אַנדערע פֿאָרשלאַגן האָבן קיין שייכות ניט מיטן פּוריזם. זיי וואַקסן פֿון אַ הנחה אַז יידיש דאַרף אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט „ענטפֿערן" ענגליש:

> [...] קאָנפֿראָנטירן יידיש מיט אַ צווייטער ברייט אַנטוויקלטער קולטור שפּראַך. אַזאַ קאָנפֿראָנטירונג גיט אונדז אַ השגה פֿון דעם וואָס מיר פֿאַרמאָגן און וואָס עס פֿעלט אונדז. זי רופֿט אונדז אַרויס צו באַלאַנסירן דעם נחת פֿון סינאָנימען־רייכקייט אויף טייל שטחים מיט אַ דאגה וועגן דעם דערווייליקן דוחק אויף אַנדערע שטחים.

(א. ווײַנרייך 1968: ח)

די „קאָנפֿראָנטירונג" שיטה האַלט אַז טאָמער דריקט זיך עפּעס אויס אין ענגליש מיט איין טערמין, דאַרף יידיש אויך האָבן אַן איינאיינציקן טערמין. ס'האָט אַזאַ שכל, ווי לאָמיר אָנכאַפּן, אַ צונויפֿשטעלער פֿון אַ ווערטערבוך זאָל פֿאָרשלאָגן נייע ענגלישע ווערטער אומעטום וואו יידיש האָט איין טערמין, ד.ה. אַז ענגליש „מוז אויך האָבן" איין טערמין

אויף אַדרבא, הסבֿ⸗בעט, חול המועד, מה⸗דאָך, מ׳שטײנס געזאָגט, קל וחומר, תּוספֿות און אונטערגבאי. ס׳וואָלט געווען פֿרײלעך. אָט איז אַ בינטל מיט רעזולטאַטן פֿון דער „קאָנפֿראָנטירונג". בדרך כּלל ווערן די יידישע פֿאָרשלאָגן געבראַכט אויך אין יידיש⸗ענגלישן חלק פֿון ווערטערבוך, ווי תּמיד, אָן קיין שום באַוואָרענישן אַז די ווערטער עקזיסטירן ניט:

אַהין⸗קריק⸗פֿאָר round trip
אומאָפּלײקנדלעך undeniable
אינטעליגענץ⸗ווײפֿלער I.Q.
אַלײן⸗אויסקום self-sufficiency
אַנטידלות⸗פּראָגראַם anti-poverty program
אַראָפּשטאָט downtown
אַרײנפּאָסט incoming mail
באַדין⸗סטאַנציע service station
גאַנצדיליקער טעפּעך wall to wall carpeting
דינגאָפּמאַך lease agreement
חוצחושיק extrasensory
חוצפּראָגראַמיק extracurricular
טעמפּ⸗אײנשטעלער pacesetter
טרינקרער drinking fountain
כוואַליעלענג wave length
לאַנג⸗משכדיק long term
מוזדינסט conscription
סאָצפֿאַרזיכער social security
סטילפֿיגור figure of speech
סך⸗ציליק multipurpose



פֿרײהײט⸗אָפּנעם deprivation of liberty
צניפּיש⸗אַלצווײסעריש sophomoric
קריקאָנלאָדלעך rechargeable
שטאָטאויסצי urban sprawl
שטאָטבאַנײ urban renewal
שיצבלעך fender
תּל⸗כּח destructive force

די⸗אָ פֿאָרשלאָגן דערפֿירן צו אַ מין יידיש וואָס איז סטיליסטיש און סטרוקטורעל גערעדט: „אַן איבערגע⸗טײַטשטער ענגליש", ווי עס האָבן ריכטיק באַמערקט גוטקאָוויטש און צוקערמאַן (1977: 72). אַז מ׳זאָל מוותּר זײַן אויף דער אײַנגערעדטער נײטיקייט אין אײן טערמין „ווײַל ענגליש האָט אײן טערמין" — דער שפֿלות קאָמפּלעקס יאַוועט זיך ווידער — איז ניט שווער צו זען אַז אין די מערסטע פֿאַלן לאָזן זיך די באַגריפֿן יאָ אויסדריקן אויף אַ קלאָרן יידיש. אַדרבא, ס׳איז אָפֿטמאָל אַ סך מער אין גײַסט פֿון יידיש צו נוצן ווערבאַלע פֿראַזן אָדער „צו נעמען פֿון דער פֿרעמד". אָט זײַנען אונדזערע פּראָוויזאָרישע איבער⸗זעצונגען פֿון די זעלביקע ענגלישע טערמינען (אין זעלביקן סדר):

round trip: (בילעט) אויף הין און צוריק
undeniable: וואָס מ׳קען ניט לייקענען; ניט צום לייקענען; ניט אָפּצופֿרעגן
I.Q.: אינטעליגענץ ציפֿער (מעסטונג \ טעסט)
self-sufficiency: קענען אַלײן אויסקומען, זעלבשטענדיקייט
anti-poverty program: אַנטי אָרעמקייט פּראָגראַם; פּראָגראַם קעגן אָרעמקייט

downtown: דאַונטאַון (אַן אַמעריקאַנער קולטורעלער באַגריף)

incoming mail: פּאָסט וואָס קומט אָן; אָנגעקומענע פּאָסט

service station: בענזין סטאַנציע; באַדינונגס־סטאַנציע

wall to wall carpeting: געמאָסטענער טעפּעך; טעפּעך פון וואַנט צו וואַנט

lease agreement: אָפּמאַך אויף צו דינגען

extrasensory: וואָס איז אויסער די חושים

extracurricular: וואָס איז אויסער דער פּראָגראַם; צונאָב־

pacesetter: פּיים־סעטער; האַרץ סטימולאַטאָר

drinking fountain: וואַסער צום טרינקען

wave length: לענג פון די כוואַליעס

long term: אויף אַ לענגערער צייט

conscription: אָבליגאַטאָרישער דינסט; צוואַנג־דינסט; מיליטער פליכט

social security: סאָציאַלע פאַרזיכערונג

figure of speech: אימאַזש; ס׳רעדט זיך אַזוי

multipurpose: פילצוועקיק; מיט אַ סך צילן

deprivation of liberty: דאָס צונעמען \ באַרויבן \ אָפּנעמען די פרייהייט

sophomoric: ניט־דערבאַקן; אַראָגאַנט; האַלטן זיך פאַר אַ גאַנצן קנאַקער

rechargeable: וואָס מ׳דאַרף פונסניי אָנלאָדן \ צוטשעפּענען צו דער עלעקטרע

urban sprawl: אויסשפּרייטונג פון דער שטאָט; שטאָט אויס־שפּרייטונג

urban renewal: שטאָט באַנייאונג

fender: פענדער; פּאַנצער

destructive force: פאַרניכטונגס־קראַפט



פונקט ווי ס׳איז דער פאַל ביי „כשר“ און „טריף“, ווייזט זיך אויך דאָ אַרויס אַז א. ווײַנרייכס ווערטערבוך איז גאָר מעסיק אין פאַרגלייך מיט מ. שעכטערס אויסבויאיזם. אוריאל ווײַנרייך האָט זיך באַמיט קאָנפראָנטירן דעם טאָג טעגלעכן ענגלישן וואָקאַבולאַר. די אויסבויאיסטן ווילן צוקלערן אַ טעכנישן יידישן וואָקאַבולאַר צו אַלע וויסנשאַפטלעכע געביטן וואָס ווערן באַאַרבעט אויף ענגליש, ניט שייך צי עמעצער אַרבעט אָדער אַרבעט ניט איבער די־אָ געביטן אויף יידיש. פאַרשטייט זיך, אַז ביי טערמינען וואָס ווערן פאַרפּיקסירט פון אויסבויאיסטן, ניט פון מומחים אויף די שייכותדיקע געביטן, מוזן די רעזולטאַטן זיין הומר אויף גוטמוטיקן געלעכטער, ווי עס האָט איידל מרמז געווען יודל מאַרק בנוגע שעכטערס „באָטאַנישע טערמינען“ ווייבלדיקע סאָסנע און אָפּטימיסטיש גרינשווערדל (זע מ. שעכטער 1966: 78; מאַרק 1966: 80).

דער וויכטיקסטער אויפטוער אויף דעם געביט איז שעכטערס גוטהאַרציקער קאָלעגע (פּסעוודאָנים?), א. לעמבעריקער, וועלכער פירט אָן יאָרן לאַנג מיט אַ רובריק אין זשורנאַל אויפן שוועל וואָס הייסט „אַ וועלט מיט קליינע וועלטעלעך“. צו דער באָטאַניק באַשרייבט ער דעם וואורשטבוים מיטן פלעדערמויז־בוים מיטן ים המלח רימעניק מיטן ים המלח העליאָטראָפּ (לעמבעריקער 1982: 15). צום מיליטער וויים ער פון ראַקעטיקע גראַנאַטן און אַקסל־זעניט־ראַקעטן (לעמבעריקער 1981: 15). צו דער פיזיק וויים ער צו דערציילן פון ריזעדיקן פּאַרטיקלען־פאַרגיכערער, און פונעם לעילא־ולעילאדיקן וועלוועלערן איבערצוניפשטויסער (לעמבעריקער 1988: 18-19). נו, שלום עליכם האָט דאָך מיט אונדז געלערנט אַז דאָקטוירים

הייסן לאַכן, נאָר איין קשיא בלייבט: צי איז דער פריינט לעמבעריקער ערנסט מיט זיינע פֿאָרשלאַגן צי איז דאָס אַ סאַטירע וואָס די טאָלעראַנטע רעדאַקציע פֿון יענעם זשורנאַל דרוקט אָפּ אויף צו פֿאַרווײַלן די לייענער?

דאָס אַלין איז אַ ווייטער מהלך פֿון יענע געביטן וואו מ׳האָט טאַקע געפּאָרשט אויף ייִדיש און וואָס מ׳פֿאָרשט ווייטער אויף ייִדיש. דאָרטן איז אויפֿגעקומען אַ ריכטיקע טערמינאָלאָגיע. בשעתן אַרבעטן קלערט מען זיך אַריין, מ׳שאַפֿט, און פֿון די־אָ ווערק אויף מאָדערנע געביטן קומען נייע טערמינען. אַזוי אַרום איז דאָ אויף ייִדיש אַ רייכע לינגוויסטישע טערמינאָלאָגיע אַדאַנק (אין אַ גרויסער מאָס) מאַקס ווײַנרייכן. אָט ווי לייבוש לעהרער באַשרייבט אַ וואָרט אין דער פּסיכאָלאָגיע:

> נעמט, למשל, אַזאַ באַגריף וואָס די דײַטשן רופֿן עמפּפֿינדונג, און אין ייִדיש שפּירונג. דאָס איז די ספּעציפֿישע איבערלעבונג, וואָס מיר האָבן בעת אונדזערע חושים ווערן אָנגערעגט, מיר „שפּירן״ אַ טעם, אַ ריח, די האַרטקייט פֿון אַ זאַך, א.ד.ג. מיט דעם וואָרט שפּירונג האָט גלאַט פּאַסירט אַ שיינע מעשה. דרײַ ייִדן, וואָס האָבן אין פֿאַרשידענע לענדער געשריבן אויף פּסיכאָלאָגישע טעמעס, זענען אײַנגאַנצן אומאָפּהענגיק איינער פֿונעם צווייטן געפֿאַלן אויפֿן שכל צו באַנוצן דאָס וואָרט שפּירונג פֿאַר די אײַנדרוקן פֿון די חושים. עס דערמאָנט אָן דער לעגענדע וועגן דער סעפּטואַגינטאַ. תּלמי המלך האָט אַוועקגעזעצט צוויי און זיבעציק ייִדישע זקנים, יעדן אין אַ באַזונדער צימער, און זיי געהייסן איבערזעצן די תּורה, און גאָט האָט זיי אַלעמען אײַנגעגעבן איין געדאַנק, און אַלע האָבן געמאַכט די איבערזעצונג פּונקט מיט די זעלביקע ווערטער.

(לעהרער 1929: 211)



אין סך־הכל, אויב אַזוי, זײַנען פֿאַראַן פֿיר הויפּט אינספּיראַציעס צו „פֿאָרשלאַגן״ בײַ די אויסבויאיסטן. זיי קומען (א) אויף צו פֿאַרבײַטן ווערטער פֿונעם נײַ־דײַטשישן קאָמפּאָנענט אין ייִדיש וואָס זיי האַלטן פֿאַר „דײַטשמעריש״; (ב) אויף צו פֿאַרבײַטן ווערטער פֿונעם אַלטן גערמאַנישן קאָמפּאָנענט אין ייִדיש וואָס זײַנען, לויט זייער אויסבויאיס־טישן חוש, „צו נאָענט״ צו דײַטש; (ג) אויף אויסצודריקן מיט איין טערמין דאָס וואָס אויף ענגליש דריקט זיך אויס מיט איין טערמין; (ד) אויף באַגריפֿן פֿון דער מאָדערנער טעכנאָלאָגיע וואָס קיינער פֿאָרשט ניט הײַנט צו טאָג אויף ייִדיש. דער בשותּפֿותדיקער פּועל יוצא בײַ די פֿיר גורמים איז אַן איינאיינציקער: אַ ים מיט אויסטראַכטעכצער וואָס זײַנען נאָר פּעאיק ברענגען ייִדיש — היזק.

ייִדיש איז אַ ספּעציפֿישע שפּראַך מיט ספּעציפֿישע אייגנאַרטיקייטן. די אָרעמקייט אין טעכנאָלאָגישער טערמינאָלאָגיע איז לחלוטין ניט קיין חסרון, כּל זמן קיין פּראָפֿעסיאָנאַלן אויף די־אָ געביטן פֿאָרשן זיי ניט אויס אויף ייִדיש. שפּראַך־פֿילאָזאָפֿיש איז די ספּעציפֿישקייט פֿון דער ייִדישער שפּראַך אַ פֿאַקט פֿון איר עקזיסטענץ.

יודל מאַרק האָט זיך וועגן דעם אויסגעדריקט אָט אַזוי אָ:

> הכלל, עס איז אַ געבאָט אויף אונדז יאָ צו שאַפֿן נעאָלאָגיזמען. איז עס אָבער אַ הפֿקר־פֿעלד? בשום אופֿן ניט. פֿון איין זײַט מוז אַ נעאָלאָגיזם ווי ניט איז ווערן באַרעכטיקט [...] און אַ הסכּם מוז פֿון ערגעץ קומען.

(י. מאַרק 1952ב: 70)

יודל מאַרק האָט אויך גוט פֿאַרשטאַנען, אַז די

באַשאַפער פון נייע ווערטער וואָס נעמען זיך אָן זיינען אין רוב פאַלן: די *פּאָעטן* (מאַרק 1954: 1). ד.ה. — ניט די לינגוויסטן. און ער האָט רעכט.

מעינקע קאַץ האָט באַוואָרנט קעגן די עמערס מיט אויסבויאיסטישע פאָרשלאַגן בזה הלשון:

> קלאָר אַז אַזוינע ווערטער זיינען ניט קיין געראָטענע חידושים, נאָר ווערטער אַרויסגעזויגן פון פינגער, ווערטער — ווענט=קריכער אָדער ווערטער וואָס זיצן אויף טערקיש, ווערטער וואָס פאַרגרילצן דאָס האָב און גוטס פון אונדזער לשון.
>
> יע, יידיש ווערט פאַראַביונט אָן נייע ווערטער, נאָר איידער אונדזערע רביים כשרן נייע ווערטער מוזן זיי זיך צוהערן צום פאָלק כדי צו וויסן אויב דאָס וואָרט האָט אַ יידישן טעם. [...] מיינע אויערן ווערן פאַרגראַגערט [...] פון אַזוינע באַנייטע „חידושים".
>
> (מ. קאַץ 1979א: 9)

לאָמיר פאַרענדיקן מיט אַ קאָנטראַסט צווישן דער היינטיקער קאָנפראָנטירונג מענטאַליטעט, און דעם גרויסן פּיאָנער פון דער יידישער לעקסיקאָגראַפיע אין נייַנצנטן יאָרהונדערט, י. מ. ליפשיץ, וועלכער האָט אַזוי געטריי אָפּגעשפּיגלט דעם עכטן אוקראַאינישן יידיש. אין זיין רוסיש=יידישן ווערטערבוך, וואַרפט זיך אין די אויגן די אומגעהייער גרויסע עשירות פון יידיש אויף אָן אַ שיעור געביטן פון מענטשלעכן לעבן און טראַכטן. אין דער זעלביקער צייט, האָט דער מחבר ניט מורא געהאַט אַן איינאיינציקן רוסישן טערמין איבערצוזעצן מיט אַ דעסקריפּטיווער יידישער פראַזע, למשל: „דער וואָס פאַרזשמורעט די אויגן" (1869: 85); „דאָס וואָס מע דעקט



איין די ראָשטשינע דערמיט" (122); „דער וואַרשטיט פון אַ קאָוועל" (126); „די קאַמער אין אַ שיף וואו סע ליגט פולווער" (130); „דער סוחר פון געפּעקלטער סחורה" (130); „דער רימען וואָס אַ שוסטער גייט ביי דער קני" (272); „דער וואָס רעדט מיט משלים" (292); „דאָס שטיק פעלד צווישן אַ טראַקט און אַ דאָרף" (304); „די זאַך וואָס איז פון דער נאַטור געבוירן, די ניט געמאַכטע זאַך" (337); „דער מענטש וואָס גיט זיך אַ פאַלשן נאָמען אָדער טיטל" (337).

## השפעות פון דער לאַנדשפּראַך

יידיש איז אַ שפּראַך אָן אַ מלוכה. איז עס מדעיקרא וויכטיק צו היטן, אַז דער יידיש פון אַוועלכן ניט איז לאַנד זאָל ניט פאַרפלייצט ווערן מיט ווערטער און קאַלקעס (ליי=איבערזעצונגען) פון דער לאַנדשפּראַך. אַזעלכע פאַרפלייצונגען זיינען אָפט דער ערשטער שטאַפּל פון איבערגאַנג צו דער לאַנדשפּראַך. אַזוי אַרום איז דאָס „היטן די גרענעצן אויף וויפל מ'קען" פאַרבונדן ניט נאָר מיט דער קוואַליטעט פונעם יידיש פון אַוועלכן ניט איז לאַנד, נאָר אויך מיט זיין עצם קיום.

נאָר וואָס, מ'טאָר ניט איבערכאַפּן די מאָס. אַן עקסטרעמער פּוריזם באַקומט זיך מאָדנע אַפילו פאַר די געטרייסטע טוער אויפן געביט פון יידיש, פאַר די אויערן פון סאַמע יידישע שרייבער. טאָ וואָס איז געדרונגען? אין איטלעכן לאַנד איז פאַראַן אַ קאָרפּוס פון טאָגטעגלעכע ווערטער און אויסדרוקן וואָס ווערן גענוצט בעל=פּה. זיי

ווערן אויסגעמיטן בכתב און זיי ווערן אויך באַוואוסטזיניקערהייט אויסגעמיטן ביים צונויפרעדן זיך מיט יידיש רעדנדיקע פון אַנדערע לענדער. אין אַמעריקע גייען דאָ אַריין אין חשבון אָלרייט ׳מהיכא תיתי׳, ׳גוט׳; נאָ ׳ניין׳; קאַר ׳אויטאָמאָביל׳; מאַכן פּראָגרעס ׳פּראָגרעסירן׳; טרייבן ׳פירן (אַ מאַשין)׳. אין די רוסיש רעדנדיקע לענדער: דאַ ׳יאָ׳; כאַראַשאָ ׳גוט׳; סטאַנאָווקע ׳סטאַנציע׳; זיך אָנגעבן אין דעמיסיע ׳רעזיגנירן׳.

די לאַנדשפּראַך פּראַגע איז אין פּרינציפּ אַנדערש אין די וועלט צענטערס פון יידיש, דער עיקר: צפון אַמעריקע, ארץ ישראל און די לענדער פון געוועזענעם סאָוועטן⸗פאַרבאַנד, פּשוט דערפאַר ווייל דאָרטן וואו אַן אָנזעעוודיקע צאָל שרייבער נעמען אָן השפּעות, גייען זיי אַריין אין אוצר פונעם וועלט יידיש. דאָס קען ניט געזאָגט ווערן וועגן, לאָמיר אָנכאַפּן, די השפּעות פון פּאָרטוגעזיש אין בראַזיל צי שוועדיש אין שוועדן, וואו דאָס אויספעלן פון השפּעה איבער דער יידיש וועלט בכלל איז גורם אַז די לאָקאַלע השפּעות זאָלן בלייבן — לאָקאַל.

אין סאַמע ערשטן נומער פון זשורנאַל יידישע שפּראַך האָט ש. ניגער פאַרעפנטלעכט זיין באַוואוסטע אַרבעט איבער אַנגליציזמען א. ט. „לאָמיר זיי כשרן״ (ניגער 1941). פונעם נאָמען פון דער עסיי, טאָר מען אָבער ניט דרינגען אַז ניגער איז געקומען מיטן „באָיטשיק וואָס האָט געוואָקט אין סטריט״. ניגער האָט פאָרגעשלאָגן פאָרזיכטיקע און מעסיקע אַריינלאָזונג פון ווערטער און קאָנסטרוקציעס וואָס האָבן שוין במילא אַ דריסת רגל ביי אָפּגעהיטע שרייבער (צ. ב. אָלרייטניק, בלאָף, פּעדלער). ווי אַ פּאַראַלעל ברענגט ניגער מענדעלעס צווייטע אויסגאַבע פון פישקע דער קרומער, וואו



נאַראָד איז געוואָרן עולם, אָבער טאָרעט איז פאַרבליבן טאָרעט. אין צווייטן נומער פון זשורנאַל, האָט מאַקס ווײַנרייך געענטפערט און אויפגעשטעלט די קאַטעגאָריעס: קאָרעקטע שפּראַך; יידישע קולטור שפּראַך אין אַמעריקע; די קולטורעלע כלל⸗שפּראַך (מ. ווײַנרייך 1941: 41-46). אין זיין הקדמה צו סטוטשקאָווס אוצר האָט ער דעם ענין באַוויזן קורץ און שאַרף צו באַשרייבן:

> אַחוץ דער „רעגעלער״ שפּראַך, וואָס זי איז אַ פענאָמען פון דיסאינטעגראַציע, זיינען פאַראַן לכל הפּחות נאָך דריי שפּראַך שטאַפּלען: די קאָרעקטע שפּראַך אויף אַ מער היימישן שטייגער; די קולטור שפּראַך פאַר אַמעריקע גופא; די קולטורעלע כלל⸗שפּראַך פאַר יידן איבער דער גאַנצער וועלט. אין דער היימישלעכער קאָרעקטער שפּראַך קענען מיר נוצן אַזוינע ווערטער און אויסדרוקן ווי אָלרייט, אָנגיין מיט דער אַרבעט, גוט אָפּ, באַדערן, ביזי ביי קלאָוקס, טראָבל, פּייקער א.ד.ג. אָבער אין דער קולטור שפּראַך, אַפילו ווען זי איז אויסגערעכנט אויף אַמעריקע און נישט מער, קלינגען אָט די שפּראַך עלעמענטן פּראָסטלעך. מיר וועלן אָבער אויף דעם דאָזיקן שטאַפּל יאָ נוצן אַזוינע ווערטער ווי יוניאָן אָדער פּובליסיטי, און כאָטש מיר וועלן בשום אופן ניט זאָגן, אַז שיקאַגאָ ליגט וועסט פון ניו⸗יאָרק (דאָ מוזן מיר זאָגן: אויף מערב) און מיר וועלן לחלוטין פאַרבראַקירן סטריט, וועלן מיר אָבער ניט געפינען קיין סירכא אין: וועסט 123טע גאַס. געוויס וועלן מיר נוצן, אַפילו אויף דעם שטאַפּל פון פּשוטער קאָרעקטקייט, יאָרד און סימפּאַטיקער, ניט אײַאָדײַן און סימפּאַטײַזער. אָבער לאָיער וועלן מיר אַוודאי זאָגן, אין דער קולטור שפּראַך אויך, ווען מיר ריידן וועגן דעם שכנם איידעם אין ברוקלין, און ס׳איז אויך רעכט ביי אַ משפּט (אָדער אַ פּראָצעס, אָבער ניט קיין טרײַעל) אין וואַשינגטאָן; טאָמער גייט אָבער וועגן דעם דרייפוס פּראָצעס אָדער דעם

ביילים פּראָצעס, וועלן מיר נוצן ניט אַנדערש דאָס כלל־שפּראַכיקע וואָרט: אַדוואָקאַטן. וואָס בכלל ניט און וואָס יאָ, און וואָס יאָ אויף וואָסער שטאַפּל — דאָס דאַרף אונדזער שפּראַך טאַקע אונטערזאָגן. פון פאַל צו פאַל קענען זיין חילוקי דעות צוליב אונטערשיידן אין אינדיווידועלן געשמאַק; אָבער די מאָסן זיינען מאָסן.

(מ. ווײַנרייך 1950: xvi)

אין דער געשריבענער שפּראַך דאַרף מען זיך היטן, סײַ פאַר איבעריקע קאַלקעס פון דער לאַנדשפּראַך און סײַ — פאַרן איבערגעטריבענעם פּוריזם. ל. שאַפּיראָס סך־הכל פונעם ענין קאַלקעס איז געבליבן אַזוי פריש און קלאָר ווי דעמאָלט ווען ער האָט עס פאָרמולירט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק:

איך האָב אויפגעהערט זיך שרעקן פאַר נעמען פון אַנדערע שפּראַכן נישט נאָר ווערטער וואָס מיר פאַרמאָגן ניט זייער עקוויוואַלענט, נאָר אַפילו סינטאַקטישע פאָרמען און ווענדונגען, אויב נאָר זיי זענען ניט שטערנג אידיאָמאַטיש. אַן אמתער אידיאָם קלינגט זינלאָז ווען איבערזעצט ווערטערלעך אין אַן אַנדער שפּראַך. אָבער אָט פאַרענדיק איך מיינע אַ דיסקוסיע מיט די ווערטער: „וואָס דאָס איז ווי עס דאַרף צו זיין". אַוודאי איז עס גענומען פון ענגליש, אָבער דאָס קאָן מען גלייך פאַרשטיין אין יעדער שפּראַך. אַזעלכע זאַכן זענען בלויז אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע דערגרייכונג אין טאָן און געדאַנק, און עס איז ניטאָ קיין גרונד זיך פון זיי אָפּצוזאָגן. איז ווען עס וועקט מיין פאַנטאַזיע, קלינגט גוט צו מיין אויער און איז זיס צו מיין גומען, איז עס גוטער יידיש.

(שאַפּיראָ 1945: 17-18)

אמת, ניט יעדער איינער האָט דעם טאַלאַנט און דעם



חוש פון ל. שאַפּיראָ. און דאָך איז דער אַרויסזאָג זיינער אַ ריכטיקער אין פּרינציפּ. דאָס רעדט ניט קיין פאַרשפּרייטער פון „פּאָטייטאָ יידיש". דאָס רעדט אַ שרייבער, אַ מענטש, וואָס איז טיף פאַרליבט אין יידיש און איז איינער פון אונדזערע גרעסטע סטיליסטן. מיט עטלעכע שורות ווייטער האָט ער זיך „מודה געווען":

וואָס זאָל איך לייקענען? — די יידישע שפּראַך האָט מיר אָפּגעטאָן אַ כישוף. זי איז סוף כל סוף מיין שענסטע געליבטע, און איך האָף צו שטאַרבן ביי אירע פיס. —

(ל. שאַפּיראָ 1945: 18)

## נעמען

אָנשטאָט אַ הקדמה — אַן אויסצוג פון מ. נודעלמאַנס אַ הומאָרעסק:

אויפן ברית האָב איך מיך געפרייט, — ס'ערשטע אייניקל לויטן אַמעריקאַנער שניט.

איך האָב מיך אָבער, אויפן ברית, אויך געשראָקן.

כ'האָב מורא געהאַט, מ'זאָל אים, חלילה, ניט אַ נאָמען געבן „דאָנגעלד", נאָך זיין עלטערזיידן, דוב־בער עליו השלום.

אָדער — „מילטאָן", נאָך זיין פעטער ר' מאיר־איציק, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער דאָרט האָבן.

אָדער גאָר — „קריסטאָפער", נאָך זיין עלטערפעטער, ר' קלמן־ברוך, זכרונו לברכה.

אָבער אַזוי ווי איך האָב נאָר דערהערט, אויפן ברית, דעם „ויקרא שמו אוירווינג", איז מיר אַ שטיין אַראָפּ פון האַרץ, און ס'איז מיר געוואָרן יום־טובדיק אויף דער נשמה.

אַבי — אַ יידישער נאָמען: „אווירווינג"!
(נודעלמאַן 1960: 46)

מדעיקרא געהערן נעמען פון מענטשן דעם תחום פון רשות היחיד. איטלעכער מעג זיך אָנרופן ווי ס׳גלוסט זיך אים אָדער איר, סיי ביים ריידן סיי ביים שרייבן. אַזוי אַרום איז פון לינגוויסטיש־גראַמאַטישן שטאַנדפונקט דאָ ניטאָ וואָס צו ריידן. דאָ איז ניט שייך יענעם צו געבן עצות. אַנאַליזירן מעג מען. הלוואַי זאָל אַ טאַלאַנטירטער פאָרשער נעמען אָנשרייבן אַ מאָנאָגראַפיע איבערן רייכן קאָמפלעקס פסיכאָלאָגישע, סאָציאָלאָגישע און אידעאָלאָגישע פאַקטאָרן, וואָס שפילן דאָ אַ ראָלע. דאָ וועלן מוזן קלעקן אַ פּאָר באַמערקונגען צום ענין, וואָס מיר האָפן, אַז זיי וועלן אינספירירן אַנדערע צו פאַרטיפטער אַרבעט. דאָס גאַנצע איצטיקע בוך איז סוביעקטיוו, און די ווייטערדיקע באַמערקונגען — סוביעקטיוו שבסוביעקטיוו.

אין אַ „נאָרמאַלער" געזעלשאַפט זיינען פאַראַן נאָרמעס מכּח פערזענלעכע נעמען, וואָס ווערן פרייוויליק אָפגעהיט דורך דער באַפעלקערונג. צי מ׳גיט אַ נאָמען נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם, ווי ביי אַשכנזים, צי נאָך אַ לעבעדיקן, ווי ביי אַנדערע, צי מ׳קלייבט אויס אַ שיינעם נאָמען וואָס איז באַקאַנט, זיינען מערסטע טאַטע־מאַמעס אויסן זייער קינד צו געבן אַ נאָמען וואָס וועט דעם קינד ניט שאַפן קיין „בושות" ביי אַנדערע קינדער.

אין דער פאַרמלחמהדיקער מזרח אייראָפּע (און אין אַ געוויסער מאָס אין טראַדיציאָנעלע קהילות היינט צו טאָג), איז געווען אַן איינגעפונדעוועטע ברייט־אַנטוויקלטע סיסטעם וואָס איז באַשטאַנען פון אַ סך שיכטן. די יסודותדיקסטע



דריי אין פריוואַטן לעבן: דער פאָרמעלער נאָמען (דער „אויפרוף נאָמען"), דער טאָגטעגלעכער נאָמען (דער „נאָמען") און דער דימינוטיוו („פאַרצויגן"). דוגמאות פון סווינציאַן (אַמאָליקער ווילנער גובערניע, היינט ליטע): פאָרמעל צפורה, אברהם; טאָגטעגלעך ציפּע, אַווּרעמע; פאַרצויגן ציפּקע, אַווּרעמקע. אין גאָר אַ סך פאַלן זיינען די דימינוטיוון געוואָרן „סתם נעמען" פאַר זיך.

אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָט מען מענטשן אָנגערופן מיט דרייערליי ביינעמען — דעם פאָרמעלן (אין בית־מדרש, ביים חתונה האָבן און אויף מצבות): צפורה בת אליעזר, אברהם בן אהרן־זאב; טאָגטעגלעך: ציפּע לייזערס, אַווּרעמע אהרן־וועלוולס; פּאָפּולער (דער צונאָמען): ציפּע די געלע, אַווּרעמע זייגערמאַכער.

מ׳דאַרף אויך האַלטן פאַרן אויג אַז יידישע נעמען באַשטייען אָפטמאָל, היסטאָריש גערעדט, פון צוויי נעמען וואָס פונקציאָנירן אין דער שפּראַך ווי איין נאָמען: גיטע־ביילע און חיים־לייזער זיינען לחלוטין ניט צום פאַרבייטן מיטן מערבדיקן „גיטע ב." און „חיים ל.".

רעאַליסטיש גערעדט, האָט זיך דאָס אַלץ ניט געקענט אויפהאַלטן אויסער דער מזרח־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. אין די אימיגראַציע לענדער פון ניינצנטן יאָרהונדערט און ביזן היינטיקן טאָג איז דער נאָרמאַלער, דורכשניטלעכער גאַנג (מיט אַ קליינער צאָל אויסנאַמען): אַוועקוואַרפן די גאַנצע יידישע סיסטעם נעמען און אָננעמען אַ נאָמען פון דער לאַנדשפּראַך וואָס הייבט זיך אָן מיטן זעלביקן קלאַנג, און אויפהיטן אַ נוסח (בדרך כלל בלויז דעם אויפרוף נאָמען, און דאָס אויך אָפטמאָל העברעאיזירט, און אין דער צווייטער העלפט צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויך: ספרדיזירט) פאַר

דער ניי־וועלטישער תלמוד־תורה, פֿאַר דער בר מצווה און נאָך אַ קליין ביסעלע ראַנדיקע באַנוצונגען אין גאַנג פֿונעם מענטשלעכן לעבן.

אין די מערבֿדיקע לענדער האָבן זיך יידישע פֿאַמיליע נעמען על פּי רובֿ געהאַלטן.

אין ארץ ישׂראל, פֿאַרקערט, ווי אַ פּועל יוצא פֿונעם אידעאָלאָגישן העברעאיזם און אַן אָפֿענער פּאָליטיק קעגן יידישע נעמען מצד דער רעגירונג אין גאַנג פֿון אַ סך יאָרן, זיינען טויזנטער יידישע פֿאַמיליע נעמען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן און פֿאַרביטן געוואָרן אויף מאָדערנע העברעאישע נעמען, למשל: פֿון רפֿאַלאָוויטש — בן־רפֿאל (bɛn rəfaɛ́l); פֿון ווײַס — לבֿני; גאָלדבערג — זהבֿי. אין אַ סך פֿאַלן האָט מען סתם גענומען „אידעאָלאָגיש כשרע" העברעאישע נעמען, למשל: הרמתי (haramáti), הר הגלבוע (har hagilbóa). ביי פּרט־נעמען, איז פֿונעם יידישן נאָמען אָפֿטמאָל קיין זכר ניט געבליבן. נאָך אַ באָבע זיסל גיט מען אַ נאָמען מתוקה (mɛtúka), נאָך בלומקע — שושנה (šošána), נאָך שיינדל — יפֿה (jáfa).

צום גרויסן באַדויערן, איז אָנגענומען אין גאָר אַ סך העברעאישע טאָגשולן איבער דער וועלט, די יידישע נעמען אויסצוואָרצלען דורכן באַשמוצן זיי אין די אויגן פֿון די תּלמידים שוין פֿון ערשטן קלאַס. איך געדענק אַליין אין ניו־יאָרקער העברעאישע טאָגשולן, ווי אַזוי לערער האָבן אַשטייגער יעדע זיסל געגעבן צו פֿאַרשטיין אַז זיסל איז „ניט קיין נאָמען" אָדער אין בעסטן פֿאַל: „אַ גרייז", און די תּלמידה דאַרף מהיום והלאה הייסן אַזוי און אַזוי. עס גייט די רייד וועגן דעם „נאָמען פֿאַר די קלאַסן אין דער העברעאישער שול" מחמת די־אָ קינדער רופֿן זיך נאָר מיט



אַן ענגלישן (צי אַ שפּאַנישן, פֿראַנצייזישן וכו') נאָמען אין טאָגטעגלעכן לעבן. ס'איז ניט צום גלייבן אַז אַזויפֿל יאָר נאָכדעם ווי מדינת ישׂראל און דער מאָדערנער העברעאיש זיינען אַזוי פֿעסט עטאַבלירט, פֿירט זיך נאָך די קולטורעלע מלחמה קעגן יידיש אין העברעאישע טאָגשולן איבער דער גאָרער וועלט. פֿאַרשטייט זיך אַז די מלחמה קעגן די יידישע נעמען איז ניט אָפּצוטיילן פֿונעם באָיקאָט קעגן יידיש, וואָס האַלט זיך אייזן פֿעסט אינעם ווייט גרעסטן רובֿ פֿון די־אָ שולן. יידישע שרייבער לערנט מען נאָך הייַנט אין העברעאישער איבערזעצונג אָן קיין שום דערמאָנונג אַז די ווערק זיינען איבערגעזעצט געוואָרן פֿון יידיש.

אין די ביידע פֿאַלן, סיי אין די מערבֿדיקע לענדער, סיי אין ארץ ישׂראל, איז דאָס אַוועקוואַרפֿן יידישע פּרט־נעמען געווען פֿאַרבונדן מיט סאָציאָלאָגישע פּראָצעסן. אין דער מערבֿדיקער וועלט — מיט אַסימילאַציע, און אין ארץ ישׂראל — מיט אַ בפֿירוש „זשאַרגאָן־פֿרעסערישן" אידעאָלאָגישן העברעאיזם. ניט יעדער יחיד אין די ביידע פֿאַלן איז אַליין אַ „דענקער", וואָס האָט זיך ביי זיך אין האַרצן אויסגעאַרבעט אַ „שיטה". נאָר וואָס, די מערסטע מענטשן פֿאָלגן נאָך די נאָרמעס אין די געזעלשאַפֿטן אין וועלכע זיי געפֿינען זיך.

אַז מ'וועט ריכטיק אויספֿאָרשן די אַלע גורמים צום מאַסנווייזן אַוועקגיין פֿון יידישע נעמען, וועט מען געפֿינען אַ ברייט־פֿאַרצווייגטע נעץ פֿון פֿאַקטאָרן, סיי יחידישע, סיי געזעלשאַפֿטלעכע: קאָמפּלעקסן וועגן יידיש, זעלבסט־שׂנאה צו די אייגענע היסטאָרישע שרשים, אַ ווילן אָנגענומען צו ווערן (און אַ ווילן די קינדער זאָלן אָנגענומען ווערן) אין נייעם לאַנד.

אויסער חסידישע קרייזן (צום טייל), און אַ פּיצינקן הייפעלע ייִנגערע ייִדישיסטישע קרייזן (דער עיקר אין ניו־יאָרק), זיינען די ייִדישע נעמען „אַריין אין דער געשיכטע". מער פון אַלץ — אַזעלכע נעמען וואָס דעקן זיך ניט מיט העברעאישע (שיינדל, בענדע); מער פון אַלץ — די „טאָפּלטע" ייִדישע פּרט־נעמען (סימע־לאה, אבא־לייזער).

אַז עס טרעפט אין אַ געזעלשאַפט, אַז אַ געוויסער מין נאָמען ווערט אַרכעאיש, איז דאָס באַנוצן זיך מיט אַזאַ מין נאָמען, און דאָס געבן קינדער אַזעלכע מיני נעמען, שוין ניט קיין ענין נאָר פון „פּערזענלעכער פּרעפערענץ", ס'איז אַן אידעאָלאָגישע דעקלאַראַציע. דעם פּאַטריאָט פון ייִדישע נעמען (און מיר האַלטן זיך גראַדע פֿאַר פּאַטריאָטן פון ייִדישע נעמען), קען אויסקומען מאָדנע (און טרויעריק), וואָס אָטאָ די נעמען זיינען היינט געוואָרן „דעקלאַראַציעס", אָבער: דער סאָציאָלינגוויסטישער אמת איז עס פּאַרט.

צי לוינט זיך דעם יחיד זיך אַריינצושטעלן אין דער „פּריקרער" לאַגע, וואו דער אייגענער נ אָ מ ע ן איז אַ „דעקלאַראַציע"? צי לוינט זיך עלטערן געבן קינדער נעמען וואָס וועלן זיין מאָדנע אין די אויגן פון אַנדערע קינדער? דער ענטפער שטעקט אין דעם, צי מ'וויל מאַכן אַזאַ דעק־לאַראַציע. זיך אַנטקעגנשטעלן דעם שטראָם פאָדערט באַ־האַרצטקייט און דעם אמת געזאָגט: אידעאַליזם. ניט יעדער „מאַיקל" וויל זיך רופן „מרדכי" און ניט יעדער „מרדכי" וויל זיך רופן „מאָטל". דאָס אויסקלייבן אַ ספּעציפיש־ייִדישן נאָמען (למשל: Srul, Srol, Srolik, Srolke) פאָדערט אַשטייגער מער „געוואַגטקייט", מער „כאַראַקטער" אין דער היינטיקער סאָציאָלאָגיע פון דער זאַך, איידער אַ נאָמען וואָס דעקט זיך מיטן „פּאָפּולערן" העברעאישן (Yisrael). אַ



לאַטייניש שרייבונג וואָס פאָלגט די אַשכנזישע הברה, פאַרנעמט אַ סאָציאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישן מיטלפּונקט (Yisroel). אַזוי אַרום זעט זיך למשל אין אַמעריקע, אַ קאָנטינואום פונעם אוניווערסאַלן אָנגענומענעם נוסח ביי די מיליאָנען (אַן ענגלישער נאָמען און שוין — Isidore, Ira, Irving וכו'), ביזן סאַמע „ייִדישיסטישן" נוסח וואָס עקזיסטירט ביי אַ געציילטע פּאָר יחידים, און אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ביי טראַדיציאָנעלע פרומע ייִדן.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס עס האַלט מיט ייִדישע נעמען שמאָל, דאַרף מען — אַזוי האַלטן מיר — זיך סטאַרען אויפהיטן אונדזערע דור־דורותדיקע נעמען, קודם כל אין ייִדיש גופא. דאָרטן וואו אַ טראַדיציאָנעלע שרייבונג איז ניט צום לייענען ריכטיק („ריכטיק" הייסט בהסכם מיטן פּאַקטישן אַרויסרייד), מעג מען (אויב מ'וויל!) פ אָ נ ע ט י ז י ר ן. מיר זיינען פולשטענדיק מסכים מיט שעכטערן:

> גנבעט זיך אַריין אַן אפּיקורסישע מחשבה: אפשר וואָלט גאָר געווען אַ שכל ביי ספּקדיקע פאַלן די תנכישע נעמען בכלל אויסלייגן „נאַטוראַליזירטערהייט"?
>
> (שעכטער 1991: 1)

דאָ שטעקט אַפילו ניט קיין אפּיקורסות. דאָ גייט אין שכל הישר. דודל לייענט זיך ליטוויש dɔ́vidl, דרומדיק dúvidl, איז ניטאָ קיין צרה. אַז אַ ייִד וואָס שטאַמט פון פּוילן הייסט אָבער avréjml, און אַ פרוי וואָס שטאַמט פון דער ליטע הייסט xánkə, איז עס אָבער גאָר אַן אַנדער ענין. אברהמל קען אויך זיין avrɛ́ml, avrúml, און נאָך וואָס. חנהקע לאָזט זיך גריילעך פאַלש לייענען xánəkə, איז דער דין: אַוורעימל

און באַנקע און אַראָפּ פון מאַרק. אַזוי אויך: דוועירקע, יעיסקע, מאָינע, מעישקע. היות ווי דעם פתח צוויי יודן נוצט מען ניט על פי רוב, איז כדאַי אָנווענדן די ספּעציאַליזירטע דיפטאָנגען (זע אויבן זז. 152-153).

די קליינע צאָל מענטשן וואָס ווילן אויפהיטן יידישע נעמען אויך אין דער לאַנדשפּראַך (אויסער די פרומע קרייזן), נוצן אָפּטמאָל די אָפיציעלע „ייוואָ טראַנסקריפּציע", אַזוי אַרום Khane אויף חנה, Shike אויף שיקע. די וואָס זיינען צופרידן דערמיט, זאָלן די סיסטעם נוצן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. נאָר וואָס? מ׳טאָר אָבער חלילה ניט מאַכן פון דער ייוואָ טראַנסקריפּציע (וואָס איז אויסגעצייכנט פאַר ביבליאָגראַפישע צוועקן) אַ מין „סטאַנדאַרד", ווייל דעמאָלט הייבן אָן פערזענלעכע נעמען אויסזען גאָר ניט ווי נעמען אלא וואָדען, ווי איינסן אין אַ ביבליאָגראַפיע. יידישע נעמען אויף די לאַנדשפּראַכן דאַרף מען אויסלייגן ווי אַזוי ס׳איז באַקוועם דעם נוגע בדבר. אָטאָ די באַקוועמלעכקייט נעמט זיך אָפּטמאָל פון דער צוגעפּאַסטקייט צו דער אָרטאָגראַפישער סיסטעם פון דער לאַנדשפּראַך און צו דעם וואָס וועט געלייענט ווערן ריכטיק אין דער לאַנדשפּראַך. אין אַמעריקע למשל וואָלט Badonna געווען אַ סך נעענטער סיי צו באַדאַנע סיי צו אַ פאָרמע וואָס זעט בכלל אויס ווי אַ נאָמען אויף ענגליש, איידער Badane וואָס לאָזט זיך פאַלש לייענען bədéjn, ד.ה. „בעדעין". וואָס שייך די ענגליש ריידנדיקע לענדער, איז די בעסטע רשימה ביז היינט צו טאָג אַלכסנדר האַרקאַווים, אין זיין צוגאָב צום דריישפּראַכיקן ווערטערבוך (האַרקאַווי 1928: 525-530; פגל. ה.־ד. קאַץ 1988: xxxv-xxxvi). דאָרטן געפינט מען למשל Alter אויף אַלטער, Bluma אויף בלומע, Dobra אויף דאָברע, Złatta



אויף זלאַטע, Charna אויף טשאַרנע, Simma אויף סימע, Keila אויף קיילע. האַרקאַווי האָט אונדז באַוויזן ווי אַזוי יידישע נעמען קענען אויסזען חנעוודיק און נ י ט אויסטערליש אויף דער לאַנדשפּראַך. הכל תלוי בטראַנסקריפּציע.

## געאָגראַפישע נעמען

ביי נעמען פון שטעטלעך, שטעטעלעך און דערפער, איז וויכטיק צו פּרעזערווירן די יידישע נעמען און ניט סתם אָננעמען דעם אָפיציעלן נאָמען ביי די זיגער אין דער לעצטער מלחמה אין מזרח אייראָפּע. אויף יידיש איז דאָ אַ שטעטל אָזשערנע, ניט יעזשיערנאַ (אין מזרח גאַליציע); סווינציאַנקע (אָדער: ביי סווינציאַן), ניט שווענטשיאָנעליי (אין ליטע). זע בירנבוימס טאָפּאָנימישע רשימה (1979: 135-141) און שעכטערס געזאַמלטע טראַדיציאָנעלע אָרט־נעמען (1986א: 17-49).

אין היסטאָרישע און געאָגראַפישע באַשרייבונגען איז עס אָבער וויכטיק ברענגען א ו י ך דעם איצטיקן אָפיציעלן נאָמען, דער לייענער זאָל דאָס אָרט קענען געפינען אויף אַ מאַפּע און טאַקע — אויף דער וועלט גופא. פרילינג 1992 איז מיר אויסגעקומען גאַנצענע טעג צו זוכן קאַבילניק (אַמאָליקע ווילנער גובערניע, היינט ווייסרוסלאַנד), ניט ווייסנדיק אַז היינט הייסט עס — נאַראָטש.

ביי געאָגראַפישע נעמען וואָס זיינען אָבער געוואָרן ב א ג ר י פ ן אין דער יידישער ליטעראַטור און קולטור

(דער עיקר ווערט דאָס הייסן גרעסערע שטעט און לענדער), דאַרף מען זיך האַלטן ביי דעם אָנגענומענעם נאָמען אַפּילו אויב מ׳האָט עס „דעמאָלט״ גענומען פון דער לאַנדשפּראַך צי פון דייטש, אָנשטאָט פון שייכותדיקן וואַריאַנט פון יידיש. טעאָרעטיש וואָלט בעסער געווען אפשר לעמבעריק און מאָסקעווע, נאָר פּאַרפּאַלן: די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך האָט אָנגענומען לעמבערג און מאָסקווע. והוא הדין.

# מאָרפֿאָלאָגיע און זאַץ־בוי

## גראַמאַטישער מין

וואו אַ מחלוקת צווישן אוריאל ווײַנרײַכס ווערטערבוך (א. ווײַנרײַך 1968) און יודל מאַרקס כּללים 2–23 און זײַן „ווערטערביכל פֿון סובסטאַנטיוון מיט אָנווײַזונגען פֿון גראַמאַטישן מין" וואָס אין זײַן גראַמאַטיק (מאַרק 1978: 122–160), איז דער דין: הלכה כּיודל מאַרק. און דער טעם דערפֿון איז, וואָס יודל מאַרק האָט אויסגעזוכט די פּרעוואַלירנדיקע פֿאָרמע אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַרישער שפּראַך (מיט אַנדערע ווערטער: וואָס איז מער ייִדיש) בעת ווײַנרײַכס ווערטערבוך האַלט זיך בדרך כּלל בײַם פּרינציפּ „וואָס ווײַטער פֿון דײַטש" (צי „וואָס ווײַטער פֿון העברעאיש" וכדומה). מיעוט־פֿאָרמען קענען אַוודאי גילטן אַלס לעגיטימע דיאַלעקטיזמען נאָר ווער ס'וויל אויסזוכן די בילכערע פֿאָרמע אין אונדזער ליטעראַרישער שפּראַך, דאַרף דאָס וואָרט אויפֿזוכן בײַ מאַרקן (בײַ בײדן ווערן די רעקאָמענדירטע וואַריאַנטן געגעבן צוערשט). אַזוי אַרום: די אחריות, די געגנט, די ממשות.

קוקנדיק ווײַטער איידער די פּאַראַנענע וואַריאַנטן בײַ אַזאַ אָדער אַזאַ וואָרט (למשל: דער אָדער דאָס בוך), אַזאַ און אַזאַ פּרעפֿיקס (למשל גע־) אָדער סופֿיקס (למשל ־עריי, ־קייט), איז דאָ אַ העכערער פּרינציפּ אין ספֿק־פֿאַלן, וואָס איז אין

גייסט פון דינאַמישע פּראָצעסן, וואָס יידיש מאַכט דורך סוף צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דער נייטראַלער מין אין יידיש איז אַ פאַרגליווערטער. ער גילט אין אַ פאַרמאַכטער סעריע ווערטער (דאָס וואָרט, דאָס פּנים, דאָס פאָלק וכו׳) און פאָרמען (דער עיקר — די דימינוטיוון: דאָס הינטל, דאָס טישעלע). דער דינאַמישער פּראָצעס זעט זיך ביי נייע ווערטער, אַזעלכע, וואָס זיינען צו יידיש דערגאַנגען פון זינט דעם אָנהייב פון ניינצנטן יאָרהונדערט. די וואָס לאָזן זיך אויס אויף אַן אומבאַטאָנטן וואָקאַל זיינען בדרך כלל פעמינין (די אָרגאַניזאַציע, די קאַטאַסטראָפע, די קאַפּעטעריע), בעת די וואָס ענדיקן זיך מיט אַ קאָנסאָנאַנט, זיינען בדרך כלל מאַסקולין (דער אַדרעס, דער אויטאָמאָביל, דער קאָמפּיוטער).

דערפון איז געדרונגען, אַז וואו אַ ספק צווישן דער און דאָס איז בילכער דער; וואו אַ פראַגע די אָדער דאָס, איז גלייכער: די.

ווען איז דאָס אַלץ גערעדט געוואָרן, אַז דער באַנוצער זוכט אַ רעקאָמענדאַציע. ווער ס׳האָט פון דער היים דיאַלעקטישע פאָרמען, איז אינגאַנצן פריי זיי צו נוצן אויך אין דער ליטעראַרישער שפּראַך, דאָרטן וואו דער וואַריאַנט איז אַ וואַריאַנט אין דער ליטעראַרישער שפּראַך. אַזוי אַרום איז דאָס בטלנות פונקט אַזוי „ריכטיק״ ווי די בטלנות. דאָרטן וואו די דיאַלעקטישע פאָרמע איז אָבער ניט אָנגענומען אין דער ליטעראַרישער שפּראַך, קען מען עס אָנווענדן אַלס דיאַלעקטיזם וואָס „שטופּט״ אַ טעקסט אין אַ געוויסער דיאַלעקטישער ריכטונג (אַשטייגער די דרומדיקע פאָרמען דאָס גרויסקייט, דאָס יידישקייט, די צפונדיקע די לאַנד, די קאָפּ, זע אונטן זז. 271-281).



צווישן חסידישע קינדער, וואָס ריידן יידיש פון דער היים — ביי וועמען עס ליגט די צוקונפט פון יידיש אַלס גערעדטע שפּראַך — זעט זיך קלאָר און בולט אין אַ גאַנצער ריי לענדער דער צונויפפאַל פון אַלע דריי מינים אין דע (אַרויסגערעדט də, dı, dɐ). טשיקאַווע, וואָס אין זיינעם אַ בריוו פון 4טן דעצעמבער 1912 צו ש. ניגערן, האָט דער גאון און בויער פון דער נייער יידישער פילאָלאָגיע, בער באָראָכאָוו, פאָרגעלייגט אַ „פּראָגראַם מאַקסימום״, וואו אַ קליינע צאָל ווערטער בלייבן אויף דער, אַ קליינע צאָל אויף דאָס, און

אַלע איבעריקע נעמען זיינען ווייבלעך (ווייל די אַרטיקל „דע״ איז די קירצסטע, און דע אַקוזאַטיוו איז איינפאַך, ווייל גלייך דער נאָמינאַטיוו).

(אין ניגער 1934: 23)

וואָס אַ גאון קען פאָראויסזען!

## גראַמאַטישער מין ביים פּראָנאָם

סובסטאַנטיוון וואָס שטעלן מיט זיך ניט פאָר קיין מאַסקולינקייט אָדער פעמינינקייט, קען מען פאַרבייטן אָדער מיטן פּראָנאָם וואָס פּאַסט זייער גראַמאַטישן מין, אָדער מיטן אַלגעמיינעם עס: „די טיר איז אָפן?״ — „יאָ, עס איז אָפן״ = „יאָ, זי איז אָפן״; „דער טיש איז אַלט?״ — „ניין, עס איז ניי״ = ניין, ער איז ניי״.

# בייגונג

פּרט⸗נעמען מעג מען בייגן אָדער ניט בייגן (מיט ⸗ן און ⸗ען) אין די אָביעקטיווע בייגפֿאַלן. מ׳קען זאָגן און שרייבן: „אַ בריוו פֿון יאָסל“, אָדער: „אַ בריוו פֿון יאָסלען“. ביידע זײַנען ריכטיק. אין אַטאָ דער פּרשה האַנדלט זיך אינעם ריטעם פֿון זאַץ, אין דער לענג פֿונעם נאָמען, אין דער פֿראַגע ווי באַקאַנט ס׳איז דער נאָמען, ווי קלאָר ס׳איז דער זאַץ. דער געניטער סטיליסט בייגט פּרט⸗נעמען אַמאָל יאָ אַמאָל ניט.

דאָס וואָרט מדבר, אַ סובסטאַנטיוו וואָס איז מאַסקולין, קען זיך בייגן אין דאַטיוו אָדער ווי אַ מאַסקולין אָדער ווי אַ פֿעמינין: „דער מדבר איז וויסט“, אָבער: „אין דער מדבר איז וויסט“ = „אין דעם \ אינעם מדבר איז וויסט“. צווישן ייִדישע שרײַבער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אויך אײַנגעפֿונדעוועט אַזאַ מין צווייאיקייט בײַם אַקראָנים פֿונעם ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט. „דער ייוואָ פֿאַרמאָגט גוואַלדיקע אוצרות“ אָבער: „איך האָב זײַנע מאַנוסקריפּטן אַוועקגעשיקט אין דער ייוואָ“ (= אין דעם \ אינעם ייוואָ). אַזאַ מין איבערדרוק אינעם מין בײַ דער דאַטיוו בייגונג הערט זיך גאַנץ אָפֿט בײַ געניטע קענער פֿון ייִדיש בײַ אַ רײ אַנדערע ווערטער, וואָס זײַנען צו ייִדיש דערגאַנגען ערשט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אַשטייגער דער סאָבוויי, אָבער: מיט דער סאָבוויי (= מיטן סאָבוויי). פֿאַראַן אויך: די סאָבוויי.

וואָס שייך דער בייגונג בײַ אַרטיקלען און אַדיעקטיוון אין אַ ווײַטערדיקן טייל פֿון זאַץ, איז קלאָר אַז די ייִדישע



גראַמאַטיק צווינגט אַ בייגונג אין תּחום פֿון דער זעלביקער פֿראַזע: „איך קוק אויף דער שיינער פֿאָטאָגראַפֿיע“, „איך זע דעם אַלטן ייִדן“ (כאָטש דאָס  נ י ט  בייגן בײַם פֿעמינין — „איך קוק אויף די שיינע פֿאָטאָגראַפֿיע“ — איז זייער פֿאַרשפּרייט אין די דיאַלעקטן און מ׳האָט שוין ניט איינמאָל געשריבן וועגן מעגלעכע רעפֿאָרמען; זע למשל מאַרק 1938א; צו דער דיאַלעקטאָלאָגיע, זע א. ווײַנרײַך 1991: 53-55).

אין דער קומעדיקער פֿראַזע איז עס אָפֿט אַ פֿראַגע פֿון סטיל. ווײַל מען צוטשעפּענען, צואײַנגענען דעם ווײַטערדיקן טייל פֿון זאַץ, בייגט מען. ווײַל מען אַ פּויזע, בייגט מען ניט. אין „ער האָט באַטראַכט דעם לערער, אַן עלטערער ייִד מיט ברילן“, איז דאָ אַ פּויזע בײַ דער קאָמע, בעת אין „ער האָט באַטראַכט דעם לערער, אַן עלטערן ייִד מיט ברילן“, זײַנען די אַלטקייט מיט די ברילן טייל פֿון דעם וואָס ער האָט באַטראַכט, ניט נאָר טייל פֿון דעם וואָס דער נאַראַטאָר גיט איבער.

בײַ נעמען פֿון ביכער און זשורנאַלן קען מען, גראַמאַטיש גערעדט, בייגן אָדער ניט בייגן, ד.ה. „איך האָב עס געלייענט אין דער גאָלדענער קייט“ איז פּונקט אַזוי באַרעכטיקט ווי „איך האָב עס געלייענט אין די גאָלדענע קייט“. מער ייִדישלעך איז דאָס בייגן, דאָס גיט שוואונג און לעבן דעם בוך אָדער זשורנאַל וועגן וועלכן מ׳רעדט. דערצו איז עס באַליבט בײַ ייִדישע שרײַבער (כאָטש די גראַמאַטיק איז דאָ ניט מחייב) צו בייגן אויך אויף מערצאָל, למשל: „פֿרין האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן זײַנע פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן“.

ס׳איז אמת, אַז  י י ד י ש  ווי אַ בייגעוודיקער אַדיעקטיוו קען זײַן אַמביוואַלענט. ס׳איז „טעאָרעטיש“ ניט קלאָר צי אַ ייִדישער שרײַבער הייסט אַ שרײַבער וואָס שרײַבט אויף

יידיש, צי אַ שרייבער אַ ייד, צי אַ שרייבער איבער יידישע טעמעס; צי אַ יידישער לערער איז אַ לערער פון יידיש, צי אַ לערער וואָס איז אַ ייד. עד כאן אַבסטראַקציע. אין ווייט גרעסטן רוב פאַלן איז עס אָבער פאָרט קלאָר ווי דער טאָג. אַז מ׳רעדט אויף יידיש וועגן „יידישע שרייבער" סתם, רעדט מען וועגן שרייבער אין דער יידישער שפראַך: „סטאַלין האָט אויסגעהרגעט די יידישע שרייבער"; „ס׳וועט זיין אַ פראָגראַם וועגן יידישע שרייבער". די פאָרמע וואָס די אויסבויאיסטן שלאָגן פאָר, יידיש־שרייבערס (וועגן דעם רבים וועט באַלד גיין די רייד) איז סיי אומנאַטירלעך, סיי גרילצנדיק; אָט די פאָרמע האָט זיך אָבער שטאַרק אָנגענומען אינעם געדרוקטן יידיש אין ארץ ישראל וואו זי איז פאָפולער צוליב אַ באַזונדערער סיבה: די פאָרגע־שטעלטע באַגרענעצונג פונעם געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם פון דער יידישער ליטעראַטור וואָס שטעקט אינעם טערמין, ד.ה. בכדי אויסצוזען „וויניקער יידישיסטיש" אין אַ געזעל־שאַפט וואָס איז עד היום אָנגעלאָדן מיט קאָמפלעקסן וועגן דער יידישער שפראַך און ליטעראַטור.

דאָרטן וואו די זאַך איז ט אַ ק ע ניט קלאָר, נוצט דער עכט יידישער סטיל אַ פרעפאָזיציע, אַשטייגער: לערער פון יידיש, וואָס איז סטיליסטיש גוט אויף יידיש, להיפוך צו „יידיש־לערער" וואָס שמעקט מיט געקינצלטקייט. פאַרקערט, דאָרטן וואו ס׳איז ניטאָ קיין פעסטע טראַדיציע נוצן דעם נאָרמאַלן אַדיעקטיוו. און מ׳וויל מאַכן קלאָר אַז ס׳גייט אין דער שפראַך, ניט אין יידן סתם, האָט זיך יאָ אָנגענומען דער נייער אומגעבויגענער אַדיעקטיוו יידיש: „די יידיש אינסטיטוציעס אין אַמעריקע", „די יידיש פראָבלעמאַטיק אין דער נייער צייט" וכו׳.



## רבים

סיי ביי אַגענטיוון, סיי ביי סתם סובסטאַנטיוון וואָס ענדיקן זיך אויף ־ער, געפינט מען וואַריאַציע אין די דיאַלעקטן בנוגע דעם רבים: אָדער ס׳בלייבט ־ער אויך אין רבים, אָדער ס׳ווערט ־ערס. צום גרעסטן טייל איז די ליטעראַרישע שפראַך געגאַנגען מיט דער טענדענץ, אַז ביי אַגענטיוון בלייבט דער רבים ־ער: די אַרבעטער, די בעקער, די לייענער, די שוסטער, די שרייבער, בעת ביי סתם סובסטאַנטיוון שאַפט זיך דער רבים מיט סמך: די בעכערס, די ווייזערס, די לייכטערס, די מעסערס, די סוועדערס (אַחוץ דאָרטן וואו ס׳איז (כמעט) ניטאָ קיין וואַריאַציע און אויך ביי סתם סובסטאַנטיוון גילט די נול ענדונג: די טעלער, די פענצטער).

אָטאָ די סיסטעם דיפערענצירונג צווישן מענטשן און זאַכן, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין דער ליטעראַרישער שפראַך, ווערט אָבער חרוב ביי די אויסבויאיסטן וועלכע קלייבן אויס וואַריאַנטן ניט לויט דער סיסטעם פון יידיש, נאָר לויט דעם וואָס איז ווייטער פון דייטש. דערפאַר נעמען זיי אָן בלויז לייענערס, שרייבערס, ניט געקוקט וואָס די גרעסטע מערהייט יידן וואָס ריידן און שרייבן יידיש נוצן לייענער, שרייבער.

דאָ דאַרף מען אָבער צוגעבן, אַז אין אַ סך יידישע דיאַלעקטן, סיי צפונדיקע סיי דרומדיקע (און בפרט אין דרום־מזרח יידיש), גיט מען צו דעם סמך ביי אַלטע (פרע־משכילישע) אַגענטיוון, בעת מ׳נוצט די נול ענדונג ביי אַלע

„מאָדערנע“ אַגענטיוון, ד.ה. אַזעלכע וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר באַגריפֿן וואָס ייִדיש האָט ערשט אַריינגענומען אין נײַנצנטן יאָרהונדערט: „זאָלן זיי זײַן גוטע בעטערס“ (בײַם פֿאַרלאָזן אַ בית־עולם), און — בעקערס, שוסטערס, שנײַדערס, אָבער — אַרבעטער, לייענער, קינסטלער. ווײַל מען דעם קאָנטראַסט אַלט—נײַ איבערפֿאָרמולירן סינכראָניש פֿאַר די־אָ דיאַלעקטן קען מען אָנווענדן יצחק לודענס כּלל: „דעם רבים אויף סמך נוצט מען אין ’די נישט־אינטעלעקטועלע פּראָפֿעסיעס‘“ (לודען 1992). דאָס הייסט נישט חלילה, אַז אין אַלטן אשכּנז זײַנען קיין אינטעלעקטועלע פּראָפֿעסיעס נישט געווען. שוין איינמאָל געווען, נאָר וואָדען, זייערע נעמען געהערן אַמאָפּטסטן דעם סעמיטישן קאָמפּאָנענט: בּורר, דיין, מחבר, מקובל, עילוי, פּוסק, רבֿ וכו׳.

צום פּראַקטישן באַנוץ, איז בעסער אויסמײַדן די געקינצלטע מערצאָל פֿאָרמען מיט סמך בײַ די „מאָדערנע“ אַגענטיוון אויף ־ער, און זיך האַלטן בײַ אונטערדריקער, אַרבעטער, דיכטער, הערשער, לייענער, לערער, נאָכפֿאָל־גער, פּראָזאַיִקער, פּאָרגייער, קינסטלער, קריטיקער, שוי־שפּילער, שרײַבער, שריפֿטשטעלער א. א. וו. היות ווי אַפֿילו בײַ די אַלטע פּראָפֿעסיעס איז נישטאָ קיין סמך ענדונג בײַ גאָר אַ סך וואָס רעדן ייִדיש פֿון דער היים, מעג מען אויסשפּרייטן די נול ענדונג איבער זיי אויך (בעקער, שוסטער וכו׳). ווער ס׳וויל אויפֿהיטן דעם סמך איז מהיכא תּיתי (אַרגומענטן דערפֿאַר — אין רעכטמאַן 1952).

בײַ דער וואַקלעניש אין דער מערצאָל פֿון פֿראַגע: פֿראַגן (דער רבים מיט וועלכן דאָס וואָרט איז אין ייִדיש אַרײַן אין נײַנצנטן יאָרהונדערט) ~ פֿראַגעס (דער „פֿאַרייִדישטער“



רבים) האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ סעמאַנטישער חילוק. כאָטש מ׳קען די בײדע פֿאָרמען טרעפֿן אין אַלע פֿאַלן, זעט זיך בײַ אַ סך אַ נטיה צו נוצן פֿראַגעס אויף ’סתּם אָנפֿרעגן‘ („איך האָב צו דיר צוויי פֿראַגעס“) און פֿראַגן אויף ’וויכטיקע פּראָבלעמען‘ („די לעבנס־פֿראַגן הײַנט צו טאָג“). אויב נוצן אַן איינאיינציקן רבים איז גלײַכער פֿראַגן, ווײַל ס׳איז צוגעפּאַסט צו אַ ל ע פֿאַלן, בשעת ווען פֿראַגעס קלינגט געקינצלט אַז עס האַנדלט זיך אין וויכטיקע ענינים („די גרונט־פֿראַגעס פֿון דער ייִדישער עקזיסטענץ“ קלינגט האַמעטנע און געצוואונגען).

בײַ די וואַקלענישן חסרונות ~ חסרונים און מקורות ~ מקורים זײַנען בילכער מקורות און חסרונות, נישט ווײַל זיי זײַנען „נעענטער צו העברעאיש“, נאָר ווײַל זיי זײַנען: מער ייִדיש, דערמיט וואָס זיי פּאַסן זיך אַרײַן מיט זייערע שוועסטער־ווערטער אין די שייכותדיקע פּאַראַדיגמעס אויף ייִדיש. אַז מ׳טוט אַ קוק אויף דער פּאַראַדיגמע (Cə)Cə́C(ə)C זעט מען, אַז אויף ייִדיש שאַפֿט זי דעם רבים נאָר און בלויז אויף ־ות: בזיון—בזיונות, חלום—חלומות, לשון—לשונות, מקום—מקומות, נסיון—נסיונות. דער רבים סופֿיקס איז ־ים אין אָטאָ דער ייִדישער פּאַראַדיגמע בלויז בײַ אַגענטיוון (מענטשן): גדול—גדולים, חסיד—חסידים, יתום—יתומים, קדוש—קדושים. פֿאַר דער ליטעראַרישער שפּראַך זײַנען דעריבער מער צוגעפּאַסט: חסרונות און מקורות. צו דער זעלביקער צײַט דאַרף מען אָבער אָנווײַזן אַז מקורים איז גלײַכבאַרעכטיקט און האָט אַ ברייטן פֿאַרשפּרייט אין אונדזער פֿאָרשונגס־ליטעראַטור. חסרונים איז אָבער אַן ענגער דיאַלעקטיזם וואָס כאַראַקטעריזירט הײַנט דעם אויסבויאיסטישן סטיל. בײַ דער

וואַקלעניש מקורות ~ מקורים האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אָן אַ צאָל אינפאָרמאַנטן ביי וועמען מקורים איז דער רבים פון מקור מיט אַ שווא (məkójr) בעת מקורות איז דער פלוראַל פון מקור מיט אַ קמץ (mókər).

## איינשטימונג אין דער צאָל

אין פאָרמעלן סטיל, ווערט אָפגעהיט די איינשטימונג אין דער צאָל: „ס׳איז געקומען אַ נייע גרופע״, אָבער: „עס זיינען צוגעקומען אַ סך מענטשן״. אינעם פאָלקס־לשון גילטן צוויי כללים וואָס שייך דער צאָל וואָס זיינען ד ו ח ה די מעכאַנישע איינשטימונג, דאָרטן וואו דער ווערב טרעפט זיך פאַרן סוביעקט. ערשטנס: דער פאַראַלגעמיינערטער יחיד — „ס׳איז געווען פראָבלעמען״; „ס׳איז געלאָפן הונדערט מענטשן״; „דאָרטן איז דאָ אַ סך פיינע זאַכן״. צווייטנס: דער פסיכאָלאָגישער רבים — „עס זיינען געפאָרן אַ גרופע יונגעלייט״, „ס׳האָבן גערעדט די אָנפירערשאַפט״.

די ביידע פאָלקס־כללים קענען אָנגעווענדט ווערן, בפרט אין דערציילערישן סטיל (זע צווייג 1928).

## אַקטיווע און פאַסיווע קאָנסטרוקציע

פון זינט דעם סאַמע אויפקום פון דער נייער ליטעראַרישער שפראַך אונדזערער זעט זיך די



קאָעקזיסטענץ — און צומאָל די קאָנקורענץ — צווישן דעם „אַקטיוון סטיל״, וואָס איז היסטאָריש גערעדט אַמנאַטירלעכסטן פאַר יידיש, און דעם „פאַסיוון סטיל״, וואָס איז אַריין אינאיינעם מיטן זשורנאַליסטישן און פובליציס־טישן סטיל, און שפעטער צו, אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור.

אין דער געשיכטע פון דער יידישער סטיליסטיק האָט דער ענין שוין אַ פאָר מאָל פאַרנומען דעם אויבנאָן. אין דער ערשטער ריי לייגט זיך אויפן זינען נחום שטיפס קאַמף קעגן דער רוסיפיצירנדיקער פאַסיווער קאָנסטרוקציע מיט פון, אין דער סאָוועטישער פרעסע אין די שפעטע צוואַנציקער יאָרן. דעם קאַמף האָט שטיף גענומען פירן באַלד נאָך זיין אימיגרירן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. די ערשטע „באָמבע״ איז געווען זיין אַרטיקל „פון״ אין ערשטן נומער די ייִדישע שפראַך (שטיף 1927א). אין צווייטן נומער האָט ער ווייטער געשטורעמט אין זיין „די פאַסיווע זאַץ קאָנסטרוקציע״ (שטיף 1927ב). ביי שטיפן האָט דאָס געהייסן אַז ער קעמפט קעגן דער „פאַפירענער שפראַך״. ביי זיינע קריטיקער האָט דאָס געהייסן, אַז שטיף האָט זיך נעבעך ניט באַפרייט פון זיין פריערדיקן „פאַשיזירטן יידישיזם״. גאָר אינטערעסאַנט זיינען די דעבאַטעס אַרום דער פראַגע אין דעם „רעוויזיע נומער״ אפן שפראכפראָנט אין 1932. ניט געקוקט אויף דער זעלבסט־קריטיק האָט זיך שטיף געהאַלטן ביי זיינס, און אַריינגעטראָגן בשעת מעשה אויך די פראַגע איבער יידישלעכע, טראַדיציאָנעלע ווערטער (וואָס פאָרען זיך בדרך כלל מיט אַקטיווע ווערבן), כנגד די מאָדערנע זשורנאַליסטישע ווערטער וואָס זיינען ווי פאַרזיווגט מיט דער פאַסיווער קאָנסטרוקציע.

> יאָ, צו מײַן שפּראַך האָט מען טענות! װען מ׳זאָל װעלן אָנשװילעך װײַזן, װאָס איז דאָס פֿאַראַ טענות, װאָלט מען דאָס געקענט זאָגן: פֿאַרװאָס װאָלט איך נישט געזאָגט דעם פֿריער־געשטריכלטן זאַץ אַזױ:
> קעגן מײַן שפּראַך װערט אַרױסגערוקט אַ גאַנצע רײ דערװידערונגען.
> איך מוז דאָ אָפֿן צוגעבן: יאָ, אַזױ איז דאָס איצט שטאַרק אָנגענומען צו שרײַבן; אַזױ האַלט מען פֿאַר „שענער“, „העכער“, „ליטעראַרישער“. איך גײ אָפּטמאָל אָפּ פֿון דער נאָרמע — איז ר ײ צ ט  ד אָ ס; פֿאַרשװאַרצט מען דאָס, װי אַזױ מ׳קען („יידישלעך“!); ס׳איז אַ קאַמף, אַזױ װי יעדער אַנדערער!
> װאָס איז אַזױנס די „נאָרמע“, — דאָס האָבן מיר שױן געזען. דאָס איז די „העכערע שפּראַך“, — דער פּאַסיװ, דער סובסטאַנטיװװירטער װערב, די פֿאָלגנדיקע סובאָרדינאַציע, און דאָס גלײַכן אַהער קומט נאָך צו די געשטאַמפּטע פֿראַזעאָלאָגיע, — די אַלע  ש אַ ב ל אָ נ ע ן, װאָס מ׳נוצט אָפּטמאָל אין דער אײליקער צײַטונג־אַרבעט. [...]
> פֿאַראַן אָבער בעלנים צו מאַכן פֿון נױט אַ טעאָריע („העכערע שפּראַך“), און זײ װאַרפֿן זיך דאָס איצט צו „באַװאָפֿענען“ מיט ביטול און מיט אַרגומענטן קעגן „פּראָסטאַקעס“. זײ פֿאַרזעען אָבער [...]

(שטיף 1932: 73-74)

נאָך זײַן טױט האָט מען שטיפֿס „פֿעלער“ װײַטער גענומען אַטאַקירן, דער עיקר אױף די שפּאַלטן פֿון אפֿנ שפּראַכפֿראָנט. לאָמיר דאָ לאָזן אָן אַ זײַט דעם גאַנצן הו־האַ אַרום די העברעאיזמען און שטיפֿס באַװײַזן זיך פֿאַר סאָװעטיש־געטרײַ דורך זײַן קאַמף קעגן דעם סעמיטישן קאָמפּאָנענט אין ײדיש (זע שטיף 1929; מ. װײַנרײַך 1931; ספּיװאַק 1935). װעגן דעם  פּ אַ ס י װ  איז די הױפּט



אָפּשאַצונג געװען סלוצקיס אַרבעט, „דער װעג פֿונעם חבר נ. שטיף צו באַפֿרײַען זיך פֿון זײַן ײדישיסטישער ירושה“ (סלוצקי 1935). אַ גאָר אינטערעסאַנטער מוסטער איז דאָס אַלץ פֿון פּאָליטישער אידעאָלאָגיע און פֿון דעם װי אַזױ אַ סינטאַקטישע פֿראַגע  א י ז  אין אַ געװיסער געזעלשאַפֿט און צײַט בפֿירוש געװאָרן אָנגעלאָדן מיט קולטורעלן און פּאָליטישן אינהאַלט. אַחוץ שטיפֿס טענות צום פּון, איז סלוצקיס אַרטיקל פֿול מיט (הײַנט קאָמישע) אַטאַקעס קעגן דעם „טעמפּל פֿון דער ײדישיסטישער קולטור, פֿאַר דער נעסט פֿון דער ײדישער פֿאַשיסטישער ׳װיסנשאַפֿט׳“ (ז. 70). דאָרטן שװימען אױף די פֿראַזן „אױסלאַנד פֿון די װײַנרײַכס“ (ז. 73), „די װײַנרײַכס און װי נאָך מע רופֿט זײ דאָרט“ (ז. 83). אפֿשר האָט מען געהאַט צו שטיפֿן מער װי אַלצדינג דאָס װאָס „די פּאָלעמיק מיט די ׳ייװאָ׳ טוער האָט בכלל זײער שטאַרק פֿאַרשפּעטיקט אינעם זשורנאַל די ײדישע שפּראַך“ (ז. 74). אױף אַן אַנדער אופֿן װערט געשטאַלטיקט זאַרעצקיס אָפּשאַצונג פֿון דער צײַטונג שפּראַך אין זײַן פֿאַר אַ פּראָלעטאַרישער שפּראַב (= זאַרעצקי 1931).

און װאו האַלט מען הײַנט מיטן פּאַסיװ? גענוצט מעסיקערהײט האָט ער זײַן בכבודיק אָרט אין יענע זשאַנרען (פּובליציסטיק, װיסנשאַפֿט) װאו אַ פֿאָלקסטימלעכער סטיל איז ניט תמיד צוגעפּאַסט. אין אַ קעפּל פֿון אַ דערצײלונג פּאַסט „מ׳רעדט זיך צונױף אין טערקײ“ בעת אין אַ קעפּל פֿון אַן אַרטיקל אין אַ צײַטונג פּאַסט  א ױ ך  „שלום אונטערהאַנדלונגען װערן צונױפֿגערופֿן אין טערקײ“.

## צונויפהעפטן

פון די טשיקאַווע קוריאָזן פון דער יידישער סטיליסטיק אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דער ענין צונויפגע־האָפטענע סובסטאַנטיוון. די פּוריסטישע און אויסבויאיס־טישע מהנות, וואָס קעמפן קעגן איינציקע ווערטער, וואָס זיי האַלטן פאַר „דייטשמעריש", האָבן זיך ווי איינגעליבט אין אַ ס ט י ל וואָס איז סאַמע דייטש, און וואָס ווייטער פון יידיש קען דאָס ניט געמאָלט זיין. דאָס איז די כּסדרדיקע פאַרפּלייצונג פון אַ טעקסט מיט צונויפהעפטן פון סובסטאַנטיוון. אין די אָנווייזונגען צו זיין ווערטערבוך, האָט א. וויינרייך אָנגעוויזן דעם באַנוצער, אַז „צונויפהעפטן קען מען בדרך כּלל שאַפן אַז מ'וויל נאָר" (א. וויינרייך 1968: xxix). גראַמאַטיש גערעדט איז דאָס ריכטיק. סטיליסטיש גערעדט איז דאָס אָבער אַ פעלער. דאָ גייט ניט אין י י ד י ש ע ווערטער וואָס אַנטוויקלען זיך ווייטער מיט אונדזער שפּראַך גאַנצערהייט (די „דייטשמעריזמען" אויסנאַם, געפאַר, רונד וכו'), נאָר וואָדען אין קאָנסטרוקציעס וואָס זעען אויס ווי מ'וואָלט זיי ערשט נעכטן אַריינגעשלעפּט פון דייטש, עלעהיי שפּראַכקולטור. אַזאַ געפיל ווערט פאַרשטאַרקט צוליב דער ייוואָ אָרטאָגראַפיע, וואָס פאָדערט שרייבן אינאיינעם אויב ניט מער ווי דריי טראַפן, ניט שייך צי דער צונויפהעפט איז עמעצן באַקאַנט צי ניט; ס'ווערט אויך פאַרשטאַרקט צוליב דער „קאָנפראָנטירונג מיט ענגליש" (זע אויבן, זז. 231-239). אָט איז אַ רשימה ביישפּילן פון צונויפהעפטן וואָס געפינען זיך אין וויינרייכס



ווערטערבוך און די אויסבויאיסטישע פּובליקאַציעס פון די לעצטע יאָרן. אין דער לינקער קאָלאָנע געפינען זיך די אַלטערנאַטיוון וואָס זיינען, לויט אונדזער איינזען, סטיליסטיש בעסער צוגעפּאַסט צו יידיש.

| געקינצלטע צונויפהעפטן | עקוויוואַלענטן |
|---|---|
| איינרעלס | איין־רעלסיקע באַן; באַן מיט איין רעלס |
| אָפּצאָלבריק | בריק וואו מ'דאַרף באַצאָלן |
| מוז־רייכערער | קאָמפּולסיווער \ אָבסעסיווער \ פאַר־ברענטער רייכערער |
| מענטשפּראָבלעמען | פּראָבלעמען פון דער מענטשהייט |
| פּוסטפּלאַץ | פּוסטער \ ליידיקער פּלאַץ |
| פּראָגראַמפּונקט | פּונקט אין דער פּראָגראַם |
| פּרעסעסטיל | סטיל פון דער פּרעסע |
| פאַרביישאָס | שאָס וואָס טרעפט ניט |

## דער איבעריקער פּראָנאָם

דער איבעריקער פּראָנאָם איז דער פּראָנאָם נאָך וואָס, וואָס הזרט איבער דאָס וואָס מ'ווייס פון פריערדיקן טייל פון זעלביקן זאַץ. אין דער ליטעראַרישער שפּראַך איז עס בעסער אויסצומיידן: „די פּראָפעסאָרשע וואָס האָט פאַראַיאָרן געשריבן דאָס בוך" (ניט: „וואָס זי האָט געשריבן..."); „דער מענטש וואָס איז געקומען" (ניט: „... וואָס ער איז געקומען").

# כלל־שפּראַך און דיאַלעקט אינעם ייִדיש שבכתב

## דיאַלעקטישע בייגעוודיקייט פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך

די מאָס טאָלעראַנץ צו וואַריאַציע מ ו ז זײַן אַ שיעור קלענער אין אַ געשריבענער ליטעראַרישער שפּראַך, איידער אין טאָגטעגלעכן באַנוץ שבעל־פּה. דער חילוק נעמט זיך ניט פֿון אַוועלכן ניט איז אַבסטראַקטן העכערן „אמת", נאָר פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאָדערונגען צו דעם וואָס רופֿט זיך איבער דער וועלט „ליטעראַרישע שפּראַך". די רעלאַטיווע אוניפֿיצירטקייט פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך שטעלט מיט זיך פֿאָר דעם בוי־חומר פֿון אַ וועלט שפּראַך און פֿון אַ וועלט ליטעראַטור. די ליטעראַרישע שפּראַך גיט דעם לייענער די מעגלעכקייט זיך צו קאָנצענטרירן אויפֿן סטיל און אויפֿן תוכן אָנשטאָט אויפֿן דיאַלעקט. זי גיט די מעגלעכקייט, אַז מענטשן אין די פֿאַרשידנסטע ערטער זאָלן הנאה האָבן פֿון אַ ווערק. זי גיט די מעגלעכקייט פֿון אַ גײַסטיקן אוניווערסאַליזם, וואָס שטײַגט איבער די ד' אמות פֿון אַוועלכן ניט איז איינאיינציקן אָרט.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז די ייִדישע ליטעראַרישע שפּראַך איז אַ האָמאָגענער, פֿאַרגליווערטער מאָנאָליט: זי

פאַרמאָגט אין זיך, פּונקט ווי אַלע ליטעראַרישע שפּראַכן איבער דער וועלט, אַ היפּש ביסל אינערלעכע וואַריאַציע. זי איז אַן אײדעלע סטרוקטור, וואָס שעפּט מער⸗ווייניקער אין גלייכע מאָסן פון אַלע אונדזערע מאָדערנע מזרח⸗אייראָפּעאישע ייִדישע דיאַלעקטן. אַ ליטעראַרישע שפּראַך איז ניט קיין שטאַבע אייזן וואָס בייגט זיך ניט. זי איז געגליכן צו אַ בוים, וואָס אַ געזונט ווינטעלע קען די קלענערע צווייגעלעך אַ וויג טאָן. זי טאָר אָבער אויך ניט זיין קיין אָפּגעשוואַכטער אַלטער בוים, וואָס איז שוין אין די יאָרן, און וואָס וואַרט אַז דער מאָרגנדיקער שטורעם זאָל אים אויף דר'ערד אַנידערלייגן.

די ליטעראַרישע שפּראַך גופא האָט אַ ריי גלייכבאַרעכטיקטע פאָרמען, וואָס גיבן די מעגלעכקייט — מעסיקערהייט און באַשיידן — זיך אויסצודריקן מיטן אייגענעם דיאַלעקט. אָט די בייגעוודיקייט, לפּחות וואָס שייך דער גרונט⸗פראַגע „צפונדיק" (ליטוויש) לגבי „דרומדיק" (פּויליש, אוקראַיניש — „ניט⸗ליטוויש"), ווייזט זיך אַרויס אינעם גלייכבאַרעכטיקטן סטאַטוס, למשל, פון די ווייטערדיקע פאָרמען:

| צפונדיק | דרומדיק |
| --- | --- |
| געבראַכט | געברענגט |
| געליען, געשריען | געליגן, געשריגן |
| זיינען, זייט | זענען, זענט |
| געבאָרן, געפראָרן, וכו' | געבוירן, געפרוירן, וכו' |
| ריידן | רעדן |



אין אַזעלכע פאַלן, איז מען פּונקט אַזוי „ליטעראַריש" נוצנדיק די צפונדיקע פאָרמען ווי די דרומדיקע. ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, אַז דער טעקסט גאַנצערהייט איז געשריבן אין ליטעראַרישן ייִדיש. אין אַ סך ייִדישע זשורנאַלן און זאַמלביכער בייטן די רעדאַקטאָרן און קאָרעקטאָרן אָט אַזעלכע פאָרמען אויטאָמאַטיש צוליב סטיליסטישער אויסגעהאַלטנקייט, לויטן רעדאַקטאָרס פּרעפערענץ (וואָס בויט זיך אַמאָפּטסטן אויף דער פראַגע צי שטאַמט ער אָדער זי פון צפון צי פון דרום). ביי אַנדערע איז דער גאַנג פאָדערן אויסגעהאַלטנקייט נאָר אין תחום פון אַוועלכער ניט איז איינאײנציקער אַרבעט, אַזוי אַז ס'קען גילטן, אַשטייגער, זיינען אין איין אַרבעט, זענען אין אַ צווייטער. ביי אַ סך רעדאַקטאָרן, וואָס זיינען אַפילו ניט עקסטרעם⸗פּאַטריאָטיש לגבי די וואַריאַנטן פון זייער היים דיאַלעקט, ווייזט זיך עס אַרויס, פּראַקטיש גערעדט, פאַר אַ געפערלעכער טירחא צו קאָנטראָלירן אַשטייגער, אַז אין איין אַרטיקל שטייט נאָר זיינען, אין אַ צווייטן נאָר זענען. פון דעם וואַקסן אָפּטמאָל די אוניפאָרמע פאָרמען אין פאַרשידענע זשורנאַלן און דאָס שאַט אויך ניט, ס'איז, דעסקריפּטיוו גערעדט, אַן אייגנשאַפט פון דער היינטיקער ייִדישער פּעריאָדיק.

עד כאן — דוגמאות פון די תחומען פון וואַריאַציע אין דער שפּראַך פון רעדאַקטאָרן און פון צייטונגען, עסייען, און פון דער פּובליציסטישער און וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. אין דער שיינער ליטעראַטור, דאַרף זיין — און ס'איז טאַקע פאַראַן — מער בייגעוודיקייט אין דער ריכטונג פונעם מחברס דיאַלעקט; ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, ווען דער מחבר ווי ל „בייגן" דאָס לשון בכדי אָפּצושפּיגלען די שפּרודלדיקע ספּאָנטאַנקייט און די איבערגעבערישע

עכטקייט פֿון דער שפּראַך. דעמאָלט קען דער מחבר „צושאַרן" זיין סטיל ווייטער אין דער ריכטונג פֿון זיין דיאַלעקט, און דאָך שרייבן אַ ליטעראַרישן יידיש, זאָל זיין אַ דיאַלעקטיש־ב אַ פּ אַ ר ב ט ן ליטעראַרישן יידיש. דאָס קען אַ שרייבער, וואָס רעדט פּויליש יידיש, פּועלן אַשטייגער מיטן בייגן זיך אויך פֿאַר פֿערזאָן: איך וואַרעם מיך, דו וואַרעמסט דיך, וכו' אָנשטאָט דעם ליטעראַרישן אוניווערסאַלן זיך. דער ליטוואַק, פֿאַרקערט, קען נוצן די ליטוויש־דיאַלעקטישע אוניפֿיצירטע אָביעקטיווע פּראָנאָמען, ניט שייך צי ס'איז אַקוזאַטיוו צי דאַטיוו: איך זע דיר \ איך זע איר; דו זעסט מיר, אָנשטאָט די ליטעראַרישע אַקוזאַטיוון (דיך, זי, מיך). אַזעלכע צושאַרענישן פֿון דער ליטעראַרישער שפּראַך טויגן דערווייל נאָר אין דער בעלעטריסטיק. אין אַן עסיי צי אין אַ וויסנשאַפֿטלעכן ווערק, טראָגן די זעלביקע איינגשאַפֿטן אַ פּנים פֿון עקסטרעמער דיאַלעקטיזירונג. איטלעכער זשאַנער האָט זיך זיינע אייגענע רגילותן אונטערן ברייטן, הויכן דאַך פֿון דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך.

## די גרענעצן פֿון דיאַלעקטישער באַפּאַרבונג

ס'איז אָבער דאָ אַ טעאָרעטישער פּונקט נאָך וועלכן מ'שרייבט שוין מער ניט קיין ליטעראַרישן יידיש, נאָר וואָס דען, אַ דיאַלעקט. איבער דער פֿראַגע, וואו גענוי געפֿינט זיך אָטאָ דער פּונקט, וועט מען זיך אַמפּערן (זע אַשטייגער די דעבאַטע צווישן קאַזשדאַן 1928: 49 און פּ. האַלפּערן 1928,



איבער די „ליטוויציזמען" אין פֿרידקינס אַן איבערזעצונג פֿון ערענבורגן). ביי אַלע אַמפּערנישן איבער אַזאַ און אַזאַ וואָרט דאַרף מען געדענקען, אַז דער עיקר איז דאָ ניט דאָס וואָרט, נאָר די פּראָפּאָרץ ווערטער, גראַמאַטישע פֿאָרמען, קאָנסטרוקציעס.

אין די לעצטע יאָרן זעט זיך אַ פּרואוו מצד די אויס־בויאיסטן, אונטערצוברעכן די יסודות פֿונעם ליטעראַרישן יידיש און אויפֿשטעלן נייע. מה־דאָך דער יסוד פֿון אַלע יסודות איז דאָך ביי זיי דאָס האַלטן איין אויג שטענדיק אין דייטשישן ווערטערבוך, באַקומט זיך, אַז וואו עס זיינען פֿאַראַן צוויי וואַריאַנטן אין יידיש, דאַרף מען „אַרויסשטופּן" דעם וואַריאַנט וואָס איז „נעענטער צו דייטש", אַפֿילו אויב ס'איז די א י י נ צ י ק ע אָנגענומענע פֿאָרמע אין ליטעראַרישן יידיש. און פֿאַרקערט, אַ דיאַלעקטיזם, וואָס די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך האָט ניט אָנגענומען, דאַרף מען „אַריינרוקן" צוליב דעם וואָס עס איז „ווייטער פֿון דייטש". אַז די שיטה איז אַ טעותדיקע (מאָטיווירט לויט אַ דרויסנדיקער שפּראַך — דייטש, ניט לויט דעם לשון וואָס איז שייך — יידיש), מוזן די רעזולטאַטן זיין: קרומע.

דער בעסטער סך־הכל פֿון דער אויסבויאיסטישער שיטה אין דעם פּרט איז צו געפֿינען אין שעכטערס לייטיש מאַמע־לשון (שעכטער 1986א). אָט איז אַ רשימה דיאַלעקטישע פֿאָרמען, דער עיקר דרומדיקע, וואָס ווערן רעקאָמענדירט אין שעכטערס בוך, און וואָס ווערן גענוצט אין די ניו־יאָרקער אויסבויאיסטישע זשורנאַלן. אין דער לינקער קאָלאָנע געפֿינען זיך די ליטעראַרישע עקוויוואַלענטן. די רשימה איז ווייט ניט קיין אויסשעפּיקע. זי איז נאָר אויסן צו אילוסטרירן דעם ענין.

| דיאַלעקטיש | ליטעראַריש |
|---|---|
| אַוועקקומען | פאַרשוואונדן ווערן, פאַרשווינדן |
| אילע, אילע מאָל, אילדינג | אַלע, אַלעמאָל, אַלצדינג |
| אַזאַן (פאַר וואָקאַלן) | אַזאַ |
| ביכל ('בוך') | בוך |
| בכּלל | בכלל |
| ברודערן־זון, ברודערן־טאָכטער | פּלימעניק, פּלימעניצע |
| ברונע, ברינע | ברונעם |
| גרעק, גרעקיש | גריך, גריכיש |
| וואָרן | וואָרעם, ווייל |
| ליטײַן, ליטײַניש | לאַטיין, לאַטײַן |
| מיגלעך | מעגלעך |
| מיין | מער |
| מימלען | מורמלען |
| עטעמען | אָטעמען |
| עלעף | עלף |
| פירהאַנג, פירלייענען וכו' | פאָרהאַנג, פאָרלייענען וכו' |
| פאַרמעג | פאַרמעגן |
| פאַרשמט | באַוואוסט, באַרימט |
| פיל ('וויפל') | וויפל, וויפיל |
| פינעף | פינף |
| פיפט | פינפט |
| פעדערשט | פאָדערשט |
| פעלן זיך | שטאַרבן, נפטר ווערן |
| פרײַ ('פריילעך') | פריילעך |
| פריינט ('קרוב') | קרוב, אַ משפחה, |



| | |
|---|---|
| צון (פאַר וואָקאַלן) | צו |
| צוועלעף | צוועלף |
| שוועסטערן־זון | פּלימעניק |
| שוועסטערן־טאָכטער | פּלימעניצע |
| שטאָטס | אָנשטאָט |
| שיל (צום דאַוונען) | שול |
| שער־בלעטל | שער־בלאַט |

צי טויגן די דיאַלעקטישע פאָרמען? אַוודאי און אַוודאי טויגן זיי. זיי זיינען אַזוי שיין און גוט ווי אַלע אַנדערע יידישע דיאַלעקטישע ווערטער, נאָר וואָדען, זייער באַנוץ איז סטיליסטיש באַגרענעצט צו די דיאַלעקטן אין וועלכע זיי געפינען זיך (דאָס איז חלילה ניט קיין פּחיתת הכבוד פאַר אַ וואָרט). דאַרפן די יידן וואָס שטאַמען פון געביטן וואו מ'האָט די ווערטער גענוצט, זיי אויפהיטן סיי ביים ריידן, סיי ביים איבערגעבן דעם לאָקאַלן דיאַלעקט בכתב. מעסיקערהייט קען אַ מחבר שרייבן אַ ליטעראַרישן יידיש און אַריינפירן עטלעכע פון די־אָ פאָרמען. דאָס בלייבט אין דער בחינה פון סטיליסטישע פּרטים ביי אַ מחבר. דאָס פאַר־פלייצן דאָס זייטל מיט דיאַלעקטיזמען קען דינען אויף איבערצוגעבן אַקוראַט איינעם פון אונדזערע דיאַלעקטן, אַשטייגער אין אַ בעלעטריסטישן ווערק, בעת אין ניט־בעלעטריסטישע זשאַנרען, צעשמעטערט דאָס אונדזער ליטעראַרישע שפּראַך אויף פּיץ־פּיצלעך. און ווען דער שרייבער ווענדט אָן דיאַלעקטיזמען פון פאַרשידענע דיאַלעקטן מחמת זיי זיינען ווייטער פון די ווערטער, וואָס ער געפינט אין אַ דייטשישן צי אַ העברעאישן ווערטערבוך, דעמאָלט באַקומט זיך אַ פּנים פון — חוזק. ניט ס'איז

ליטעראַריש, ניט ס׳איז אַ יידישער דיאַלעקט, ס׳איז מערניט אַ געקינצלטער צונויפֿפּלעכט פֿונעם אויסבויאיסט, וועמענס אויג איז שטענדיק פֿאַרגליווערט, אין דייטשישן ווערטערבוך.

„אַריינפֿירן” וועגענער מיט דיאַלעקטיזמען ביים לערנען יידיש מיט אָנהייבער, אין ווערטערביכער און טעקסטביכער פֿאַרן אַלגעמיינעם באַנוץ, אויפֿן חשבון פֿון אונדזער שווער=אויסגעבענקטער ליטעראַרישער שפּראַך? לא מיט אַן אלף. ווי האָט געזאָגט יודל מאַרק? ריידנדיק וועגן שטאָטס (׳אָנשטאָט׳), זגאַל (׳מין׳), אַ געמעיל (׳למשל׳), ליטעין, ענפּער, פֿאַרשמט (׳באַרימט׳): „זיי שטערן אין פֿאַרפֿעסטיקן אונדזער כלל=שפּראַך” (מאַרק 1966: 80).

שעכטערס שטעלונג איז די קלאַסיש=אויסבויאיסטישע, וואָס פֿירט אַלע פֿראַגן צו אַן איינאיינציקן פּונקט: ווייטקייט פֿון דייטש (און די אַנדערע קרובהשע לשונות). פֿון דער אויסבויאיסטישער גרונט=הנחה וואַקסט אויס דער אַקסיאָם:

> [...] אויב פֿון צוויי דערלאָזלעכע וואַריאַנטן איז איינער ספּעציפֿיש יידיש און דער אַנדערער געפֿינט זיך אויך אין דייטשיש (צי רוסיש צי אַנדערע לשונות), דאַרף די ספּעציפֿיש יידישע פֿאָרמע האָבן די בכורה [...]

(שעכטער 1986ב: ix)

די סטרוקטוראַליסטישע פּאָזיציע, נאַטירלעך, רעכנט זיך נאָר מיט דעם, וועלכע פֿון די פֿאַראַנענע ברירות געפֿינט מען אין דער ליטעראַטור שפּראַך, ניט מיט זייער אָפּשטאַם. און דאָ גיבן מיר איבער דאָס וואָרט אַברהם גאָלאָמבן:

> [...] עס איז ענלעך צום דייטשישן וואָרט מיט דעם זעלביקן באַטייט. נו, און פֿאָטער און מוטער, און טאַטע און מאַמע



> זיינען אויך סוף כל סוף פֿון אַ פֿרעמדן מקור, זיינען זיי דען טרייף עד היום? דאָס יידישע מויל האָט זיי שוין לאַנג לאַנג געכשרט. און אַז אנבי קומט גאָר פֿון מצריש, האָט גאָט ניט אָנגעהויבן די צען געבאָט מיט אים?

(גאָלאָמב 1967: 18)

דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן שעכטערס פֿיינע אַרבעט וועגן דעם אַמאָליקן „פֿאַרבאָרגענעם סטאַנדאַרד” (שעכטער 1969ב). אין ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט די ליטעראַרישע שפּראַך, אויסקלייבנדיק צווישן וואַריאַנטן וואָס זיינען אויף יידיש פֿאַראַן, אָפּטמאָל געקליבן דעם וואַריאַנט, וואָס איז געווען נעענטער מיטן ליטעראַרישן דייטש, אַשטייגער גענומען אָנשטאָט גענעמען. ביי טייל ווערטער האָט שעכטער זיכער רעכט היסטאָריש, נאָר ווי תמיד ביי היסטאָרישער לינגוויסטיק וואָס ווערט געפֿירט מיט נאָרמאַטיווע פּניות, פֿאַרזעט מען אַ צווייטן צד. די פֿראַגע דאַרף שטיין אָט אַזוי אָ: צי איז די אויסגעקליבענע פֿאָרמע, ניט קוקנדיק וואָס טוט זיך אויף דייטש, געווען די פּרעסטיזש פֿאָרמע אין יידיש גופֿא? אונדזער ליטעראַרישע שפּראַך האָט זיך אויסגעבויט פֿון אַ גאַנצער ריי מקורות און צינורות. האָבן מיר אַ ליטעראַרישע שפּראַך, דאַרף מען זי אויסהיטן ווי אַן אוצר און ניט גיין זי צעפּאַלמעסן מחמת טייל פֿון איר יחוס בריוו נעמט ביים פּוריסט ניט אויס. אָפּטמאָל איז דאָס פֿאַרלאָרן גיין פֿון אַ שיין פֿאָלקס=וואָרט ממש פֿאַרבונדן מיטן אויפֿקום פֿון ליטעראַרישן יידיש. פֿאַרפֿאַלן, נאָר אַזוי איז עס. ווי האָט ניגער געשריבן אין 1910?

> אויף יידיש פֿלעגט מען שרייבן און — דער עיקר — לייענען נאָר ביכלעך — מעשה=ביכלעך — ניט קיין ביכער.

(ניגער 1910: 58)

